י. ש. פרענאָוויץ

צווייטער באנד

# פון לעבען

ארויסגעגעבען פון
**י. ש. פרענאָוויץ יובילעאום קאָמיטעט**
צוזאַמענגעשטעלט פון אַלע אידישע צענטראַלע ארבייטער קערפערשאַפטען

פילאַדעלפיא, 15טען מאי, 1921



# אינהאלט:

# אין די שאָטענס פון דער נאַכט

אָפטמאָל האָב איך ליב די נאַכט — די שטילע, די רוהיגע די געהיימניספולע נאַכט. איך האָב איהר ליב, ווייל זי צושוי־דערט די מענשליכע פאַנטאַזיע, ווייל זי וויקעלט פאַנאַנדער די מענשליכע חלומות, און ווייל זי ברייננגט אַזוי בולט אַרוים אַ סך, אַ סך לעבענס־קלאַנגען, וועלכע דער טאָג דערשטיקט...

* * *

דער טאָג איז שעהן, דער טאָג איז רייך. די גאָלדענע שטראַהלען פון דער זון וואַרפען כוואַליעס פון לעבען און וויק־לען איין די וועלט אין אַ גאָלדענע ליכט. אָבער שעהן און אינ־טערעסאַנט איז אויך די נאַכט, איהרע שאָטענס זיינען פון גע־היימניסע געוועבט און זאַגאַר איהר שטילקייט רעגט אויף; איהר רוהיגקייט רייצט די נערוועןֿ... די פאַנטאַזיע רייסט זיך, שפּרייט פאַנאַנדער איהרע פליגלען, און זי יאָגט זיך איבער פעלדער און וועלדער, איבער בערג און טאָלען; זי וויל די געהיימניסע צו־פעדימען; זי וויל די סודות פון דער נאַכט פאַרנאַנדערפּלעכטען...

* * *

און ביי־נאַכט איז אויך דער הימעל אַנדערש ווי ביי־טאָג. מיט מיליאָנען און מיליאָנען שטערען איז ער אויסגעצירט, און מיר דוכט זיך, אַז אַפילו דאָרטען, אין הויכען דונקעלען הימעל, פיהלען די שטערען זיך גליקליך... ביי־טאָג פאַרדונקעלט זיי די גאָלדענע זון, און קיינער זעהט זיי ניט; קיינער בעמערקט זיי ניט; ביי־נאַכט אָבער — ביי־נאַכט, הויבען זיי אָן צו לעבען... ביי־נאַכט ווייזען זיי זייער גלאַנץ... זיי פינקלען, זיי גליהען. אמת, די וועלט פאַר וועלכע זיי פינקלען, פאַר וועלכע זיי שפּיגלען זיך, איז אַ דונקעלע, אַ פינסטערע, אָבער זיי פיהלען, אַז זיי לעבען און

דאָס לעבען איז זיס אפילו אין פינסטערע מינוטען... ס'ווילט זיך לעבען... כאָטש עטוואס עטוואס פון לעבען געניסען...

* * *

איך האָב ליב צו וואנדערען ביי־נאכט — אליין, אליין צו וואנדערען איבער די לאנגע, געהיימניספולע גאסען, און פון קיינעם ניט געשטערט צו ווערען. דער טאָג איז רוישיג, טומעלדיג, און אין זיין רויש און טומעל ווערט דער מענש פארלאָרען, און דער „איך" — אָטעמלאָז... ביי־נאכט אָבער, ווען אלעס איז שטיל און רוהיג, ווען אלעס שלאָפט און טרוימט, פיהלט מען דאן אליין מיט זיך, און מען קען זיך פארטראכטען, פארטיפען; באמערקען די אפּגעבראכענע שטיקלאך לעבען, דערהערען די קלאַנגען, מעלאָדיען, וועלכע דער טאָג דערשטיקט...

* * *

איך וואנדער איבער די גאסען. אלעס איז שטיל, רוהיג. פּלוצלונג דערהער איך טריט ניט ווייט פון מיר... איך קוק זיך ארום, אבער איך זעה קיינעם ניט, און מיין נייגעריגקייט צושפּילט זיך אין מיר: וועמעס טריט זיינען זיי? ווער וואנדערט עס אום אין די שפּעטע שטונדען פון דער נאכט? איז ער א גליקליכער, וועלכער האָט גענאָסען פרייד פון לעבען, און געהט עס שוין יעצט אהיים, אָדער איז ער אן אומגליקליכער, וועמען דער בייזער שיקזאל טרייבט ארום איבער די גאסען, און האָט ניט וואו דעם קאָפּ אנידערצולייגען? אָדער איז ער אפשר גאר איינער פון די, וועלכע לעבען פון דער נאכט?... איך הער ווידער טריט — לאנגזאמע, געהיימניספולע טריט, און ווידער פרעג איך זיך: ווער איז ער? ווארום וואנדערט ער ארום אזוי געהיימניספול? וואס זוכט ער אין די שווארצע שטונדען און וועמען וויל ער געפינען? איז ער גליקליך אָדער אומגליקליך? איז ער מענש אָדער אויסוואורף?... שטיל! זיינע טריט זיינען פארקלונגען געווארען...

* * *

פון צייט צו צייט דערהערט זיך א גרילץ פון א קאר, וועלכער רייסט זיך ארויס פון אונטער א ראָד. ביי־טאָג איז א גרילץ אַ

גאַנץ געוועהנליכער קלאַנג, ביי־נאַכט אָבער רופט ער ארויס מאָדנע געפיהלען; ער מאַכט נערוועז... ביי־נאַכט קלינגט ער עפּעס ווי א פארשטיקטער וועה־געשריי פון דעם אייזערנעם ראָד, וועלכער איז צו שטאַרק צוגעדריקט געוואָרען, ווען מען האָט איהם גע־דארפט איינהאַלטען פון זיין לויף... דוכט זיך ווי דער שטאַרקער דרוק וואָלט איהם, דעם אייזערנעם ראָד, ביי דער נשמה א דריק געגעבען, און ער האָט א וועה־געשריי ארויסגעלאָזען...

קיין קלאַנג ווערט ביי־נאַכט ניט פארלאָרען; אַלעס ווערט פון דעם אויער אויפגעכאַפּט און אַלעס רופט ארויס געדאַנקען און געפיהלען...

און פּלוצלונג דערהערט זיך דאָס בילען פון א הונט... א הונט בילט ניט פאַר אומזיסט; מסתמא טריט דערהערט... ווער איז דער וואַנדערער, וועלכער האָט איהם פון זיין רוה געשטערט? באַגריסט ער דאָס זיין בעל הבית, וועלכער האָט זיך אביסעל פאַר־שפּעטיגט אָדער גיט ער עס א סיגנאַל צו די שלאָפענדע, אז גע־פאַהר איז נאָהענט? ...

* * *

א קרעכץ האָט זיך פון א הויז ארויסגעטראָגען און איך בלייב שטעהן. אויף א הויכען פלאָר גלימצערט א ליכטעל, און אַלע ווייל געהען איהר שאָטענס פארביי... ביי־טאָג הערט מען קיין קרעכצען ניט, ביי־נאַכט אָבער... דער טאָג רוישט, טומעלט, און ער דערשטיקט א סך, א סך קרעכצען; א סך, א סך וועהען; די נאַכט אָבער דערשטיקט ניט קיין לעבענס־קלאַנגען — זי גיט זיי ארויס ווי זיי קומען פון הארצען, ווי זיי קלינגען ארויס פון דער נשמה...

ווער קרעכצט דאָרטען? איז עס דער קרעכץ פון איינעם, וועמעס נשמה עס האַלט זיך אין אויסלעשען, אָדער ווערט באַלד די וועלט מיט א לעבען רייכער ווערען? וועלען זיך באַלד הערען לויה־טענער, אָדער וועלען זיך באַלד הערען פריידען־קלאַנגען? ...

און באַלד דעהערט זיך א שטילער, פאַרשטיקטער, האַרצ־רייסענדער געוויין.

געוויין — ווי באַקאַנט איז מיר דיזער קלאַנג! איך האָב איהם

געהערט, ווען איך בין נאָך אַ קינד געווען, און איך האָב איהם געהערט ווען איך בין שוין גרויס געוואָרען; און איבעראַל, וואו איך בין געקומען, האָב איך ווײנען געהערט און טרערען געזעהן!

און דאָך, יעדעס מאָל, ווען איך הער אַ געוויין, גיט מיר אין האַרצען אַ דריק, ווייל געוויין איז דער אויסדרוק פון לײדען, פון שמערצען, און מאַכט ניט אויס ווער עס וויינט, און וועלכע אור־זאַכען עס ברײנגען די טרערען ארויס — מיר פיהלען מיט דעם דעם ווײנענדען, ווייל איהם טוט וועה, איהם וועהטאָגט די האַרץ...

פון דער ווייטען לויפט אַ דונקעלע פיגור... זי לויפט, זי יאָגט זיך, און אלע ווײלע גיט זי אַ מאַך מיט די הענט אויף אַ גע־היימניספולען אופן... איך הער ווערטער, אבער איך פאַרשטעה זיי ניט; זיי זיינען צובראָכענע ווערטער... זי קומט נעהענטער צו מיר, און איך הער זיפצען; איך פיהל, אז זי איז אַן אומגליק־ליכע. אָבער ווער איז זי? ווי רופט מען דעם אומגליק, וועלכער האָט איהר אין אַ פינסטערע שטונדע פון דער נאַכט, איבער די אימה'דיגע שטומע גאַסען, געמאַכט וואַנדערען?

און — אָט איז זי... זי איז נאָהענט נעבען מיר... זי איז איינגעוויקעלט אין אַ פאַטשיילע, און פאַר דעם שיין פון אַ לאַנ־טערנע האָב איך איהר בעסער באַמערקען געקאָנט. איהרע אויגען זיינען געווען רויט, און איהרע בליקען האָבען געציטערט.

„ראַטעוועט! האָט רחמנות!" — האָט זי זיך געבעטען — „האָט מיטלייד, האָט מיטלייד מיט מיר!"

און ווען זי האָט מיר איהר געשיכטע דערצעהלט, האָב איך דערזעהן פאַר מיר די קרוין פון דער נאַטור; דעם שטאָלץ פון אלע הימלען — אַ מאַמען האָב איך דערזעהן... די יונגע נשמה'לע פון איהר קינד האָט זיך געהאַלטען אין לעשען, און זי איז געלאָפען זוכען הילף פאַר איהר קינד... זי איז געלאָפען פון איין דאָקטאָר צום צווייטען, אָבער קיינעם האָט זי אין דער היים ניט געטראָפען.

און ווי אַ פאַרפאָלגטער גייסט איז זי אומגעלאָפען. דער שניי־דענדער ווינט האָט איהר ניט געקימערט, און דער שטאַרקער פראָסט האָט איהרע לייכטע קליידער ניט דורכגעדרונגען... קיין זאַך, קיין זאַך האָט זי ניט געפיהלט, נאָר איהר קינד — איהר קינד, וועמעס

לעבען עס האָט געהאַלטען אין אויסגעהן, האָט זי געזעהן פאַר זיך...
ווי דער טויט האָט איהם אין שטיקען געהאַלטען, האָט זי געזעהן...
זיינע בעטענדע בליקען האָבען איהר האַרץ געברענט, איהר נשמה געריסען...

און מיט פאַרבראָכענע הענט איז זי געלאָפען, און — „מיין קינד! מיין קינד!“ — האָט זי געשריען.

און די עכאָ האָט אָפּגעענטפערט: „מיין קינד! מיין קינד!“

# די וואנדלערין

מיר זיינען געווען א קאמפאניע פון פיר מענער. איינער פון אונז האט געדארפט נעהמען א קאר און מיר האבען זיך אפגעשטעלט ווארטען ביז די קאר וועט אנקומען.

עס איז געווען ארום א פערטעל נאך צוועלף ביינאכט. די נאכט איז געווען א זעהר קאלטע, אבער א ליכטיגע, און די עלעקט־רישע לאמפען האבען אלעס ארום נאך ליכטיגער געמאכט. א פראסטיגער ווינטעל האט זיך ארומגעדרעהט איבער די גאסען, און ער האט געשניטען די פנים׳ער פון די, וועלכע זיינען איהם אנטקעגענגעקומען, און זאגאר די יעניגע, וועלכע זיינען געשטאנען אויף אן ארט, האט ער אויך ניט צורוה געלאזט.

אלע ווײלע האט מען דערהערט דאס קלינגען פון די קאר־גלאקען, און דעם הייזעריגען גערויש פון די רעדער. ווייניג מענשען זיינען אבער אין די גאסען געגאנגען, און די געהענדע זיינען גע־ווען אין דער איילע; מען איז געגאנגען, זיך געאיילט אהיים, ווער פון אן אונטערהאלט, ווער פון טעאטער, און ווער פון ערגעץ אנדערש־וואו.

און אזוי שטעהענדיג האבען מיר פלוצלונג דערהערט א וויל־דען געלעכטער נעבען אונז. מיר האבען זיך ארומגעקוקט און פאר אונז איז געשטאנען א יונגע מיידעל. זי איז געווען לייכט גע־קליידעט, און — זי האט געהאלטען אין איין לאכען.

„זי מוז זיין א פראסטיטוטקע" — האט איינער פון אונז בא־מערקט געבענדיג א פארשענדען בליק אויף איהר.

און א שווערער זיפץ האט זיך פון מיין הארצען ארויסגעריסען קוקענדיג אויף איהר לאכענדיגען פנים. פלוצלונג איז זי צוגע־גאנגען צו איינעם פון אונז, וועלכער האט א דימענטענעם רינג

געטראָגען, און ארויפלעגענדיג א פינגער אויפ'ן רינג, האָט זי לאַכענדיג געזאָגט:

„אַ שעהנער רינג".

אויף א פראגע, אויף וועמען זי ווארט, האָט זי געזאָגט, אז זי ווארט אויף אַ באָי.

ווער איז דער באָי?

„גאָר ניט, א באָי", האָט זי געזאָגט ווי צו זיך, „אַ באָי ווי אַלע באָים".

און זי האָט אָנגעהויבען צ קוקען אין פארשידענע ריכטונגען. איהר קערפּער האָט זיך אָנגעהויבען צו טרייסלען פון קעלט. דאן האָט זי אָנגעהויבען אומצוטאנצען, אומצושפּרינגען, ווי זי וואָלט זיך געוואָלט דערוואַרימען. פּלוצלונג האָט זי לאַכענדיג אָנגעהויבען צו לויפען און איז פארשוואונדען געוואָרען. איינער פון אונזער קאָמפּאַניע האָט זיך אויסגעדריקט, אז לויט זיין מיינונג, איז זי ניט אין גאַנצען ביים זינען. ווייל אַ גאַסען-פרוי וואָלט אזוי זאָנדערבאַר ניט געהאַנדעלט. האָבען מיר באַשלאָסען צו געהן אין דער ריכטונג וואו זי איז אַוועק, אום צו זעהן וואָס מיט איהר האָט פּאַסירט. געהענדיג איז זי אונז אַנטקעגענגעקומען אין דער באַגלייטונג פון אַ מאַן, וועלכער האָט אויסגעקוקט צו זיין פרעמד צו איהר. דער מאַן האָט איהר ענדליך איבערגעלאָזען און זי איז ווידער צוגעקומען צו אונז.

„איהר זעהט, אָט בין איך ווידער דאָ", — האָט זי געזאָגט לאַכענדיג — „שוין צייט צו געהן אהיים... שוין שפּעט..."

איך האָב איהר געפרעגט וואו זי וואָהנט, און אויב זי ארבייט, און אויב זי האָט דאָ פריינד אָדער קרובים.

זי האָט גלייך ניט געענטפערט. ענדליך האָט זי געשטאַמעלט: „איך... איך וואָהן אין א הויז... נור, וואָס טויג אייך צו וויסען וואו איך וואָהן? איך האָב געארבייט; דאן האָב איך מיין דזשאָב פארלאָרען. איך האָב געלעבט מיט עטליכע דאָלאַר וואָס איך האָב געהאַט אפּגעשפּאָרט... זיינען די עטליכע דאָלאַר אויסגעגאַנגען... איהר ווייסט דאָך... איך האָב א פולע קרובים, אָבער דער בעסטער

קרוב איז דער דאלאר... אז מען האט קיין געלד ניט, האט מען קיין פריינד ניט. איהר ווייסט דאך... איז צרות".

און ווידער האט זי אויסגעשאסען א געלעכטער, און דיזער געלעכטער האט אויף אונז אלעמען א שוידער ארויפגעווארפען, ווייל דער געלעכטער איז געווען ווי פון א וואהנזיניגע. זי איז ווידער שטיל געבליבען. איהרע ליפען האבען זיך באוועגט און זי האט עפעס געמורמעלט אין דער שטיל. אבער וואס זי האט גע־זאגט, איז געווען שווער צו פארשטעהן.

ענדליך זיינען מיר צוגעקומען צו א קארנער, וואו עטליכע באקאנטע מענער און פרויען האבען געווארט אויף א קאר. די אונגליקליכע מיידעל איז געבליבען שטעהן מיט אונז, און ווי א סטאטוע איז זי געשטאנען אין דער צייט, ווען מיר האבען גע־רעדט. דעם קאפ האט זי געהאלטען ארונטערגעלאזען און איך וואלט שווערען, אז זי האט געוויינט... אלע האבען זיך אומגעקוקט אויף איהר, און אלע האבען געפיהלט אז א טראגעדיע שפילט זיך אפ אין הארצען פון דער היימלאזער יונגער מיידעל. ווי פון שלאף האט זי זיך פלוצלונג א כאפ געטאן, האט א שמייכעל געגעבען און האט אנגעהויבען צו לויפען מיט די הענד צושפרייט, און — זי איז ענדליך אריינגעפאלען אין א קאפע־הויז.

אונזער קאמפאניע האט זיך צוטיילט. יעדער איז זיך גע־גאנגען אדער געפאהרען אהיים.

* * *

אין די גאסען איז אלץ שטילער און שטילער געווארען. בלויז פון צייט צו צייט פלעגט מען דערהערען דעם גערויש פון אן אנ־קומענדער קאר אדער פון א שנעל־לויפענדען וואגען, וועלכער איז געווען אנגעלאדען מיט צייטונגען. פון צייט צו צייט פלעגט מען אויך זעהן אן איינציגען מענשען, אדער א פארעל, אומוואנ־דערענדיג. דער ווינד איז געווארען שטארקער, און די לופט איז געווארען קעלטער. איך בין געשטאנען און געווארט אויף א קאר, וועלכע זאל מיך נעהמען אהיים. אבער קיין קאר אין אזוי שנעל ניט געקומען, און אנשטאט צו ווארטען, האב איך ווייטער שפא־צירט ביז די קאר וועט אנקומען. מיינע געדאנקען זיינען געווען

באשעפטיגט מיט דער אונגליקליכער, היימלאָזער מיידעל. ווער איז זי? וואו זיינען די עלטערען, וועלכע האָבען איהר אמאָל אויף די הענד געטראָגען, און האָבען איהר „קינד" גערופען? זיי־נען זיי טויט אָדער לעבען זיי? אויב זיי לעבען, טאָ ווי אזוי לאָזען זיי זייער קינד אומוואנדערען איבער די גאסען אין אזעלכע שפּעטע שטונדען פון דער נאכט? קימערען זיי זיך ניט וועגען איהר? האָט זי גאָר ניט קיין פריינד אָדער קרובים, וועלכע זאָלען איהר ארויסראטעווען פון דעם זומפּ פון לעבען?

און אזוי זייענדיג פארטיפט אין דעם שווארצען שיקזאל פון דער היימלאָזער, האָב איך פּלוצלונג דערהערט א ווילדען געלעכטער. איך האָב זיך אומגעקוקט און — איך האָב איהר, דאָס יונגע מיידעל, ווידער דערזעהן. זי איז ווידער געלאָפען איבער דער גאס, האל־טענדיג איהרע הענד ווי זעגלען צושפּרייט, און מיך האָט א שוידער געטאָן.

ווער איז דיזע אונגליקליכע? איז זי א גאסענפרוי אָדער א וואהנזיניגע? אָדער איז זי ביידעס צוזאמען?

* * *

דער געלעכטער איז פארקלונגען געוואָרען, און די נאכט האָט ווייטער געשוויגען...

## צוויי קברים.

איך האָב איהם געטראָפען שטעהענדיג נעבען דעם גרויסען קבר פון בענדזשאמין פרענקלין, און איהם זעהענדיג, האָב איך שוין ווייטער ניט געקענט געהן. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט נע־בען איהם און האָב איהם אָנגעהויבען צו באטראכטען, אָבער אין גאנצען איהם זעהן האָב איך ניט געקענט, ווייל ער איז געוועזן איינגעבויגען, אָט ווי איינער בויגט זיך איין עפּעס אויפצוהויבען פון דער ערד און ווערט פּלוצלונג, אַזוי שטעהענדיג געבויגען, פאַרגליווערט. אויף איין האנט זיינע איז געהאנגען א בעסקעט, אין וועלכען עס האָבען זיך געפונען קלייניגקייטען צום פארקויף, און די אַנדער האַנט האָט ער געהאַלטען אביסעל פאַרלעגט אויפ׳ן רוקען, ווי ער וואָלט דערמיט געוואָלט אויסמיידען אַז זי זאָל זיך ניט שלעפּען אויף דער ערד.

ווען יעמאַנד פלעגט פאַרבייגעהן, פלעגט ער זיין קאָפּ עט־וואָס אויפהויבען אין דער הויך, און ער פלעגט אויף אַן אָנגע־שטרענגטער ווייזע דעם פאַרבייגעהער אָנקוקען. מיט זיין שוואכער שטימע פלעגט ער א מורמעל טאָן, און ווען דער פאַרבייגעהער פלעגט זיך נעבען איהם ניט אָפּשטעלען עפּעס קויפען, פלעגט ער דעם קאָפּ ווייטער ארונטערלאָזען, ביז וואנען א צווייטער פלעגט פאַר־בייגעהן, און דאַן, ווען ער פלעגט דעם קאָפּ ווידער אויפהויבען, האָב איך זיין פּנים געקענט באמערקען.

זיין פּנים איז געוועזן געל ווי וואקס, און זיינע באַקען זיינען געוועזן אַזוי דאַר, אַז עס האָט אויסגעקוקט אַז די הויט איז געוועזן צוגעקלעפּט צו זיינע באַקען־ביינער. זיינע אויגען זיינען געוועזן פייכט און רויט; די ליפּען פאַרטריקענט און די הויט האָט זיך

געשיילט פון זיי. דער שטערן צוקנייטשט און זיין האלז איז געווען ארומגעוויקעלט מיט א רויטער זאך, וועלכע איז, ווי עס האט געשיינט, אמאל געווען א פאטשיילע.

ווי אלט איז ער געווען? דאס איז זעהר שווער צו זאגען. מען האט זיך געקענט פארשטעלען, אז ער איז זיבעציג יאהר, און מען האט געקענט גלויבען, אז ער איז שוין מיט א פאר צעהנדליג יאהר עלטער, ווייל קיין לעבען האט ער מיט זיך ניט פארגעשטעלט. ער האט געמאכט דעם איינדרוק פון א בערגעלע אש, אין וועלכען א פונק טליעט נאך, און אז דער פונק קען צו יעדען מאמענט אויס־געהן.

יענער טאג, ווען איך האב איהם געזעהן, איז ניט געווען קיין זעהר קאלטער, און מיר האט זיך אויסגעדוכט, אז אין די אלטע צוריסענע קליידער אפילו, וועלכע ער האט געטראגען, האט איהם אויך ניט געדארפט קאלט זיין. ער פלעגט אבער אלע ווײלע א ציטער טאן, און פון צייט צו צייט פלעגט זיך פון זיין ברוסט ארויסרייסען א טרוקענער הוסט.

איך האב באטראכט דיזען אומגליקליכען. ווער איז ער? איז זיין נשמה אזוי זינדיג, אז מען האט איהר פון די הימלען ארויסגעטריבען, כדי זי זאל פאר איהרע זינד אפקומען אויף דער ערד? אדער, איז ער אן אומגליקליכער, וועלכער קומט אפ די זינד פאר אנדערע?

איך בין צוגעגאנגען צו איהם, האב עפעס ארויסגענומען פון זיין ארימען בעסקעט, איהם דערלאנגענדיג דערפאר א מטבע; ער האט זיין קאפ אויפגעהויבען, און ער האט מיט א קוים, קוים הער־בארע שטימע א זאג געטאן: „גאד בלעס יו, טשיילד, גאד בלעס יו...”

איך האב פרובירט מיט איהם ריידען, עפעס אויסגעפינען פון איהם, איהם פרעגען עפעס. אבער ער האט מיט דער האנד, וועלכע ער האט אין דיזען מאמענט פון זיין רוקען ארונטערגע־נומען, א מאך געטאן, זאגענדיג אין א פארטראכטער פאזע:

„טשיילד, א צו לאנגע געשיכטע”.

און פאַר מיינע אויגען זיינען ערשינען צוויי פאַרשיידענע קברים — דער טויטער קבר פון בענדזשאַמין פרענקלין, וועלכער לעבט, און דער לעבעדיגער קבר פון דעם אומגליקליכען, וועלכער איז טויט... דער טויטער קבר איז ארומגערינגעלט פון פרעמדע, און דער לעבעדינער קבר איז אפילו פארשטויסען פון אייגענע, אָבער קברים זיינען זיי ביידע, נאָר יעדער קבר האָט זיך זיין מזל...

# די ציגנער.

מען האָט געפיהרט פון פריזאָן סעלס ארעסטירטע און מען האָט זיי פארפאקט ווי הערינג אין א פאס, אין א וואָגען, וועלכער איז געווען אין גאנצען פארמאכט, וועלכער האָט אָבער געהאט א געוועב פון דראָט איבער זיין גאנצער אויבערשטער לענג, דורך וועלכען מען האָט געקענט דערקענען די פנים׳ער פון די וועלכע האָבען זיך אין איהם געפונען. ארום וואָגען זיינען געשטאַנען פי־לע מענער, און עטליכע יונגע פרויען. די מענער האָבען גערעדט הויך, און זיי האָבען זיך געוויצעלט איבער די ארעסטירטע; זיי האָבען געברויכט זעהר ציגישע אויסדריקע, און מאנכע מענער, צווישען זיי אויך עלטערע, האָבען זאגאר גערעדט צו די פרויען, וועלכע זיינען שוין געווען אינעווייניג, אין עקעלהאפטע שפראך. די פרויען האָבען ניט געענטפערט; אנשטאט אן ענטפער האָבען מאנכע פרויען ארויסגעשטעקט זייערע ציגנער... די מענער האָ־בען געלאכט הערצליך, און אויף דעם חשבון פון די פרויען האָבען זיי נאָך העסליכערע מעשה׳לאך דערצעהלט. די עטליכע פרויען אָבער, וועלכע זיינען לעבען וואגען געשטאַנען, זיינען געווען שטיל. זיי האָבען בלויז פון צייט צו צייט אין דער שטיל א וואָרט ארויס־געזאגט, אבער זיי האָבען זיך פארהאלטען אנשטענדיג. ענדליך איז דער וואָגען פול געוואָרען; מען האָט די טירלאך דורך וועל־כע מען האָט זיי אין וואגען אריינגענומען, פארמאכט, און דער וואגען איז אוועקגעפאָהרען. די מענער זיינען זיך צוגאנגען, און עס האָט אויסגעקוקט ווי די סצענע וואלט זיי העכסט אמו־זירט. די פרויען זיינען אויך אוועק רעדענדיג שטיל צווישען זיך.

* * *

אין די גאסען איז געווען פרעהליך. מענשען האָבען זיך גע־איילט, געיאגט; אטאמאבילס זיינען געפלויגען ווי די שדים און זיי האָבען מיט זייערע טרובעס אלעמען געווארענט אז זיי קומען כדי מען זאָל זיי דעם וועג אפּטרעטען; די גלאָקען פון די אנלויפענדע קארס האָבען געקענט טויב מאכען.

דער וואגען מיט די ארעסטירטע מענער און פרויען איז מיר אבער פון זין ניט ארויס. עס איז ניט געווען דאס ערשטע מאָל פאר מיר צו זעהן ווי אזוי מען פיהרט ארעסטירטע אין אזא וואגען, אבער — די צינגער! — דאָס האָט אויף מיר א שרעקליכען איינדרוק געמאכט. איך האָב געפיהלט אז די וועלכע האָבען די צינגער ארויסגעשטעקט, האָבען דערמיט אויסגעדריקט זייער שטארקסטען פּראָטעסט געגען זייערע באליידיגער; געגען דער גאנצער ציוויליזאציאָן אונזערער וועלכע האָט מעגליך געמאכט אז אזעלכע סצענעס זאָלען פּאָרקומען...

בין איך צוגעגאנגען צו א קליינעם פּארק וועלכער איז געווען ניט ווייט פון דעם פּלאץ וואו איך האָב זיך געפונען, און איך האָב זיך דארטען אוועקגעזעצט פּארטראכט. דארטען זיינען אויך געזעסען א סך אנדערע מענשען, און קליינע קינדערלאך האָבען ווי זומער פייגעלאך פון איין פּלאץ אויפ'ן צווייטען ארומגעטאנצט; זייערע שטימען האָבען די לופט פּארקלונגען און זיי האָבען ארויס געגרופען פרייד אין די הערצער פון אלעמען. ביי מיר אבער האָבען זיי עפּעס ווי טרויער געוועקט; זיי האָבען עפּעס ווי מיין נשמה געמאכט ציטערען.

* * *

אין פּארק האָב איך אויך געזעהן צובראכענע צווייגען. א בייזער שטורם האָט זיך אין דער פינסטערניס פון דער נאכט אין שטאָדט אריינגעריסען, און ער האָט געבושעוועט; דעכער גע־ריסען, שויבען צושמעטערט און צווייגען צובראכען און — אָט ליגען די אָפּגעבראכענע צווייגען און מען טרעט איבער זיי... דאכט זיך בלויז עטליכע שטונדען פון די בוימער אפּגעבראכען, און די יונגע בלעטלאך זיינען שוין פארוויאנעט און — באלד וועט מען זיי מסתמא אויפ'ן גאס פּארקעהרען אָדער אין רינשטאָק ארייג־

ווארפען... דעם זעלבען שיקזאל וועלען די צווייגען מסתמא אויך האָבען...

און איך האָב באטראכט די בוימער, און מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אז זיי זיינען אומעטיג; איך האָב געפיהלט, ווי זיי האָבען נשמות, און דיזע נשמות זייערע, קרעכצען, בלוטען פאר זייערע קינדער, פאר זייערע יונגע עופה׳לאך... פון צייט צו צייט פלעגען די בוימער זיך א בויג טאָן, און מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אז זיי האָבען געמאכט א פארזוך זיך צוצובויגען צו די איבערגעבראָכענע קינדער זייערע, און זיי האָבען זיי געוואלט דעם לעצטען קוש געבען...

* * *

שטורמס — עס זיינען דאָ פארשידענע שטורמס, און אלע שטורמס רייסען, צופען, ברעכען, און פארניכטען... אָט זיינען די קרבנות פון א שטורם... פאר דער צייט אפגעבראכען, אפגעריסען נאָך איידער זיי האָבען דעם גאנצען פריהלינג איבערגעלעבט... יענע וועלכע האָבען די ציגנער ארויסגעשטעקט, זיינען אויך קרבנות פון א שטורם — פון דעם שטורם פון לעבען, וועלכער רייסט, צופט, ברעכט און פארניכטעט... פילע פון יענע קרבנות האָבען פונקט ווי דיזע, נאָך דעם גאנצען פריהלינג ניט איבערגעלעבט... ניין, זיי האָבען נאָך גאָר קיין פריהלינג ניט געזעהן. די פריהלינגס שטראהלען האָבען זיי נאָך גאָר ניט געצערטעלט, זיי גאר ניט געווארעמט... זיי האָבען נאָך גאר ניט געפיהלט דעם דופט פון לעבענס פריהלינג, און — שוין אפגעפליקט, אפגעריסען...

* * *

די ציגנער — ווי שרעקליך זיי זיינען!

איך קוק זיך צו צו די אפגעבראכענע צווייגען, צו די פארוואַגעלטע יונגע בלעטלאך און — זיי רופען אין מיר טרויער ארויס.

איך קוק זיך איין אין די פרעהליכע פנימ׳ער פון די מוטערס, און מיין הארץ ווערט צובראכען.

איך הער זיך צו צו די פרעהליכע, הילכיגע געלעכטערס פון די קינדערלאך און איך פיהל אז מיין נשמה ווערט צוריסען.

און איך טראכט: שעהנע קינדערלאך, הערליכסטע לעבענס-

בלומען — איהר זייט פרעהליך, איהר זייט לוסטיג און אייערע הער־
צעלעך צאַפּלען זיך פון שמחה. איהר זייט גליקליך אליין און
איהר מאכט גליקליך אנדערע; אין דאָס הארץ פון דער מענשהייט
פלאַסטערט איהר גאָלדענע האָפענונגען; אין דער נשמה פון דער
מענשהייט וועבט איהר איין די רייכסטע פאַנטאַזיען, אבער...
אבער, איהר קינדערלאַך, פרעהליכע, גליקליכע קינדערלאַך, וויפיל
פון אייך וועלען אמאָל די צינגער ארויסשטעקען...

* * *

בייזע, שרעקליכע שטורמס!

# די שטיוועל פוצער

דריי קליינע אינגלאך זיינען מיר אנטקעגנען געלאפען און זיי האבען מיט זייערע פינגערלאך געוויזען אויף מיינע שיך און איי־נער דעם צווייטען האט געמאכט א פארזוך אוועקצושטויסען פון מיר. אט שטעהט שוין איין אינגעלע אויף די קניע און האלט פעסט מיינעם א פוס, און ער גיט אכטונג אז די אנדערע צוויי זאלען מיין צווייטע פוס ניט „אויסכאפען" פון איהם... דער צווייטער גיט זיך א ווארף אויף דעם אינגעלע, וועלכער איז געשטאנען אויף די קניע און געמאכט א פארזוך איהם אוועקצורייסען פון מיין פוס, אבער ער לאזט זיך ניט; ער האלט זיך אן פעסט, און דאס איז אלץ געטאן געווארען אזוי שנעל, אז איך האב אפילו קיין צייט ניט געהאט זיך אומצוקוקען אויף וואס פאר א וועלט איך בין... די אינגעלאך האבען זיך געקריגט און געריסען און זיי האבען זיך „נעמען" גערופען...

דאס זיינען געווען דריי אינגעלאך, וועמען דער בייזער מזל האט, נאך אין זייער קינדהייט, פאר שיך־פוצער געמאכט. ארי־מע קינדערלאך, וועמעס עלטערען עס זיינען ארימע ארבייטער מסתמא, אדער וועלכע זיינען יתומים׳לאך פארבליבען, זוכען עט־ליכע סענט צו פארדינען אויפ׳ן גאס דורך פוצען שיך... נאך גאר יונגינקע קינדערלאך געווען — דער עלטסטער פון זיי איז געווען ניט מעהר ווי ניין אדער צעהן יאהר; דער אינגסטער האט אויס־געקוקט צו זיין ארום זיבען יאהר. קליינע קעסטעלאך האבען זיי געהאט מיט זיך, וועלכע זיי האבען געטראגען אויף די שולטערען און אין וועלכע זיי האבען געהאט די בערשטלאך און די אנדערע זאכען וועלכע זיינען נויטיג פאר דיזער „פראפעסיאן"... ווען זיי זעהען איינעם געהענדיג, גיבען זיי גלייך א קוק אויף די שיך,

און ווען זיי באַמערקען אַז די שיך זיינען ניט אַזוי גלאַנציג, ווי זיי דיינקען אַז זיי דאַרפען זיין, לויפען זיי גלייך צו צו איהם און פּרעגען שנעל: „אַ שאַין?"... און איידער מען האָט נאָך צייט צו ענטפּערען, כאַפּען זיי אַ פוס און זיינען שוין פאַרטיג צו דער אַרבייט... מייסטענס לאָזט מען זיי מאַכען דעם „דזשאַב", ווייל ווער וויל דאָס אַנטזאַגען אַזעלכע עופה'לאַך צו געבען פאַרדינען עטליכע פּענים? הערשט אָבער אַ גרויסע קאָנקורענציע צווישען זיי; ווען עס קומט אָן איינער, וויל יעדער פון זיי איהם פאַר אַ קאָסטימער, און עס פאַנגען זיך אָן געשרייען; זיי הויבען זיך אָן צו קריגען, און אָפטמאָל זיך צו זידלען; זיי ווערען אָבער גוט־פּריינד שנעל, און זיי „אַרבייטען צוזאַמען"; זיי ריידען פריינד־ליך איינע צו די אַנדערע; דערצעהלען זיך מעשה'לעך און ערפאַה־רונגען, וועלכע זיי האָבען געהאַט מיט פאַרשידענע קאָסטימער; זיי העלפען איינע די אַנדערע איבערצעהלען די פאַר פּענים וועלכע זיי האָבען דורכ'ן טאָג געמאַכט, און זיי טרינקען אַמאָל צוזאַמען אַ פלעשעל סאָדאַ וואַסער, וועלכע אַלע קויפען פאַר דאָס געלט וואָס זיי „לייגען זיך צוזאַמען"...

טייערע אינגעלאַך זיינען זיי געוועזן. די אויגעלאַך האָבען גע־ברענט אין זיי, און טראָץ דעם וואָס זייערע פּנים'לאַך זיינען גע־ווען שטאַרק איינגעשמירט אין שוה־וואַקס, האָבען אָבער זייערע בעקעלאַך, פרישינקע, רויטינקע בעקעלאַך, אַרויסגעגלאַנצט דורך די איינגעשמירטקייט... ביי איינעם אויפ'ן שפּיץ נעזעל איז גע־ווען אַ שוואַרצער פלעק; ביי דעם צווייטען האָט דער שטערן זיך אויסגעצייכענט מיט בלאָטע, אָבער, עס האָט זיי אַלעם „גע־קליידט"; מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז די בלאָטע און די איינ־גערינכטקייט האָט זיי אַ סך חן צוגעגעבען... לעבעדיגע, ליבליכע אינגעלאַך זיינען זיי געוועזן...

ווען זיי זיינען אַלע דריי צוגעלאָפען צו מיר, און ווען זיי האָבען מיך געפרעגט אויב איך וויל „אַ שאַין", האָב איך שוין פאַרשטאַנען, אַז צי איך וויל צי איך וויל ניט — איך דאַרף ווע־לען... אָבער, אַלע דריי ווילען דעם „דזשאַב" און איינעם געבען און דעם צווייטען ניט האָב איך באַטראַכט פאַר אַן אומרעכט,

האָב איך זיי ערקלערט אז זאָלען אלע דריי דעם „דזשאָב" מא־כען... זיי האָבען זיך אפילו געקראַצט די פּאָטילניצעס וועגען דער פראגע ווי אזוי זיי וועלען זיך צוטיילען מיט די צוויי סענט וועלכע זיי האָבען פארלאַנגט פאר'ן „שאַין", אָבער איינער פון זיי, דער מיטעלסטער, האָט געמאכט מיר א פארשלאג, אז איך זאָל געבען דריי סענט פאר פוצען מיינע שיך, און דאָס זאגענדיג האָ־בען זיינע אויגעלאך געקוקט מיר אין די אויגען אזוי שטארק און מיט אזוי פיל רחמנות, אז איך האָב געפיהלט דעם קליינעם אינ־געלע צום הארצען צודריקען... שווארצע אויגעלאך געווען, ווי שווארצע קארשען האָבען זיי אויסגעקוקט... האָב איך זיי געזאגט אז עס וועט זיין „אָלל־רייט"... אלע האָבען זיך דאַן גענומען צו דער „ארבייט"; איינער האָט געפוצט א קנאָפּעל, דער אנדערער האָט געפוצט אנאנדער טייל פון שוך און דער דריטער האָט „פאר־טיג געמאכט" דעם צווייטען שוך... איך האָב זיי לאנג ניט גע־לאָזט ארבייטען, ווייל, מיינע שיך האָבען מיט א פּאָר שטונדען פריהער געקראגען א „פּוץ", אָבער געהט אנטזאגט אזעלכע קינ־דערלאך, וועלכע ווילען פארדינען עטליכע פּענים פיליכט פאר א קראנקער מאַמע, פיליכט פאר אָרימע ברידערלאך אָדער שוועס־טערלאך...

האָב איך ארויסגענומען דריי ניקעלס פון פאקעט און איך האָב יעדען צו ניקעל געגעבען. איהר האָט געדארפט זעהן זייערע אויגעלאך! זיי האָבען זיך אָנגעצונדען. זיי, די אינגעלאָך, זייי־נען אָנפאנגס געבליבען ווי פארגליווערטע; זיי האָבען אויף די ניקעלס געקוקט און זיי האָבען זייערע אייגענע אויגעלאך ניט גע־גלויבט... איך האָב זיי געזאגט „גוד באַי" און איך בין לאנגזאם אוועק פון זיי. געהענדיג האָב איך געהערט ווי איין אינגעלע האָט צו די אנדערע צוויי געזאגט:

„ער איז אַ טייערער אידעל!"

און ווען איך האָב זיך אין א מינוט שפּעטער אומגעקוקט, האָב איך באמערקט ווי די אינגעלאך האָבען איבערגעצעהלט די פארדינסטען זייערע...

# א העלדין פון דלות

אין א קליינע געסעל האב איך באמערקט שטעהענדיג אין טיר א אידישע פרוי. איך האב זי גראדע געקענט. זי האט מיך איינגעלאדען צו איהר אין הויז און געוויזען א ביכעל פון איג־שורענס, צו זעהן אויב אלעס איז ריכטיג איינגעשריבען פון קאַ־לעקטאַר. איך בין אריין אהין. אריבערטרעטענדיג די שוועל האט מיר באלד דער אָטעם פארכאפט. איך האב איינגעהאלטען דעם אָטעם ווי לאנג איך האב געקאָנט. איך האב עס אָבער געמוזט אויפגעבען און אריינציהען אין זיך דעם שרעקליכען גערוך. ווען איך בין אביסעל צו זיך געקומען, האב איך זיך גענומען ארומ־קוקען, וואו איך בין דאָ אין דער וועלט. און — מיר איז אריבער א שווידער איבער'ן לייב.

דאָס גאנצע הויז, אין וועלכע דיזע פאמיליע וואוינט, באשטעהט פון פיער רומס, צוויי דאון סטערז, איינע אויפ'ן צווייטען פלאָר און איין רום אויפ'ן דריטען פלאָר. די פראָנט רום איז פארדונגען צו א שווארצע פאָר פאָלק. די רום פון צווייטען פלאָר האלט אָן אן אלטער ניגער, וואָס מאכט א לעבען פון קלייבען רעגס און אָפט מאָל פון גנב'ענען קוילען פון די ריילראוד יארדס; אזוי האָט מיר די בעל הבית'טע דערצעהלט. די רום פון דריטען פלאָר און די רום פון דאון סטערז דינען: די ערשטע אלס א בעד־רום און אין די צווייטע פארברייננגט די פאמיליע אליין דעם גאנצען טאָג.

די אידישע פאמיליע וואס האלט דאָס הויז, באשטעהט פון זי־בען נפשות: מאן און פרוי און פינף קליינע קינדער. דער מאן ארבייט און פארדינט 6 דאָלאר א וואך. א קליינער, דארער, שוואַ־כער מענשעל איז ער. די פרוי, וועלכע האָט אָפט קינדער, איז

מעהר קראנק ווי געזונד, און ביי יעדען קינד האָבען מוז זי געהן אין האָספיטאל. אזוי ווי דער מאן מוז געהן צו דער ארבייט, גיט מען דאן די קלענסטע קינדער, פון וועלכע איינער איז א קאַליקע, אוועק אין א נוירסערי, וועהרענד די אנדערע קינדער בלייבען אונטער דער אויפזיכט פון די נעגערקע, וועלכע האַלט דעם פראָנט רום. זי קאָכט פאר זיי און גיט זיי עסען. און א מאָל לײדען די קינדער צו אביסעל הונגער.

ווען מען קוקט זיך ארום אין צימער, וואו דיזע אומגליקליכע פאמיליע וואָהנט און פארברייננגט איהר וועלט, ווערט דאָס הארץ צובראכען. אויפ׳ן פלאָר ליגען צושאָטען אשעס, קוילען, זאמד און שמוץ, פון די וועגט הענגען ארונטער שטיקלעך וואנד־פאפיר. פון די וועגט אליין שיט זיך זאמד ביי יעדען טריט וואס מען גיט. אויפ׳ן אויווען איז אָנגעשטעלט ניט קיין געוואשענע געשיר. מען וואשט עס, ווען מען געהט עסען... די שטוהלען און דער טיש ווערען באנוצט ניט נאָר צום זיצען און צום עסען, זאָנדערען אויף אנדערע זאכען אויך. אויפ׳ן טיש וויקעלט די מוטער די בייבי ווען אויפ׳ן פלאָר איז צו נאַס... און צוויי שטוהלען דינען שטענ־דיג פאר א בעטעלע צו לייגען די בייבי שלאָפען ביי טאָג. מען שטעלט צוזאמען צוויי שטוהלען אזוי אז עס זאָל אויסקוקען ווי א בעט. און אנשטאט זייטען ווענטלאך, דינען שטריקלעך... מען קלייבט צוזאמען אלטע קליידער, וואס עס איז שוין אוממעגליך צו טראגען, מען לעגט עס אריין אין „בעטעלע" און דאָרטען שלאָפט די בייבע ביי־טאָג.

עס טרעפט זיך אמאָל, אז ווען די מוטער קומט פון האָספי־טאל, קאָן זי אויף איהרע פיס ניט שטעהן, זי מוז אבער אטענדען צו די קינדער — אם וויינינגסטענס צום קריפעל, און צו די בייבי... שטעהן אויף די פיס, קאָן זי ניט, שלעפט זי אריין פון יארד אן אלטען, צוריסענעם, דורכגעווייקטען מאטראַץ, וואס ליגט שטענדיג אין דרויסען און לייגט זיך אויף איהם אוועק, האלטענדיג מיט איין האנד די בייבי ביי דער ברוסט, וועהרענד מיט דער צווייטער שא־קעלט זי דאָס „בעטעלע" אין וועלכע עס ליגט דער קריפעל.

איך האָב געפרעגט די פרוי אויב זי קריגט עפעס פון די טשא־

— וואס רעדט איהר! גאט איז מיט אייך — האט זי מיר גע־ענטפערט — וואס דארפען מיר טשאריטים? מיר זיינען ניט רייך, מיין מאן מאכט אבער, א דאנק גאט, א לעבען!

# אין און ארום פאַסט אַפּיס ביי נאַכט.

1.

אין פּאַסט אַפּיס, וואו איך האָב זיך דאַן געפונען, האָבען זיך טראָץ דער שפּעטער שטונדע, ארומגעדרעהט פאַרשידענע מענשען. און מאַנכע פון זיי זיינען געווען פון צווייפעלהאפטען כאַראַקטער. די לעצטע האָבען ארומגעשפּאַצירט איבער'ן ריזיגען קאָרידאָר, און זיי האָבען גערעדט אין דער שטיל. זיי האָבען זיך גע'סוד'עט, ווי זיי וואָלטען עפּעס מורא געהאַט, אז יעמאַנד זאָל ניט איבערכאַפּען זייערע ווערטער; זאָל זיך ניט באַקענען מיט זייערע געדאַנקען. פון צייט צו צייט פלעגען זיי וואַרפען בליקען פון דער זייט, אום צו זעהן, אויב יעמאַנד קוקט ניט אויף זיי, אָדער אויב יעמאַנד שפּירט זיי ניט נאָך.

איך בין געשטאַנען נעבען א שרייב־טיש אין קאָרידאָר, גראַדע אנטקעגען די „דזשענעראַל דעליווערי”, און איך האָב עפּעס גע־שריבען, אָדער בעסער געזאָגט: איך האָב עפּעס געוואָלט שרייבען, אָבער דאָס האָב איך ניט געקאָנט. די שטילע, געהיימניספולע גע־שפּרעכען פון די פאַרבייגעהענדע און די, וועלכע זיינען אַלע ווײַלע צוגעגאַנגען צו די „דזשענעראַל דעליווערי” פרעגען, אויב עס געפינען זיך דאָרטען בריף פאַר זיי, האָבען מיך אזש נערוועז געמאַכט..

און עס ליגט שוין אין דער מענשליכער נאַטור, צו וועלען סודות אנטדעקען; זיך צו באַקענען מיט אַלעס, וואָס עס איז געהיימ־ניספול, און די „דזשענעראַל דעליווערי” איז אין געהיימניסע איינ־געהילט... מענשען, וועלכע האָבען קיין אדרעסען ניט — היימ־לאָזע; מענשען, וועלכע האָבען מורא, אז מען זאָל זיך פון זייערע

היימען ניט דערוויסען; מענשען, וועלכע האָבען אורזאַכען צו גלויבען, אַז מען וועט זייערע בריף איבערכאַפּען, און אַז דאַן וואָלטען זייערע סודות אַנטדעקט געוואָרען, פּאַרלאַנגען, אַז מען זאָל זיי שרייבען בריף אויף די אַדרעסע פון דער „דזשענעראַל דעליווערי", אין פּאָסט אָפיס, און דאַן קומען זיי אַליין אַהין, און זיי נעמען אָפּ די בריף, וועלכע קומען אָן פאַר זיי. אַ מיידעל, וועלכע שפּילט אַ ליבע מיט אַ יונגען מאַן געגען דעם ווילען פון איהרע עלטערען, הייסט איהר געליבטען שרייבען בריף צו איהר אויף דער „דזשענעראַל דעליווערי" אַדרעסע, און דאַן נעמט זי עס אָפּ פון דאָרטען; אַ פרוי, וועלכע שפּילט אַ לינקע ליעבע מיט אַ פרעמדען מאַן, אָדער פאַרקערט, אַ מאַן שפּילט אַ לינקע ליבע מיט אַ פרעמדער פרוי, שרייבען זיך בריף איינע צו די אַנדערע דורך דער „דזשענעראַל דעליווערי" און די, וועמען זיי געהערען, וועמען זיי האָבען אַמאָל הייליגע ליבע און טרייהייט געשוואָרען, האָבען קיין געלעגענהייט ניט זיך צו דערוויסען דערפון... דורך די „דזשענעראַל דעליווערי" מאַכט מען „דעיטס"; דורך איהר גיסט מען אויס די הייסעסטע „ליעבעס" געפיהלען, און דורך איהר נאַרט מען אָפּ אַלעס און אַלעמען, און — קיינער ווייסט ניט דערפון...

און די, וועלכע נאַרען אָפּ זייערע פרויען און מענער, קאָנען שפּילען די ראָלע פון בכבוד'ע מענשען, פון מאָראַליסטען...

און די „דזשענעראַל דעליווערי" איז דער בית עולם פון אַ סך אַנדערע טרויעריגע, האַרצרייסענדע סודות. געפאַלענע פרויען — פּראָסטיטוטקעס, קריגען בריף אויף דיזער „אַדרעסע"... זיי האָבען שוין אָפּגעטרייסעלט פון זיך אונזער מאָראַל; זיי פיהלען שוין ניט מעהר קיין שאַנד — און מיט זייערע בליקען דערצעהלען זיי עפענטליך, ווער זיי זיינען... אָבער אין זייערע הערצער וואַלגערען זיך נאָך ארום געפיהלען פון אַכטונג צו זייערע עלטערען, שוועסטער און ברידער, און אַזוי באַקאַנטע; זיי האָבען נאָך ליעבע פאַר זיי, און זיי ווילען ניט, אַז זיי, זייערע ליעבע און טייערע, זאָלען זיך דערוויסען פון דעם טראַגישען לעבען זייערען; פון דעם זומפּ, אין וועלכען זיי געפינען זיך... גיבען זיי אָן די „דזשענעראַל דעליווערי" אַלס זייער אַדרעסע און — אויף דיזער אַדרעסע קריגען זיי בריף

פון די, וועלכע ליעבען זיי אמת און הארציג; וועלכע ווייסען ניט פון זייער שרעקליכען לעבענס־סוד...

איך בין אַלזאָ געשטאַנען לעבען שרייב־טיש, און האָב געמאַכט א פּארזוך צו שרייבען, אָבער שרייבען האָב איך ניט געקאָנט; איך בין צו נערוועז געווען; אין מיין קאָפּ האָבען זיך אָנגע־הויבען צו וועבען פארשידענע טרויעריגע געדאנקען, און מיין הארץ איז אָנגעפּילט געוואָרען מיט געפיהלען פון שמערץ. פּאר מיינע גייסטיגע אויגען האָבען אָנגעהויבען צו שוועבען בילדער פון אמאָל...

איך האָב דערזעהן די וויגעלאך, אין וועלכע דיזע יעצט אומגליקליכע, אָבער אמאָל גליקליכע קינדער, זיינען געלעגען, און ווי גוטע מלאָכים זיינען זייערע מוטערס איבער זיי געשטאַנען און האָבען זיי מיט זיסע געזאַנגען געוויגט און פארשלעפערט... אין מיינע אויערען האָבען יענע ליעדער אָנגעהויבען צו קלינגען... די ליעדער פון מאַמעס, וועלכע ווערען איינגעוועבט אין די נשמות פון זייערע קינדער, און וועלכע האלטען זייערע נשמות פעסט צוזאַמען, ווען די שטורמס פון לעבען ווילען זיי אין שטיקער צורייסען.

אָט זיינען זיי, די אמאָל גליקליכע, אָבער יעצט אומגליקליכע, קינדער, און מיר ווילט זיך זיי א פרעג טאָן, אויב זיי געדענקען נאָך זייערע וויגעלאך; אויב זיי הערען נאָך אמאָל די לידער פון זייערע מאַמעס; אויב אין זייערע אויערען קלינגען נאָך אמאָל אָפּ די קושען פון זייערע מוטערס... זייערע באַקען זיינען געפּארבט, און דאָס טוט מיר וועה; דאָרטען, וואו א מאַמע האָט אמאָל געקושט, איז הייליג, און מען טאָר עס ניט מיט פּארב באַדעקען... די אויגען, אין וועלכע א מאַמע האָט מיט אזוי פיל ליעבע ארייננעבליקט, טאָרען ניט ווינקען פרעך... דער קאָפּ, וועלכע א מאַמע האָט אמאָל געגלעט, טאָר קיין אומריינע געדאַנקען ניט האָבען...

* * *

צום שרייבטיש, וואו איך בין געשטאַנען, זיינען צוגעגאַנגען: א יונגע מיידעל, פון אומגעפער זיבעצעהן אָדער אכטצעהן יאָהר, און א יונגער מאַן. די מיידעל האָט אקאָרשט געקראָגען א בריף. זי האָט דעם בריף געקראָגען פון דער „דזשענעראַל דעליווערי" און זי האָט איהם אָנגעהויבען לעזען שטיל. דער יונגער מאַן האָט זיך

צוגעהערט, אָבער מיט ווייניג אינטערעס. פון צייט צו צייט האָט זי איבערגעשלאָגען איהר לעזען, און זי האָט עפּעס גערעדט צו איהר באַגלייטער. דער לעצטער האָט איהר געענטפערט, עפּעס אַזוי ווי ניט ווילענדיג, און דאָס האָט איהר פאַרדראָסען; זי האָט זיך מיט אַ פּרעכען וואָרט אויסגעדריקט געגען איהם און ער האָט עס ניט געוואָלט ליידען; ער האָט איהר געענטפערט מיט כעס:

„מיר קימערט עס ניט" — האָט ער געזאָגט צו איהר. די שטימונג צווישען זיי ביידען האָט זיך אָבער באַלד געענדערט; זיי זיינען ווידער געוואָרען פריינדליך.

„ביי וואָס, דענקסטו, זאָל איך דער מאַמען שרייבען, אַז איך ארבייט?" — האָט זי איהר באַגלייטער געפרעגט.

ער האָט געגעבען אַ קוועטש מיט די פּלייצעס.

„מען דאַרף עפּעס אויסקלערען" — האָט ער באַמערקט.

„איך וועל איהר שרייבען, אַז איך ארבייט אין אַ רעסטאָראַנט" — האָט זי געזאָגט צו איהם — „דענקסטו, אַז עס איז גוט, אַז איך זאָל אַזוי שרייבען?"

„שרייב אַזוי" — האָט ער צוגעשטימט.

דאָס מיידעל האָט אָנגעהויבען צו שרייבען, אין אַ פאַרטראַכטער פּאָזע. עס האָט אויסגעקוקט, ווי זי וואָלט געמאָסטען און געוואויגען יעדעס וואָרט. איהר באַגלייטער איז אָבער געוואָרען אַ ביסעל אומרוהיג, און ער האָט איהר געהייסען שרייבען שנעלער. זי האָט זיך אָבער ניט געאיילט, זי האָט געשריבען לאַנגזאַם.

„איך שרייב דער מאַמען, אַז איך שיק איהר צעהן דאָלאַר, און אַז איך וועל איהר אַזוי פיל שיקען אַלע מאָנאַט" — האָט זי איהם ערקלערט.

דאָס דערהערענדיג איז ער געוואָרען זעהר אין כעס; ער איז געוואָרען נערוועז.

„וואָס איז?" — האָט זי איהם געפרעגט — „וואָס ביסטו אַזוי אויפגערעגט געוואָרען?"

„מען דאַרף איהר איצטער קיין געלט ניט שיקען!" — האָט ער געזאָגט צו איהר מיט אַ פעסטען טאָן.

זי האָט זיך אָבער געהאַלטען ביי דאָס איהריגע. איז ער נאָך

מעהר אין כעם געוואָרען. א שטילער קריג האָט צווישעןביידען אויפגעבראָכען. ענדליך האָט ער זיך נעהענטער צוגערוקט צו איהר, און ער האָט אין דער שטיל, אָבער מיט שרעקליכע אויפרעגונג, איהר מיט א שוידערליכען נאָמען גערופען.

„פּראָסטיטוטקע!" — האָט ער געזאָגט צו איהר — „איך וועל זיך מיט דיר אָפּרעכענען".

און דאָס זאָגענדיג, איז ער ארויסגעלאָפען א צוקאָכטער.

דאָס מיידעל איז געבליבען שטעהן, ווי א צומישטע. איהרע, מיט פּוידער באַפּאַרבטע באַקען, זיינען רויט געוואָרען; איהרע אויגען האָבען אָנגעהויבען בליצען, און איהר גאַנצער קערפּער האָט אָנגעהויבען צו ציטערען. א ווײַלע איז זי געשטאַנען, איהר קאָפּ האַלטענדיג אָנגעשפּאַרט אָן איהרע אײַלענבויגענס, דאַן האָט זי זיך ווי פון שלאָף אויפגעכאַפּט, און זי איז שנעל ארויסגעלאָפען ווי א צומישטע. זי איז אָבער באַלד צוריק אריינגעלאָפען, האָט צוזאַמענגענומען איהרע פּייפּערס, און זי איז ווידער אוועק.

נאָכדעם ווי זי איז צום ערשטען מאָל ארויסגעלאָפען, האָב איך באַמערקט אויף דעם קאָנווערט פון בריף, וועלכען איהר מוטער האָט איהר געשריבען, איהר מוטערס אדרעס, און ער איז מיר איינגעקריצט געוואָרען אין מיינע געדאַנקען... אָט האָב איך איהר מוטערס אדרעס; אָט קאָן איך איהר שרייבען וועגען דעם שרעקליכען זומפּ אין וועלכען איהר קינד געפינט זיך... זאָל איך עס טאָן? זאָל איך איהר דערצעהלען דעם שרעקליכען סוד?

פאַרשידענע געדאַנקען האָבען זיך אין מיין קאָפּ אָנגעהויבען צו פּלאָנטערען. זאָל איך איהר שרייבען, אַז זי זאָל קומען איהר קינד ראַטעווען, אָדער ניט? איהר מוטער איז גליקליך מיט דעם געדאַנק, אַז איהר קינד ארבייט; אַז זי פאַרדינט איהר געלט אויף אַן עהרליכען אופן; אַז זי פיהרט זיך אויף אַנשטענדיג... דערצעהלען איהר דעם סוד, וועט איהר הארץ צובראָכען ווערען, וועט זיך א טראַגעדיע אין איהר נשמה אפּשפּילען, און ווער ווייסט אויב זי, די מוטער, וועט איהר קינד פון זומפּ ארויסראַטעווען; זאָל איך איהר לאָזען מיט איהר גליקליכען געדאַנק, אַז איהר קינד

פיהרט זיך אויף גוט, אָדער זאָל איך איהר הארץ און נשמה צו־רייסען?

דער זייגער האָט שוין געשלאָגען דריי. אין קאָרידאָר זיינען נאָך אַלץ מענשען ארומגעגאנגען און זיי האָבען זיך גע'סוד'עט; האָבען גערעדט שטיל, מורא האָבענדיג פאר א פרעמדען אויער. אלע ווײַלע האָט זיך אנאנדער פיגור אוועקגעשטעלט נעבען דער „דזשענעראַל דעליוועריײ"; מען האָט בריף געקראָגען און — מען האָט זיי עפּעם געהיימניספול געלעזען; מאנכע האָבען געשמייכעלט לעזענדיג זיי און מאנכע האָבען זיך טיף פארטראַכט, און — האָבען ענדליך די בריף אין שטיקער צוריסען און די שטיקלאך אוועקגעווארפען.

און אין מיין קאָפּ האָט זיך געפּלאָנטערט די פראגע: דער־שטיקען, אָדער א מאמען דערצעהלען דעם שרעקליכען סוד פון איהר קינד?

2.

דער לאנגער און ברייטער קאָרידאָר איז געווען ליידיגלאך, אָבער אומעטיג איז דאָרטען ניט געווען. די עלעקטרישע לייכ־טער, וועלכע הענגען אין מיטען סילינג פון דער גאנצער לענג פון קאָרידאָר, האָבען געווארפען זייער ליכט איבעראַל. פון צייט צו צייט פלעגט צוקומען א מאן אָדער פרוי צו א שרייב טיש און זיי פלעגען עפּעס שרייבען אדער זיך דערצעהלען געהיימניסע, אנ־שפּארענדיג זייערע ארעמס אן דעם „טיש". אמאָל האָט אן עלענדער וואנדערער, וועלכער האָט מסתמא קיין היים ניט גע־האט וואו צו שלאָפען, גאָר געכאפּט א דרעמעל און ער האָט געטרוימט, ביז א טשינאָווניקעל פון פּאָסט אָפּיס האָט איהם באמערקט...

איך בין געשטאנען ביי א שרייב־טיש און האָב געטראַכט. איז צוגעגאנגען צו מיר אן אומגעפעהר פינף און דרייסיג יאָהריגע „ליידי", וועלכע האָט קוים געקענט שטעהן גלייך, אָבער גערעדט האָט זי מעשה מענש. זי האָט מיך אָן דער זייט א פרעג

געטאָן, אויב איך וואָלט וועלען שרייבען א בריף צו איהרען א פריינד?

ווייל, האָט זי מיר געזאָגט, דער בריף וועלכען אן אנדערער האָט געשריבען פאר איהר צו איהר קאָזין איז, לויט איהר מיי־נונג, ניט גלאַטלעך.

אין דעם נעקסטען מאָמענט איז שוין דער ענוועלאָפּ געלעג־גען נעבען מיר מיט דעם „פּנים" ארויף. זי האָט מיך א פרעג געטאָן אויב איך קען לעזען דעם אדרעס אויפ'ן ענוועלאָפּ. איך האָב געמאַכט א פּארזוך, אָבער דאָס איז מיר ניט געלונגען.

„מסתמא וועט ער דעם בריף אויך ניט קענען לעזען — האָט זי געזאָגט צו זיך אליין. האָט אָבער געמיינט מיך — ער איז געווען שיכור, דער מרעמפּ. איך האָב איהם אין דער ערד... אז מען הויבט זיך אָן מיט אזעלכע באָמס איז ניט גוט... אָט האָב איך זיך ערשט היינט באַקענט מיט איהם, און ער האָט מיר שוין צוגראבעלט דעם פּנים... ער איז א באָם.

מיר האָט אָנגעהויבען צו ווערען ענגלאַך אין הארצען.

„סעי, מיסטער — האָט זי געזאגט — ווילסט מיר שרייבען א בריף?

וועלענדיג פון איהר פּטור ווערען, האָב איך איהר געזאגט, אז איך האָב קיין צייט ניט, און איך האָב אָנגעהויבען צו שריי־בען. איהרע אויגען האָבען באמערקט מיין שריפט, און זי האָט זיך צולאַכט ווי א משוגענע.

„סעי, וואַטס יו ראַיטען דהער?... דו שרייבסט גאָר אויף צוריק? וואס איז דאָס פאר א לשון, הע?"

און לאַכענדיג האָט זי זיך געדרעהט אין דרייען, אזוי אז זי איז שיער אומגעפאלען...

דאָס שפּיל איז געווען פאר'ן טייוועל, און איך האָב איהר גע־לאָזט וויסען וועגען דעם.

„סעי, — שרייבט מיר אָן דעם בריף — האָט זי מיך ווידער אָנגעהויבען צו מוטשען. אָבער שרייב לאַיק אָן אמעריקען מען... ניט פיל דארף איך שרייבען, בלויז א פּאָר ווערטער".

פרעג איך איהר וואס זי וויל זאָגען און צו וועמען זי וויל עס שרייבען...

האָט זי פּלוצלונג אָנגעהויבען צו גענעצען און דער נאָמען „דזשאָן דיקסי" איז איהר געבליבען שטעקען אין דער אָפענער מויל. ענדליך האָט זי אָנגעהויבען מיר צו דיקטירען:

„דיער דזשאָן דיקסי... דו ווייסט, אז איך בין אן עהרליכע מיידעל... אויב דו ווילסט אז איך זאָל קומען זיין דיין הויז־קיפּערין טאָ שיק מיר עטליכע דאָלאַר."

„סעי — האָט זי איבערגעשלאָגען איהר „דיקטירעריי", און האָט זיך געווענדעט צו מיר:

„דו ווייסט ווער „דיקסי" איז? ער איז א באָם... ער האָט אמאָל אוועקגע'גנב'עט מיין טראָנק מיט מיינע זאכען און איז אנטלאָפען מיט אן אנדער מיידעל... האָב איך איהר פּנים אפּ־געגאסען מיט קארבאָליק עסיד, ווען איך האָב זיך דערוואוסט וואו זי געפינט זיך... דערנאָך האָט איהר „דיקסי" אוועקגעוואָרפען, און זי איז איצטער א באָמערקע; זי שלעפּט זיך ארום טויט־שיכור אין די גאסען... זי איז אויף איין אויג געוואָרען בלינד און זי זעהט ניט וואוהין צו געהן. אז איך דערזעה איהר אמאָל, טוט מיר וועה דאָס הארץ אויף איהר. איך דענק, אז זי איז געוואָרען בלינד אויף אן אויג פון די קארבאָליק עסיד... נאָר האָב איהר א שווארץ יאָהר... פארוואס איז זי מיט „דיקסי'ן" אנטלאָפען? גוט אויף איהר!... מיט מיר טאָר מען זיך ניט פארטשעפּען; איך קען מאַכען א בלויע אויג אויך ווען מען דארף... אי עם ע פּיין קיד, אָלל רייט..."

איצטער זאָג מיר וואס דו האָסט געשריבען צו דזשאָנ'ען... דו האָסט שוין געשריבען „דיער דזשאָן דיקסי"?

פּלוצלונג איז אריינגעקומען א בלאסער יונגער מאן אין פּאסט אָפיס, וועלכער האָט אויסגעקוקט צו זיין א קרבן פון אָפּיום, אָדער פון אן אנדער געפעהרליכער דראָג. זייערעביידענס בליקען האָ־בען זיך באגעגענט, און —

„סעי, מען" — האָט זי שנעל א זאָג געטאָן צו מיר — „סטאָפּ שרייבען"... „דיקסי איז א באָם"... „אז ער האָט געקענט אנט־

לויפען מיט דער בלינדער צווייג דאַרף איך איהם ניט... טו העל וויטה הים"...

אוןביידע, דער בלאַסער יונגערמאַן און זי, האָבען „גע־ אַרעמט" דעם פּאַסט אָפּיס פאַרלאָזען.

3

ווען מען געהט אַמאָל פאַרביי דעם פּאַסט אָפּיס ביינאַכט אין די זומער מאָנאַטען זעהט מען אַ פּאָר צעהנדליג מענשען — היימ־ לאָזע מענשען זיצענדיג נעבען דעם בילדינג. אַמאָל זיצען זיי לע־ זענדיג אַ צייטונג אונטער די שטראַהלען פון די עלעקטרישע לאָמ־ פּען; אַמאָל זיצען זיי און רעדען, דערצעהלען זיך מעשה'לעך, אָדער כאַפּען גאָר אַ דרעמעל זיצענדיג אָדער — ליגענדיג אויפ'ן סיידוואָק. אָט אַזוי לעבען זיי דורך די זומער־נעכט. בייטאָג צולאָזען זיי זיך איבער די גאַסען, און אַזוי לעבען זיי זיך.

איך האָב געדאַרפט וואַרטען אויף אַ נאַכט קאַר. האָב איך זיך אַוועקגעזעצט אויף די זעלבע שטיינער, אויף וועלכע זיי זיינען געזעסען, און זיצענדיג האָבען מיר זיך צורעדט. זיי זיינען געוואָ־ רען גוטע ברידער מיט מיר, און מיר האָבען דיסקוטירט איבער דער מלחמה, איבער מעקסיקאָ און איבער אַ צעהנדליג אַנדערע זאַכען, ווייל אַלע וויילע פּלעגט אַן אַנדערער איבערשלאָגען די רייד מיט אַן אַנדער טעמאַ.

אָט דיזע מענשען גלויבען ניט אין קיין טשערלייטע: זיי פאַרשטעהען ניט די באַדייטונג פון „ברודער פּרעזידענט, איך וויל דאָס וואָרט"... יעדערער פון זיי באַטראַכט זיך אַלס טשערמאַן, און אָפּטמאָל רעדען אַלע „טשערלייטע" אויף אַמאָל... מאַנכע פון דיזע מענשען רעדען אָפּטמאָל גאַנץ אינטעליגענט. און דאָס וואָס זיי זאָגען איז גאַנץ אינטערעסאַנט. זיי דערצעהלען מעשה'לעך און וויצען.

„דו ווייסט, — האָט איינער געזאָגט צו מיר, ווען איך האָב באַמערקט אַז איך וואָלט שוין געוואָלט זיין אין דערהיים — דו

וויסט, איך האָב אויך אַ פאַמיליע און איך דאַרף זיך ניט וואַל־גערען דאָ אַ גאַנצע נאַכט... צו קומען אָבער אַלע נאַכט אין דער היים איז ניט זעהר אינטערעסאַנט... פון צייט צו צייט נעהם איך אַ נאַכט „אָף", און איך פאַרברענג זיך דאָ מיט מיינע לייטע... מיר דערצעהלען זיך מעשה'לעך פון אַמאָל ווען מיר זיינען נאָך געווען אָרימע לייט... מען פרישט אָפּ די יונגע יאָהרען, ווען מיר פלעגען ארומוואַנדערען איבער די קאָנטרים, און ווען מען פלעגט אונז ארויסטרייבען פון די הייזער... איצטער זיצען מיר דאָ נע־בען אונזער אייגענע בילדינג, פאַר וועלכער מיר דאַרפען קיין טעקסעס ניט צאָהלען און די מאָרטגיידזשעס זיינען שוין אַ דאַנק גאָט אויך אָפּגעצאָהלט...

און ווען ער האָט עס געזאָגט, האָט ער אפילו קיין שמייכעל ניט געגעבען.

— סעי, דזשאהן — האָט אַ צווייטער זיך אריינגעמישט אין די רייד — וואָס איז געוואָרען פון מעגי'ן? לעבט זי נאָך, אָדער איז זי געשטאָרבען? זי איז געווען אַ פיין גוירל.

— ניין, איך וויים גאָרניט פון איהר — האָט דזשאהן, אַ מיטעל־יעהריגער מענשעל, מיט אַ צושלאָגענעם אויג, אַ זאָג גע־טאָן — איך האָב איהר שוין אַ צייט ניט געזעהן.

— וועלכע מעגי? — האָט אַ דריטער, זיך פאַרבינדענדיג אַ שנירעל פון זיין צוריסענעם שוך, געפרעגט — אָט די וואָס קייט טאַבאַק? איך האָב איהר געזעהן מיט אַ פּאָר מאָנאַטען צוריק; מען האָט איהר געפיהרט אויף אַ פּאַטרול וואַגען; זי איז דאַכט זיך געווען שיכור.

— אַ פיין גוירל געווען — האָט דער ערשטער זיך אָפּגערוד־פען; אַ רחמנות אויף איהר.

מיך האָט אינטערעסירט צו וויסען, ווער די „מעגי" איז גע־ווען.

— געווען אַ פיינע פרוי, — האָט מיר „דזשאהן" אָנגעהויב־בען צו דערצעהלען — זי האָט געהאַט אַ מאַן אַ שיכור, און ער פלעגט איהר שלאָגען ווען ער האָט נאָר צייט געהאַט. ער פלעגט

קיינמאָל ניט אַרבייטען און זי פלעגט מוזען וואַשען וועש פאַר פרעמדע מענשען, און פון איהרע פאַרדינסטען פלעגט זי אויפ־האַלטען די הויז. זי פלעגט פיהרען איהרע צוויי קינדער אין סקוהל און זי האָט זיי שעהן געקליידעט. איהר מאַן פלעגט איהר אָבער אמאָל, ווען זי פלעגט איהם קיין געלד ניט געבען אויף בראַנפען, אַזוי צו'ממית'ן אונטער די אויגען, אַז זי פלעגט זיך שעהמען אין גאַס אַרויסצוגעהן. מיט יאָהרען צוריק, ווען די עפּידעמיע האָט אויסגעבראָכען, זיינען איהרע ביידע קינ־דער קראַנק געוואָרען און זיי זיינען געשטאָרבען אין איין וואָך צייט. זי איז דאַן אַזוי ווי משוגע געוואָרען. איהר מאַן האָט איהר אָבער אַלץ געשלאָגען; ער האָט איהר קיין רוה ניט געגעבען. האָט זי איהם איין מאָל געלאָזט אַרעסטירען, און זי האָט געגען איהם עדות געזאָגט. ער איז אוועקגעשיקט געוואָרען אין קאָר־רעקשאָן הויז.

וואָס פון איהם איז געוואָרען, ווייס איך ניט. נאָר מעגי האָט אַלעמען געזאָגט, אַז זי האָט איהר מאַן ניט געדאַרפט אַרעסטירען. זי האָט זיך גענומען זעהר צום האַרצען פאַרוואָס זי האָט איהם אַרעסטירט.

„מיט אַ פּאָר יאָהר צוריק האָב איך איהר געטראָפען אין טענדערלאָין דיסטריקט שיכור, און זי האָט זיך געקריגט מיט אַ פּאָליסמאַן. די האָאר איהרע זיינען געווען צופּאַטעלט און זי האָט געשריען צום פּאָליסמאַן:

„טשעפּע ניט מעגי'ן; איך האָב מיינע אייגענע צרות... קיינער דאַרף מעגי'ן ניט טשעפּען...” דערנאָך זיינען אָנגעקומען עטליכע פרויען און זיי האָבען פון איהר געלאַכט... האָט מעגי גע־זאָגט צו זיי: „וואָס לאַכט איהר? איך בין געווען אמאָל אַ מאַמע ווי איהר”. מיך האָבען איהרע רייד זעהר וועה געטאָן... זי האָט דאָך טאַקי געזאָגט דעם אמת, מעגי... איך בין אוועקגעגאַנגען און מעהר האָב איך איהר ניט געזעהן... פּור גוירל...”

און אַלע וועלכע האָבען איהר געקענט האָבען אַ שטילען זיפץ געטאָן — אַזוי יעדענפאַלס האָט זיך מיר אויסגעדוכט...

— ווייסט — האָט אַן אַנדערער געזאָגט צו איינעם פון די זיצענדע — איך האָב שוין אַמאָל שיער חתונה געהאַט.

האָבען כמעט אַלע זיך צולאַכט. עס האָט אויסגעקוקט, אז דער געלעכטער האָט איהם וועה געטאָן.

— וואָס לאַכט איהר? — האָט ער זיך צו די, וועלכע האָבען זיך צולאַכט, געווענדעט מיט אַ פראַגע — איהר מיינט אז איך זאָג ניט דעם אמת? עס איז אַן אמת׳ע מעשה.

— טאָ פאַר וואָס האָסטו טאַקע קיין ווייב ניט גענומען? — האָט איהם דזשאָן געפרעגט מיט אַ שמייכעל.

— פאַרוואָס, פרעגסטו? זי איז געווען צו גוט צו מיר! זי האָט מיך געליבט צופיל. זי האָט געהאַט אַ פאַרם אין די וועסט, און זי איז געווען אַן אַלמנה.

— איך פלעג איהר אָנזעגען און אָנהאַקען האָלץ און פלעג דאָס האָלץ איהר אַריינטראָגען אין הויז... אַ געזונטער יונג בין איך דאַן געווען און אַרבייטען האָב איך אויך געקענט, אָבער זי איז געווען צו גוט צו מיר. ווען איך וואָלט מיט איהר חתונה געהאַט וואָלט איך אימער געדאַרפט זיין אין דערהיים, האָב איך מורא געהאַט אז איך וועל זיך ווייטער פאַרטרעמפעווען, און איך וועל זיך פאַרגעסען צו קומען פאַר עטליכע מאָנאַטען צייט אין דער היים...

— דאָס וואָלט ניט געטויגט, יו נאָו; אַ מאַן דאַרף זיין אַ מאַן; ער דאַרף זיין אין דערהיים, און ליב האָבען זיין ווייב און זיינע קינדער. איך בין אָבער געווען אַ גרויסער טרעמפּ, בין איך אַוועק פון איהר און איצטער וויים איך ניט וואָס מיט איהר טהוט זיך... אַ טרעמפּ טאָר ניט נעהמען קיין ווייב... נאָר וואָס פעהלט מיר דאָ?... איכ׳ל שוין שטאַרבען אַ טרעמפּ... דאַטס אָלל רייט.

עטליכע פון דער „קאָמפּאַניע” האָבען שוין געהאַלטען אין דרעמלען, און איך האָב פאַרשטאַנען אז איך קען נאָך ווערען ביי זיי אַן איבעריגער גאַסט. בין איך אַוועק אויף אַן אַנדער קאָר־נער. פון דערווייטענס האָב איך באַמערקט ווי די חברה לייט האָבען זיך געמאַכט באַקוועם... זיי האָבען אויסגעשפּרייט אויף

די שטיינער צייטונגען און האָבען זיך צוליינט. אין א מינוט שפּעטער האָב איך שוין דערהערט א שטאַרקען כראַפּען...

און איך האָב זיך געטראַכט: וויפיל רייכע מענשען וואָלטען זיך גליקליך געשעצט, ווען זיי וואָלטען אַזוי געשמאַק געקענט איינשלאָפען אויף פּאַפּירענע בעטגעוואַנט...

# די אַלטינקע.

מיר איז אויסגעקומען פארבייצוגעהן א סקוהל, און דאָס איז געווען גראדע דאן, ווען די קינדערלעך האָבען זיך געשפּילט אין סקול יארד. אָבער פארבייגעהן א סקול, ווען קינדער שפּילען זיך דאָרט, קען איך ניט. איך מוז זיך אָפּשטעלען נעבען זיי, ווייל איך האָב ליב צו הערען זייערע קלינגענדיגע שטימען; איך האָב ליב צו הערען זייערע שטיפערייען און זאָגאר זייערע קאפּריזען זיינען אינטערעסאַנט.

ווייזט מיר א מענשען, וועלכער האָט קיין קינדער ניט ליב און איך וועל איהם באדויערען. און אזא מענש איז ווערט באַדויערט צו ווערען, ווייל אזא מענש וועט קיינמאָל ניט דערגרייכען די העכסטע שטופע פון גליקליכקייט. מאכט ניט אוים ווי רייך א מענש זאָל ניט זיין; מאכט ניט אוים וויפיל אנדערע גליקען א מענש זאָל ניט האָבען — אזוי לאנג ווי די שטימע פון א קליין קינד קלינגט ניט אָפּ מיט צויבער אין זיינע אויערען; אזוי לאנג ווי דער שמייכעל פון א קינד רופט ניט ארוים א פרעהליכען שטורם אין זיין נשמה, און אזוי לאנג ווי דאָס טאנצען פון א קינד מאכט ניט ציטערען זיין הארץ פון שמחה — פארדינט אזא מענש דעם טיפסטען באדויערען.

און מיר דוכט זיך, אז פאר אזא מענשען וואָלט איך אויך מורא געהאט, ווייל אזא מענש מוז האָבען א פארגליווערטע נשמה, א שטיינערנע הארץ, און — אנטשולדיגט, איך בין אביסעל אוועק פון דער טעמא... אָבער איך קען זיך ניט העלפען; אזוי בין איך שוין... ווען איך דערמאָן זיך, אָדער ווען איך רעד פון א קינד, פארגעס איך אימער וואו איך האלט וועגען אנדערע זאכען.

איך האָב זיך, אלזאָ, אָפּגעשטעלט נעבען דער סקוהל, און איך

האָב געקוקט אויף די קליינינקע מענשליכע בלימעלעך. זיי זייי־נען פרעהליך געווען; זיי האָבען געטאַנצט, געשפּרונגען, גע־לאַכט, און זייערע קלינגענדע שטימען האָבען, דאַכט זיך, אַלעס אַרום לעבעדיג און פרעהליך געמאַכט.

און נעבען די אייזערנע שטאַכעטען פון צאַם, וועלכער רינ־געלט אַרום די סקוהל איז, פון דער אַנדער זייט, געשטאַנען אַ גאַנץ אַלטינקע פרוי, מיט אַ קערבעלע, אין וועלכע עס האָבען זיך געפונען געזאַלצענע בייגעל (״פּרעצעלס„). נעבען דער אַלטינקע וועלכע איז שוין געווען שטאַרק געבויגען פון דער עלטער, איז געשטאַנען אַ קליינינקע מיידעלע, און זי האָט מיט איהר עפּעס איינגע׳טענה׳ט. די אַלטינקע האָט מיט דער מיידעלע גערעדט ליבליך, זיס, מיט די צערטליכסטע ווערטער, און מיט אַ שמייכעל אויף איהר שטאַרק צוקנייטשטען פּנים. ענדליך האָט דאָס מיידעלע איינגעהאַנדעלט אַ פּאָר בייגעל און האָט דער אַלטינקער דערלאַנגט אַ סענט. אין דעם נעקסטען מאָמענט איז איין בייגעל שוין געווען איבערגעבראָ־כען אויף העלפט, און דעם אַנדער בייגעל האָט די קליינינקע אָנגע־טאָן אויף אַ פינגער ווי אַ רינג, און זי האָט איהם, באַווענענדיג איהר הענטעלע, אָנגעהויבען צו דרעהען, און זי איז באַלד פאַר־שוואונדען געוואָרען אויף איהרע פלינקע פיסעלעך. די אַלטינקע איז ווידער געבליבען שטעהן מיט אַ שמייכעל אויף איהר פּנים און האָט געוואַרט אויף אַן אַנדער קאַסטומער איהרע...

און זעהענדיג וויביידע — דאָס מיידעלע און די אַלטינקע — זיינען געשטאַנען איינע נעבען די אַנדערע, האָב איך דערזעהן דעם פרעהליכען מאַי און דעם אומעדיגען דעצעמבער; דעם הערליכען מאָרגען און דעם טרויעריגען אווענט.

און מיר האָט אין הארצען אַ דריק געגעבען. איך בין צוגע־גאַנגען צו דער אַלטינקער מיט אַן אויסרייד עפּעס צו קויפען. איך האָב געוואָלט רעדען צו איהר.

מיט אַ פריינדליכען שמייכעל האָט זי מיך באַגעגענט. איך האָב איהר געפרעגט, אויב זי האָט קיינעם ניט, ווער עס זאָל זאָרגען פאַר איהר, אום זי זאָל ניט דאַרפען זוכען קיין חיונה דורך

פארקויפען ביינעל. זי האט מיך אנגעקוקט און האט זיך אביסעל פארטראכט.

„ניין, קיינעם האב איך דא ניט, קייעם ניט", האט זי געזאגט מיט א טיפען שמערץ, „אבער... וועלל, וואס טויג דער רעדען... קיינעם האב איך ניט, אויסער דיזע קינדערלעך..."

ניט ווייט פון איהר איז געשטאנען אן אלטער שטוהל וועלכען א שכנה פון סקוהל, וואס קען איהר שוין פאר פילע יאהרען, טראגט איהר אימער ארויס, ווען זי קומט אהין. זי האט זיך צוגעזעצט, און נאכדעם ווי איך האב איהר געבעטען, אז זי זאל מיר עפעס דערצעהלען פון איהר לעבען, האט זי אנגעהויבען:

„שוין צוואנציג יאהר ווי איך שטעה דא מיט „פרעצעלס" נעבען דיזער סקוהל. איך האב אנגעהויבען פרעצעלס צו פארקויפען אין א יאהר שפעטער ווי מיין מאן איז געשטארבען. איך בין איבערגעבליבען מיט קליינע קינדער, און פון וואנען צו לעבען האב איך ניט געהאט, האב איך אנגעהויבען פרעצעלס צו פארקויפען, און פון דאן אן שטעה איך יעדען טאג ביי דיזער סקוהל און פארדין מיר עטליכע סענט יעדען טאג און שטופ שוין אזוי, ווי עס איז, דורך מיין לעבען. ווי לאנג וועל איך, מיינט איהר, דארפען אזוי שטעהן מיט'ן בעסקעט?... די טעג זיינען נעצעהלטע, איהר ווייסט דאך..."

איך האב איהר געפרעגט, ווער איהרע קינדער זיינען, און אין איהרע אויגען האבען זיך טרעהרען געשטעלט.

„מיינע קינדער", האט זי געזאגט מיט א פארשטיקטען קול, „מיינע קינדער פרעגט איהר? איהר געדענקט מיט א יאהר פופצעהן צוריק, ווען די פאקען־עפידעמיע האט געבושעוועט? איהר געדענקט?ביידע קינדער מיינע האב איך דאן פארלארען; ביידע זיינען פון פאקען געשטארבען, און אזוי בין איך געבליבען עלענד ווי א שטיין".

„און לאמיך אייך זאגען, אז גוטע מענשען האבען מיט עטליכע יאהר צוריק שוין געזארגט, אז איך זאל אריינגענומען ווערען אין א האום", האט די אלטע זיפצענדיג ווייטער דערצעהלט, „איך בין דארטען געווען א גאנציען האלבען יאהר, און איך האב דאר-

מען דעם אומעט ניט געקענט אַריבערטראָגן. איך בין געוואוינט געוואָרען יעדען טאָג זיך צו זעהן מיט די סקוהל־קינדער און איך האָב זעהר שטארק געבענקט נאָך זיי, נאָך זייער פרעהליכקייט, נאָך זייער לוסטיגקייט... בין איך צוריק צו זיי געקומען און אויך רערמאָנט מיך דיזע סקוהל אָן א סך אנגענעהמע זאכען... מיינע קינדער זיינען אין דיזע סקוהל אויך געגאנגען... איך פלעג זיי, ווען זיי זיינען נאָך גאָר קליין געווען, פיהרען אין סקוהל דאָ און פלעג זיי ווידער אָפּנעהמען... איז מיר די סקוהל זעהר טייער".

די אַלטינקע האָט זיך ווידער פארטראכט, און זי האָט גע־בליקט אין אן אומבאַשטימטער ריכטונג. פון איהר הארצען האָט זיך אַלע ווייַלע א זיפץ ארויסגעריסען. אין איהר פארגאנגענהייט האָט די פאנטאזיע איהר אוועקגעטראָגען... זי האָט דערזעהן מסתמא איהר יוגענד, און אַלע יוגענד־בילדער האָבען זיך פאר איהר מסתמא אין דיזען מאָמענט אפגעשפיגעלט... זי האָט זיך אָבער פלוצלונג א כאפּ געטאָן, און זי האָט זיך פאר מיר כמעט ווי ענטשולדיגט.

„מען פארטראכט זיך אמאָל העט־העט אין די פארשוואונדענע יאָהרען, און עס גיט זיך אמאָל אזא שטארקער בייַנק נאָך זיי... נאָר גאָר ניט... מען וועט שוין, ווי עס איז, אזוי אָפּשטופּען דעם לעבען... ווי לאַנג נאָך קען אזא אַלט מענש ציהען ? ... אָבער ווי איהר זעהט, קענען דאָך מיך אַלע קינדער ; זיי רופען מיך „גרענד־מאָטהער" און זיי העלפען מיר אמאָל אונטערטראָגען דעם בעס־קעט צו מיר אין רומקע... אמאָל טרעפט מיך אָן א יונגע פרוי, וועלכע איז דאָ אמאָל געגאנגען אין סקול, און זי פיהרט זיך מיט א בייבי... זי נעהמט מיך אמאָל צו זיך אהיים אויף א זונטאָג, אָדער אויף אַן אָוועגט, און מיר ריידען זיך דורך וועגען דעם, ווי אזוי זי פלעגט קויפען ביי מיר פּרעצעלס, און זי דערצעהלט מיר וועגען איהרע אמאָליגע חבר'טעס. און איהר ווייסט, ווען זי דערצעהלט מיר וועגען זיי, פיהל איך עפּעס ווי זי וואָלט מיר דערצעהלט פון מיינע אייגענע קינדער... אָט אזוי שטופּט מען אָפּ דעם לעבען..."

זי האָט ווידער א זיפץ געגעבען, און זי האָט ווידער אָנגעהויבען

צו טענה'ען מיט א מיידעלע, וועלכע איז געקומען „פרעצעלס"
קויפען..

* * *

אלע ווילען אלט ווערען, אלע פאנטאזירען פון א הויכע על-
טער; ווען די פאנטאזיע ווערט אָבער פאַרווירקליכט — ווי טרוי-
עריג זי איז! ...

## שטילע דראַמעס

געהן זעהען א דראמא? ניין מיין פריינד. קאָמעדיעס וויל איך זעהן! קאָמעדיעס וועלכע זאָלען ארויסרייסען פון מיר הערצ־ליבע געלעכטערס און פונקען פון פרעהליכקייט... שוין גענוג דראַ־מאס געזעהן, שוין גענוג טראַגעדיעס דורכגעפיהלט!... ניט אין טעאטער פון קונסט געשניצט, ניט אין טעאַטערע וואו קינסטלער שפילען, און וויינען דעם געוויין פון אנדערע, און קלאָגען דעם קלאָג פון אנדערע... גאַסען טראַגעדיעס האָב איך געזעהן; יעדע היים, מיין פריינד, איז א טעאַטער, וואו דראמעס ווערען געשפילט, יעדעס מענשליכע הארץ איז א ביהנע וואו טראַגעדיעס ווערען אויפגעפיהרט...

ניט אלע טראַגעדיעס, מיין פריינד, הויבען זיך אָן מיט דעם קראך פון א רעוואָלווער, און ענדיגען זיך מיט טויט; עס זיינען דאָ דראמעס און טראַגעדיעס, וועלכע הייבען זיך אָן מיט א זיפץ, און ענדיגען זיך מיט לעבען... שרעקליך זיינען די טראַגעדיעס וועלכע ענדיגען זיך מיט טויט, נאָך שרעקליכער אָבער זיינען די טראַגעדיעס וועלכע ענדיגען זיך מיט לעבען...

ניין, ניט אין קונסט טעאַטערע וויל איך געהן! איבעראל זעה איך זיי, איבעראל הער איך זיי; ניט נאָר אין טרערען שפיג־לען זיי זיך אָפּ, זאָגאר אין געלעכטערס קלינגען אָפּ זייערע יאָמער געשרייען...

אָפטמאָל פיהל איך א וואונש, אז מיין הארץ זאָל אין שטיקער צוריסען ווערען, און איך זאָל מעהר דעם שוידער ניט דארפען איבערלעבען... דאָס מענשליכע הארץ איז אָבער אמאָל ווייך ווי די צערטליכקייט פון א מוטער, און אמאָל איז זי פעלזען־פעסט

אַזוי, אַז זאָגאַר די גראַנאַטען פון אומגליק קענען איהר ניט שפּאַל־טען...

און מען מוז די טראַגעדיעס זעהן!

זעהסטו יענע יונגע, שעהנע מיידעל, וועלכע זיצט דאָרטען ביים פענסטער, און בליקט אַרונטער אויף די רוישענדע גאַסען? זעהסטו דעם שמייכעל וואָס שפּיגעלט זיך אָפּ אויף איהר פּנים? אין איהר האַרצען, פריינד, שפּילט זיך אַ טראַגישע יעצט, און איהר יונגער לעבען איז אין קברים פאַנטאַזיען געהילט...

אַמאָל האָט זי געליבט; די פלאַמען פון יוגענד האָבען איהר האַרצען געברענט, און די פלאַמען פון ליבע האָבען איהר קערפּער געצונדען... אין די אָרימס פון איהר געליבטען איז זי געלעגען, און זי האָט פריידע געטרונקען...

און אימער מעהר און אימער פעסטער פלעגט ער איהר צום האַרצען דריקען; זיינע פלאַמענדע ווערטער פון ליבע און טרייהייט האָבען איהר פאַנטאַזיע געררייצט. זי האָט געטרוימט פון איהם, געגלויבט אין איהם, און האָט איהם איהר עהרע פאַרטרויעט.

און איהר עהרע, איהר ליבע, און איהר נאָמען האָט ער גע־שענדעט און פערשפּאָטעט, און פערשוואונדען איז ער פון איהר, איהר איבערלאָזענדיג דעם צייכען פון שאַנדע אויף איהר אונשול־דיגע נשמה...

זעהסטו איהר יעצט דאָרטען זיצענדיג ביים פענסטער? זעהסטו ווי זי שמייכעלט? אין איהר האַרצען שפּילט זיך יעצט אָפּ אַ טראַגעדיע; אַן אמת'ע, ניט קיין געמאַכטע, ניט קיין גע־קינצעלטע טראַגעדיע איז דאָס... זי וויינט איהר אייגענעם געוויין, זי קלאָגט איהר אייגענעם קלאָג... און דער שמייכעל איהרער איז דער שמייכעל פון שמערץ און פאַרצווייפלונגג, אין וועלכען זי וויל איהר טרויער און שאַנדע באַהאַלטען...

אַלע גיפטיגע פיילען זיינען אויף איהר אָנגעשטעלט; די גלי־הענדע מינוטען פון ליבע האָבען פרוכט געטראָגען — זי איז אַ מוטער געוואָרען! דער אונשולדיגער געוויין פון איהר ערשט גע־באָרענעם קינד איז ווי אַ גליהענדער שפּיז אין איהר האַרצען...

זי וויגט עס, טוליעט עס, עס זאָל ניט וויינען, ניט דערצעהלען פון איהר שאַנדע, ניט אויסקלינגען איהר פאַרברעכען... די אויסערע וועלט וויים נאָך ניט דערפון... מען ווייסט נאָר אַז זי איז קראַנק אויף אַן אַנשטעקענדע קראַנקהייט... מען ווייסט ניט דעם אמת... קיינער טאָר ניט וויסען, קיינער טאָר ניט קומען...

און איהרע עלטערען וויינען, רייסען זיך די האָר פון קאָפּ. עס איז זייער קינד, זיי ליבען איהר... זי איז אָבער אַ זינדערין, זי האָט זייערע פּנים'ער פאַרשוואַרצט... זיי קוקען אויף איהר מיט פאַראַכטונג. זיי שימפּפען איהר, זידלען איהר, און זי — די אומגליקליכע, זי שווייגט; זי פיהלט, אַז זי איז שולדיג; זי פיהלט, אַז זי האָט אַ שרעקליכען פאַרברעכען באַגאַנגען... איהר פּנים ווערט בלאַסער, טרויעריגער; אַלע ווײַלע פיהלט זי ווי עפּעס וואָלט זיך אין איהר הארצען איינגעריסען...

זי זיצט ביים פענסטער און שמייכעלט; זי מיינט, אַז אַלע וויסען שוין פון איהר שאַנדע, און אַז אַלע קענען שוין איהר פאַר־ברעכען... זי שמייכעלט... מיט דעם שמייכעל וויל זי אָפּלייקענען דעם גלויבען, אַז זי איז ניט דאָס וואָס זיי דיינקען, אַז זי איז... זי וויל מיט איהם איהר שמערץ און שאַנדע פאַרדעקען.

געהן זעהען אַ דראַמאַ? ניין, מיין פריינד. דראַמאַס און טראַגעדיעס דאַרף מען ניט געהן זעהן; איבעראַל ווען מען געהט קומען זיי אַנקעגען אָן, און אמת'ע, נאַטור טרייע דראַמאַס זיינען זיי!

האָסטו באַמערקט יענעם אַלטינקען אידען, וועלכער געהט דאָרטען? ער האָט מיך באַגריסט און געוואָלט אָפּשטעלען. ער האָט עס ניט געטאָן ווייל דו געהסט מיט מיר; ער האָט זיך נע־שעהמט, ער וועט שוין אָבער קומען צו מיר, ווען איך וועל אַליין זיין און וועט ענדיגען זיין ערצעהלונג.

געקומען איז ער צו מיר מיט אַ שמייכעל, און אַוועק איז ער מיט געוויין און זיין געוויין איז געווען אַזוי שמערצליך, אַזוי הערצ־רייסענד... זיין אַלטער קערפּער האָט געציטערט ווען ער האָט זיין געשיכטע דערצעהלט.

זיהן און טעכטער האָט ער געהאַט; ער האָט זיי געהאָדע־וועט, ערצויגען, לערנען געגעבען, פאַר מענשען געמאַכט און יעצט — נאָר וואַרט, ווי אַזוי האָט ער עס דערצעהלט?... יעס, אַזוי האָט ער אָנגעהויבען:

— האָט קיין פאַראיבעל ניט, מיסטער. איהר האָט אודאי קיין צייט ניט, האַ? נעהמט ניט פאַר אומגוט, איך בין אַן אַלטער מאַן און איך בין אייך געקומען בעטען עפּעס... אויב איהר האָט אביסעל צייט וואָלט איך אייך געבעטען, אַז איהר זאָלט מיר אָנ־שרייבען אַ בריף צו מיינע קינדער. איך קען אפילו אַליין אויך שרייבען. נאָר מיינע בריף טויגען ניט מסתמא... קענט איהר מיר ניט אָנשרייבען אַ בריף, אַז זיי זאָלען אויף אונז, צוויי צובראָכענע שאַרבענס, רחמנות האָבען?

ווען ער האָט עס געזאָגט, האָט ער די אויגען אַרונטער גע־לאָזען, ער האָט זיך אָפּגעזיפצט, און האָט ווייטער אָנגעהויבען:

— אונז איז יעצט, עס הייסט, מיר מיט מיין פרוי, אויסגע־קומען צו געהן אין וואַסער. זי איז שוין עטליכע וואָכען קראַנק און איך בין קוים אַ לעבעדיגער. ווען איך האָב געקענט האָב איך געאַרבייט. און מיר זיינען שוין ווי עס איז דורכגעקראָכען מיט'ן לעבען. וויפיל דאַרפען צוויי אַלטע לייט? גאָר ניט, מיר האָבען שוין סאַי ווי סאַי ניט לאַנג צו פאָהרען... איך בין אָבער יעצט ניט קיין יונגער מאַן ווי איהר זעהט... איך בין שוין אַ זיבעציגער און עפּעס מעהר... איך בין שוין אַ צעבראָכענער, אין פיל שוין קיין גליד ניט אין מיר... האָב איך געשריבען צו מיינע קינדער. האָבען זיי מיר אַ פּאָאַר מאָל געשיקט אַ פּאָאַר דאָלער און דערמיט איז די ערד פאַרשלאָסען געוואָרען... איך שרייב צו זיי און גאָר ניט; זיי ווילען מיר אפילו ניט ענטפערען... איז מיר יעצט אויס־געקומען זיך צו דערטרינקען... נדבות בעטען קען איך ניט... איך וועל בעסער אויסגעהן, איידער נדבות בעטען... איך שעהם זיך אייך אפילו צו זאָגען... איך האָב שוין געטראַכט וועגען זיך נעהמען דאָס לעבען... נאָר ווי פּאַסט עס? איך בין שוין אַן אַלטער מאַן...

עפּעס זיך נעהמען דעם לעבען... גלויבט מיר, מיר וואָלט אַ סך בעסער געווען... פריהער שפּעטער, שטאַרבען מוז מען דאָך...

אין זיינע אויגען זיינען טרעהרען אָנגעלאָפען. דער אַלטער גרייז האָט זיך ווי אַ קינד צואוויינט, און האָט ביטערע טרעהרען פארגאָסען.

— אפשר וועלען זיי דאָך רחמנות האָבען... איך האָב זיי אזוי געשריבען: „ליבע קינדער, האָט איהר זיך שוין גאָר פאַרגעסען אָן אייערע אַלטע טאַטע־מאַמען? פאַר וואָס קומט עס אונז? האָבען מיר אייך ניט געהאָדעוועט און ערצויגען? זיינען מיר ביי אייערע וויגעלעך ניט געשטאַנען, ווען איהר זייט קליין געווען? האָבען מיר אייך צום הארצען ניט געדריקט? אויב מיר האָבען געזינדיגט געגען אייך, בעטען מיר, אז איהר זאָלט אונז מוחל זיין... מיר זיינען דאָך שוין אַלטע לייט און איהר וועט שוין לאַנג ניט דאַרפען ליידען פון אונז... העלפט אונז, קינדערלאַך...

און ריידענדיג איז דער אַלטער גרייז געוואָרען בלייכער און בלייכער; זיין אַלטער, אויסגעדאַרטער קערפּער האָט אָנגעהויבען צו ציטערען און ווי אַ שטיין איז ער אריינגעפאַלען אין מיינע אָרעמס און געוויינט.

איך האָב איהם פּרובירט טרייסטען, מיט ווערטער פאַרלייכטערען זיין שמערץ — ער האָט אָבער ווי אַ קינד געוויינט און געכליפּעט.

און ווען ער איז אוועקגעגאַנגען האָט ער מיר זיין דאַרע, אויסגעמאַטערטע האַנט דערלאַנגט און ער האָט מיך געבענשט, אז איך זאָל קיינמאָל צו קיין קינדער ניט דאַרפען אָנקומען...

# א שטיקעל לעבען

זי איז געווען א פרוי פון — נאָר עס איז געווען שווער צו זאגען איהר עלטער. איהרע האָר זיינען שוין געווען כמעט אין גאנצען ווייס; איהר פּנים האָט אויסגעזעהן אלט און איז געווען שטארק געקנייטשט, איהרע באוועגונגען זיינען אָבער געווען יו־גענדליכע, און פון איהרע אויגען האָבען ווי פונקען געשפּריצט.

זי איז געגאנגען איבער'ן אינדעפּענדענס סקווער און זי האָט גערעדט — צו קיינעם ניט גערעדט, נאָר אָט אזוי גלאט אין דער וועלט אריין. אמאָל איז איהר שטימע געווען הויך און אמאָל איז איהר שטימע געווען קוים וואס מען האָט געקענט הערען; אבער, וואס זי האָט גערעדט איז געווען שווער צו זאגען, ווייל איהרע ווערטער זיינען ניט געווען קלאָר; זיי זיינען ארויס פון איהר מויל אָהן א ציל, אָהן א זין. אָט פלעגט זי איהרע הענד אויפהיי־בען אין דער הויך ווי זי וואָלט פון די הימלען גערעכטיגקייט גע־פאָדערט, און אָט האָט זי גערעדט שטיל, רוהיג, און איהרע אויגען האָט זי געהאלטען ארונטערגעלאָזען ווי איינע וועמען די וועלט האָט פארשטויסען פון זיך און וועלכע האָט שוין אויפגעגעבען אלע האָפנונגען צו קריגען גערעכטיגקייט און רחמנות. פילע מענ־שען וועלכע זיינען איהר אנטקעגען געקומען האָבען זיך אָפּגע־שטעלט נעבען איהר; האָבען זיך צוגעהערט וואס זי האָט גע־זאָגט, אבער, קוועטשענדיג מיט די פּלייצעס זיינען זיי איהר פאר־בייגעגאנגען.

שעהן איז דער פריה־מאָרגען געווען. די גאלדענע זון האָט זיך אין הימעל געשפּיגעלט און האָט איהרע גאלדענע שטראהלען געוואָרפען אויף אלעס און אלעמען. די געלע בלעטער פון די בוי־מער זיינען באגאָלדעט געוואָרען, און די שוין אראָפּגעפאלענע בלע־

טער זיינען פון די שטראהלען באלויכטען געווארען, אבער, זיי האַ־
בען זיך געוואלגערט אויף די אלעען פון אינדעפּענדענס סקווער,
און אַלע האָבען זיי געטרעטען; מען האָט זיך ניט אומגעקוקט אויף
זיי!

ניט לאנג צוריק האָבען דיזע בלעטער געוועקט לעבען, ליבע
און באגייסטערונג; ניט לאנג צוריק זיינען זיי שעהן, רייך און
ענטציקענד געווען און זיי האָבען ארויסגעגעבען פון זיך געשמאקע
ריחות; אונטער זיי זיינען ליבסטע געזעסען און זיי האָבען זיך
הייליגע סודות דערצעהלט; אונטער זיי זיינען אומגליקליכע היימ־
לאָזע, פון די גליהענדע שטראהלען פון דער זון באשיצט געווא־
רען, אדער אונטער זיי האָבען זיי פילע נעכט פארבראכט, זיך די
געשיכטע פון זייערע לעבענס דערצעהלט... איצטער ליגען זיי
פארשליידערט פון די בוימער וועלכע האָבען זיי לעבען געגעבען;
וועלכע האָבען זיך געשפּיגעלט מיט זיי; אלע טרעטען אויף
זיי...

אָט אזוי, דוכט מיר, איז אויך דער שיקזאל פון דער אומגליק־
ליכער פרוי, וועלכע איך האָב געזעהן אין אינדעפּענדענטס סקווער...
געווען אמאָל יונג, שעהן, פול מיט לעבען; איהרע אויגען האָ־
בען מיט ליבע געפינקעלט; איהרע באקען האָבען געווים יוגענד־
ליכע הערצער גערייצט און איהר שטימע האָט געווים אין די אוי־
ערען פון דער יוגענד אזוי קלאָר, אזוי העל געקלונגען... איהר פריה־
לינג איז שוין פארביי, און איהר זומער איז שוין באלד צו ענדע;
זי האָט שוין אָפּגעבליהט; ווי די בלעטער וועלכע הענגען נאָך
אויף די בוימער, זיינען איהרע באקען געל געווארען, און באלד,
באלד וועט זי מסתמא פון לעבענס-בוים ארונטערפאלען... קיינער
קוקט זיך ניט אום אויף איהר, קיינער וויל זיך נעבען איהר ניט
אָפּשטעלען, רעדען צו איהר; העכסטענס וועט איהר ווער ניט ווער
א זיפץ שענקען, און באלד, באלד וועט זי פון בוים ארונטערפאלען
און די געזעלשאפט אונזערע וועט טרעטען אויף איהר עראינערונג...

„ווער איז זי?” — האָב איך זיך געטראכט.

„אן אומגליקליכע” — האָט, דוכט מיר, א שטים פון ערגעץ
געענטפערט — א לעבען, וועלכער לעשט זיך און וועלכער וועט

באלד פארלאשען ווערען; א לאנגער זיפץ וועלכער איז פון קיי־
נעם ניט דערהערט געווארען; א גרויסער טרעהר, וועלכער איז
פון קיינעם ניט געזעהן געווארען!"...

און די שטימע איז פארקלונגען געווארען, און ווען איך וואנ־
דער דורך די גאסען און איך זעה אָט דיזע אומגליקליכע, היימ־
לאָזע און פארשטויסענע, דוכט מיר, אז דיזעלבע שטימע קלינגט
פאר מיר... און עס ווערט אזוי אומעטיג, אזוי טרויעריג אויפ'ן
הארצען...

# נעבען א מצבה קריצער.

ארומגערינגעלט פון שטיינער און פון שוין פארטיגע מצבות, איז א מאן געשטאנען מיט א האמער אין איין האנד און מיט א טשיזעל אין דער צווייטער און האט עפעס אויסגעהאקט אין א שטיין, וועלכער האט געדארפט פארוואנדעלט ווערען אין א מצבה. איין קלאפ נאכ'ן צווייטען, איין קלאפ נאכ'ן אנדערען, אבער די קלעפ זיינען ניט געווען קיין שטארקע. לאנגזאם און מיט גרויס זארגזאמקייט, מיט גרויס פארזיכטיגקייט האט ער געארבייט. אויף זיינע אויגען האט ער געטראגען אזעלכע גלעזער, וועלכע האבען פארהיט, אז אין זיי זאלען ניט אריינשפרינגען קיין שטיקלאך שטיין, אדער דער ווינד זאל אין זיי קיין שטיינער־שטויב ניט אריינטראגען.

איין קלאפ נאך דעם אנדערען, און — ער האט דערביי נאך עפעס אונטערגעזונגען...

ווי שטארק, ווי רייך, ווי מערקווירדיג דאס לעבען איז! אפילו מאכענדיג מצבות זינגט דאס לעבען; אפילו ביים קבר רייסט דאס לעבען ארויס א שמייכעל...

* * *

מצבות . . . אלע די, פאר וועמען מען מאכט זיי, האבען געלעבט, געשטרעבט, געליבט, געהאפט, געלאכט, און — וואו זיינען זיי יעצט? אונטער קליינע בערגעלאך ערד ליגען זיי, און פון אלע זייערע האפנונגען, פון אלע זייערע פאנטאזיעס — פון אלעם, אלעם איז זיי בלויז דער קבר געבליבען, און כדי מען זאל וויסען וואו זייערע ביינער געפינען זיך, שטעלט מען נעבען דיזע בערגלאך שטיינער אוועק:

„דאָ ליגט . . . געבאָרען אין . . . געשטאָרבען אין . . . תנצב״ה . . .

דאָס אַלעס! יעדער בערגעלע — אַ געוועזענער מענש; יעדער געוועזענער מענש — אַ בערגעלע, און ניט מעהר...

* * *

איך האָב אָנגעהויבען צו באַטראַכטען די מצבות, און איך האָב די אויפשריפטען אויף זיי אָנגעהויבען לעזען, אָבער די נעמען זיינען מיר געווען ניט באַקאַנט... זיי האָבען הפנים ניט געהערט צו יענע מענשען, וועלכע האָבען געלעבט ביים לעבען, און וועלכע לעבען ווען זיי זיינען טויט... איינצעלנע, פּילייכט צעהנדליגע, דערמאָנען זיי, אָבער אין הארצען פון פאָלק האָבען זיי קיין פּלאַץ ניט; אין דער נשמה פון פאָלק ברענט ניט קיין אייביגער יאָהרצייט נאָך זיי... בערגעלאַך, בערגעלאַך נאָר...

* * *

איך געה צו נעהנטער צום מאַן, וועלכער האָט מיט'ן האַמער און מיט'ן דלאָט געקלאַפּט אין שטיין, און איך קוק זיך צו ווי ער האַקט אויס ווערטער... איך הויב אָן צו לעזען די ווערטער, און — אין הארצען האָט מיר אַ צופּ געטאָן...

„ר' אליהו בר' שמואל אייזיק" — אַ מצבה נאָך איהם! — נאָך איהם, דעם פרומען, דעם גוטען, דעם עהרליכען ר' אליהו, וועלכער האָט אַזאַ ווארימע הארץ געהאַט, וועלכער האָט אַזאַ גרויסע נשמה געהאַט!

געווען אַ קליינער אידעלע, מיט אַ שטענדיגען שמייכעל אויף זיין פּנים; מיט ליבליכע בליקען אין זיינע אויגען; מיט אַ הארץ, וועלכע האָט קיינמאָל קיין בייזעס ניט געפיהלט, און מיט ליפּען, וועלכע זיינען קיינמאָל פון אַ פאַלשען וואָרט ניט טמא געוואָרען...

פרום איז ער געווען, אָבער זיין גאָט איז געווען אַ בעל רחמנות און זיין רעליגיע איז געווען עהרליכקייט און ליבע צו מענשען. זיין גאָט האָט אפילו מוחל געווען יענע, וועלכע האָבען אָפּגע־לייקענט זיין עקזיסטענץ....

„גאָט איז אַ גוטער" — פּלעגט ער זאָגען — „און ווען מען איז

אפילו ניט פרום, נאָר מען איז גוט, מען איז ערהליך, איז גאָט מוחל... די גרעסטע עבֵרה נענען גאָט קאָן אָפּגעווישט ווערען מיט אַ גוטען טהאַט צו מענשען... אַז מען איז גוט, אַז מען איז ערהליך, אַז מען איז אמת, איז מען אַ גוטער איד, און אַזאַ מענש איז ביי גאָט טייערער ווי אַ פרומער איד, וועלכער איז פרום צו גאָט אָבער שלעכט צו מענשען".

* * *

ווי אַ שטילע טויב איז ער געווען, און אין זיין אַנוועזענהייט האָט מען זיך געפיהלט ווי ארומגערינגעלט פון אַ גרויסער, ברייטער הארץ... ער פלעגט ריידען שנעל, און צוליב זיין שנעל ריידען, פלעגט מען אָפטמאָל ניט קאָנען כאַפּען דעם געדאַנק פון זיינע ווערטער. און ער איז ניט אימער געווען בכוח ארויסצוברענגען זיינע געדאַנקען, אָבער זיינע הענט, זיינע בליקען און דער אויסדרוק פון זיין פּנים פלעגען מעהר דערצעהלען ווי זיין מויל... מען האָט איהם פאַרשטאַנען — די, וועלכע קאָנען אריינבליקען אין אַ הארץ, די וועלכע קאָנען אריינקוקען אין אַ נשמה — האָבען איהם פאַרשטאַנען, און זיינע וואַרימע געפיהלען האָבען דערוואַרימט און זיין קלאָרע נשמה האָט אַלעם ארום ליכטיגער געמאַכט.

* * *

לאַנגע, לאַנגע יאָהרען איז ער אַן ארבייטער געווען. שווער און ביטער האָט ער ביי דער מאַשין געאַרבייט, און קליין זיינען זיינע פאַרדינסטען געווען. פלעגט קוים-קוים אַ לעבען מאַכען. אָבער מיט דעם לעצטען סענט פלעגט ער זיך טיילען מיט מענשען, וועלכע זיינען געווען ארימער פון איהם.

און ער האָט קיין אונטערשייד ניט געמאַכט, אויב דער אָרימער איז געווען אַ איד, צי אַ קריסט.

„ווייל אַלע זיינען מענשען" — פלעגט ער זאָגען — „אַלע זיינען גאָט'ס קינדער, און דער וועהטאָג איז ביי אַלעמען גלייך...

און זיינע לעצטע פּאָר סענט פלעגט ער אַוועקגעבען אין דער שטיל, קיינער זאָל עס ניט זעהן, קיינער זאָל עס ניט באַמערקען... אימער איז ער שטיל, ווי אַ טויב, געווען.

און ווען א שטראָהל פון גליק האָט זיך צו איהם אַביסעל באַוויזען, האָט זיך זיין לעבען אויסגעלאָשען...

ווען איך וואָלט געווען א גלויבינגער; ווען איך וואָלט געגלויבט אז עס איז דאָ א הימעל, וואו גוטע ריינע נשמות קריגען באלוינונג, דאן וואָלט איך געפיהלט טיף אין הארצען, אז זיין נשמה איז גלייך אין דעם העכסטען הימעל ארויף, און אז די הימלען האָבען זיך געשפּיגעלט מיט איהר:

„ריין ארונטער אויף דער ערד, און ריין צוריק געקומען!"

* * *

איך קוק זיך צו, ווי ער האקט אויס די מצבה, און איך הער זיך צו ווי ער זינגט.

און איך פיהל ווי צו זאָגען איהם: „זינג, מצבה קריצער, זינג!"

א סך, א סך מצבות מאכט ער יעדען יאָהר, און זיי ווערען געשטעלט אויף די קברים פון פארשיידענע מענשען... מענשען, וועלכע האָבען געלעבט א שעהנעם, א גוטען לעבען, און מענשען, וועלכע האָבען געיאָגט א קעלט פון זיך און האָבען מענשליכע הערצער פארפראָהרען מיט זייער גרויזאמקייט, מיט זייער הארצלאָזינקייט...

יאָהר איין יאָהר אויס האקט ער אויס מצבות און ער ווייסט ניט פאר וועמען זיי זיינען... אויף וועמעס קברים זיי וועלען שטעהן... אָבער אָט די מצבה...

און אין הארצען זאָג איך צו איהם:

„זינג, מצבה-קריצער, זינג; די מצבה, וועלכע דו האקסט יעצט אויס, וועט אוועקגעשטעלט ווערען אויף דעם קבר אין וועלכען עס געפינט זיך דער שטערבליכער טייל פון א מענשען, אין וועלכען א גרויסע נשמה האָט געלעבט און א ווארימע הארץ האָט געקלאפּט; זינג, ברודעריל, זינג, וואָס דיין מזל האָט דיר געבראכט דערצו, אין שטיין אויסצוהאקען דעם נאָמען פון א מענשען, אין וועמען הייליגע פונקען האָבען געגליהט, און אמת'ע ליבע צו מענשען האָט געפלאקערט..."

# באגעגעניסען

אזוי ווי דער טאָג איז געווען א שעהנער בין איך צוגעפאהרען אין פּארק א ווײַלע צו פֿארברענגען אין דער גוטער לופט. גע־הענדיג האָב איך דערהערט דאָס געלעכטער פון פרויען. דערנאָך האָב איך דערהערט אַ טערקישען ענגליש... דאָס האָבען גערעדט צוויי אַלרייטניצעס.

„סעי־קידוי — האָט איינע, א פופציג יאָהריגע אידענע גע־זאָגט צו דער צווייטער מיט א שעלמישען בליק — יו נאָ אוט טו פּארק?"

האָב איך געגעבען א בליק אויף דער „קידוי" און — עפּעס ניט ווילענדיגערהייט האָב איך אָנגעהויבען צו לאַכען. איך זאָג „ניט ווילענדיגערהייט", ווייל דעם אמת זאָגענדיג האָט זיך, קו־קענדיג אויף דער „קידוי", געוואָלט ויינען. געווען איז זי א אידענע וועמען דער הארר פון דער וועלט האָט שוין מזכה געווען מיט א געזונטען פופציגער. איהרע באַקען האָבען שוין אויסגע־קוקט ווי איינגעזויערטע טאָמייטאָס; איהר נאָז האָט געהאט דעם שייפּ פון א קעזעל; איז געווען ווייס פון די פּאודער מיט וואָס זי האָט איהם באַשאָטען; איהרע אויגען האָבען גלאַט קיין טעם ניט געהאט.

„מי נאָ גאט טאים טו גאָ טו פּארק, קידוי, — האָט די צוויי־טע געענטפערט — מי ביזי, יונוי... מאַי דינסט אַנטלאָפען; מיט א פעלער אין דר'ערד אריין; מי מוז קאָכען סאפּיר פאר עוורי באדי".

און „קידוי" נומער צוויי, האָט ווייטער גערעדט. פון צייט צו צייט האָט זיך איהר גאָר ניט חן'עוודיגער פנים צולאַכט...

איהרע ליפּען האָבען געפּאַטשט אָט ווי א וועשערקע אין דער היים פּאַטשט מיט א פּראַלניק אויף די נאַסע גרעט... אויפ'ן סייד־וואָק זיינען ארומגעלאָפען קינדערלאַך, וועלכע זיינען געווען ניט קיין געוואַשענע און ניט קיין געבאָדענע; די בעקלאַך זיינען געווען פארשמירט און די קליידער איינגעטונקט אין בלאָטע; זיי האָ־בען געמאַכט געוואַלדען, אז זייערע קולות האָט מען געקענט הערען פאר סקווערס ארום.

„אין דער ערד אריין!” — האָט איין „קידוי” א געשריי געגע־בען צו די קינדער — שאַראַפּ! איכ'ל אייך אויסהאַ־קען די ציינער, לויפערס! מי קען גאָר קיין וואָרט צוליב זיי ניט אויסרעדען!”

„מי נאָ קען אויסהאַלטען פון די קידס אין אמעריקא — האָט די צווייטע „קידוי” געזאָגט מיט אביסעל כעס — דעי נאָ לעט טו טאָק א ליטעל, פוי! פּאַסקודנע קידס!...”

וואָס ווייטער איז געווען ווייס איך ניט, ווייל מעהר שטעהן דאָרטען האָב איך שוין ניט געקענט; איך האָב געפּיהלט אז זייער ענגליש קירצט אָפּ מיינע יאָהרען, און לעבען ווילט זיך וואָס לייננער...

האָב איך פארסמוקט א סיגאַרעטעל און איך בין ווייטער געגאַנגען.

טרעפט מיך אָן אן עלטערער איד און ער גיט מיר צו ער־קלערען, אז ער ווייסט אויף „שור” ווער איך בין, און אז ער ווייסט אויך, אז איך בין א זעלטענער חכם...

„איהר פארשטעהט מיך — האָט ער געזאָגט מיט א זיסען שמייכעל, — איהר זייט דאָך א צייטונגס־שרייבער, און פליעז שרייבט אריין אין אייער פּייפּער וועגען א שעהנע מעשה'לע פון אונזער שוהל”.

„אין שוהל, וואו איך בין א מעמבער איז אויך דאָ א מעמ־בער א רייכער אידעל. אָט ביי דיזען מעמבער מאָגט אונזער שוהל עטליכע דאָלאַר פאר א מפטיר, וואָס ער האָט געקראָגען מיט א צייט צוריק. ער וויל אָבער פאר דעם מפטיר ניט באַצאָהלען; ער טענה'עט אז ער קען גאָר די ברכות ניט זאָגען, טאָ ווי אזוי

האָט ער געקענט האָבען מפטיר? דענקט איהר אַלזאָ אַז מען קען ביי איהם די עטליכע דאָלאַר אויפמאָנען?"

האָב איך דעם אידען געגעבען צו פארשטעהן, אַז אין דיזער הינזיכט קען זיין אַז דער רייכער איד איז גערעכט... איך קען אַ סך אידען, וועלכע האָבען געלט, וועלכע זיינען אָבער קיינמאָל אין חדר ניט געגאַנגען, און דערפאַר קען זיין, האָב איך איהם געזאָגט, איז דיזער איד איינער פון יענע און — איך האָב איהם געגעבען צו פארשטעהן, אַז די שוהל האָט אפשר געמאַכט אַ טעות...

„דער פינפערעל איז, ווי מיר שיינט שוין אין דר'ערד מיט די ביינער — האָט דער איד אַ מאַך געגעבענדיג מיט'ן האַנט גע־זאָגט — דערווייל איז אַ מפטיר פאַרלאָרען געגאַנגען..."

2.

אַ געגענד, וואו דער דלות קלינגט מיט אַלע גלעקלאַך...

און מערקווירדיג, דאָרטען קאָן מען זעהן מעהר פרעהליכ־קייט ווי אַרום די שעהנסטע און רייכסטע פאַלאַצען. עס איז אפילו שווער צו זאָגען וואָס מיט די איינוואוינער פון יענער געגענד איז אַזוי גרויס די שמחה. עס איז אָבער אַ פאַקט, אַז מען קען דאָרטען קיין אומעדיגען פנים ניט באַמערקען.

אַ גאַנצען טאָג קען מען דאָרטען זעהען אָפּגעריסענע דלות־דזשענטעל־לייט, שטעהענדיג אויף די קאָרנערס, און יעדערער פון זיי דריקט אויס זיין פרעהליכקייט אויף אַן אַנדער שטייגער. איי־נער פייפט זיך אונטער, דרעהענדיג זיך אויפ'ן קנאַפּעל; אַנאַנ־דערער וואַרפט פרעהליכע קללות, אָט גלאַט אַזוי, צו אַמוזירען זיינע חברים, און אַנדערע ווידער, מאַכען מאַנקי־ביזנעס מיט זייערע לוסטיגע אויגלאַך צו פאַרבייגעהענדע פרויען, און אַזוי האַלט עס אַן אַ גאַנצען טאָג, ביז וואַנעט אַ זיסער דרעמעל שליסט צו זייערע אויגען אין אַ שמוציגע בעט פון אַ 5־סענטיגען „האָטעל."

פאַרבייגעהענדיג איינעם פון דיזע קאָרנערס, האָט איינער פון

די „פייפערס” געזאָגט צו מיר, ארויפלייגענדיג א האנט אויף מיין פלייצע:

— סיי, דזשעק, גיב מיר א דאים.

— צו וואָס דארפסטו א דאים? האָב איך דעם פרעהליכען לץ א פרעג געטאָן. נאָך קיין ברעקפעסט ניט געגעסען?

— שוין געהאט ברעקפעסט, אָלל־רייט, אָלל־רייט — האָט ער געענטפערט, געבענדיג א ממזר׳ישען פינטעל מיט׳ן אויג.

— ווילסט עם האָבען אויף דינער? — האָב איך איהם ווי־דער א פרעג געטאָן.

— נעווער מאינד וועגען דינער! — האָט ער א זאָג געטאָן א מאך געבענדיג מיט׳ן האנט. — גיב מיר נאָר א דאים, דזשעק.

איך האָב דעם חברה־מאַן אָנגעהויבען אביסעל מעהר צו באַ־טראַכטען. דער גאַנצער נפש האָט געוואויגען ניט מעהר ווי 80 פונט, אָדער אונגעפעהר אזוי פיל. הויך געוואקסען, און אויף זיין כמעט אָפּגעגאָלטע קאָפּ האָט זיך עפּעס ארומגעוואַלגערט א מאָדנע העטקע. זיינע קליידער זיינען אפילו געוועזן גאַנץ, זיי זיינען אָבער געוועזן אזוי ברייט אויף איהם, אז מען האָט זיכער געקענט מיינען, אז ער האָט זיינע ריכטיגע קליידער ערגעץ פארביטען אויף די קליידער פון א דריי־הונדערט־פונטיגען דזשענטעל־מאַן, און אינ־גאַנצען האָט ער אויסגעקוקט ווי א לעבעדיגע שטיק הומאָר.

— סיי, דזשעק, וועגען וואָס דענקסטו? — האָט ער זיך צו מיר געווענדעט, האַלטענדיג די הענט אין די פאקעטס און דעם קאָפּ אביסעלע אָן א זייט. — פאר וואס גיסטו ניט קיין דאים?

און ער האָט דאָס געזאָגט מיט אזא מינע, אז דער דאים האָט זיך שוין כמעט ווי אליין אָנגעהויבען צו שלעפּען פון מיין פּאַקעט צו איהם...

— אָט איז א דאים, — האָב איך צו איהם געזאָגט, דערלאַנ־גענדיג דעם צעהן סענט שטיק.

— דאט׳ס גוד, דזשעק, — האָט ער א זאָג געטאָן, זיך אויס־דרעהענדיג אויפ׳ן קנאפעל, און צו־פייפענדיג... און ווען ער האָט

איהם באַטראַכט אויב ער איז ניט קיין פאַלשער, און אויסגעפּי־
נענדיג אַז ער איז „אַ קיי", האָט ער מיר דערלאַנגט אַ פרעהליכען
קלאַפּ אין פּלייצע, זאָגענדיג:

— דו ביסט אַ גוט מענשעל, קום לאָמיר מאַכען אַ שנאַנס...

איך האָב איהם אָבער ערקלעהרט, אַז ער מעג דעם דאָים אַליין
פאַרניצען געזונטערהייט, און מורא האָבענדיג אַז שטעהן אַ ווײלע
לייגנער קען נאָך אָנהויבען צו שמעקען מיט אַ קוואָדער, האָב איך
זיך אָנגעהויבען אוועקצורוקען...

און געהענדיג האָב איך הינטער מיר דערהערט די חברה־לייט
זאָגענדיג צווישען זיך: „ער איז אַ גוטער שיני..."

בין איך ענדליך אָנגעקומען אין רעכטען צענטער פון אידישען
קוואַרטאַל, און איך מוז זיך מודה זיין, אַז צווישען אידען פיהל
איך מיר דאָך בעסער... שוין דאַכט זיך כמעט אינגאַנצען אַ גוי...
נאָר פונדעסטוועגען פיהל איך מיר פרעהליכער צווישען די אידלאַך...
דאָס וואָרט „שיני" הערט מען דאָרטען ניט, און ניט גראַדע צוליב
מיר אַליין וויל איך דיזען וואָרט אויסמיידען, נאָר טאַקע צוליב
מיינע פריינט — די אויערען, מוז איך עס טאָן, ווייל זיי זיינען אין
דיזער הינזיכט זעהר עסטעטיש...

איך האָב זיך אַלזאָ געפונען אין רעכטען צענטער פון אידיש־
קייט: אידישע בערד, טשיקענס און באַנאַנעס.. דער טומעל איז
געוועזען גרויס יונג און אַלט, קליין און גרויס, זיינען געווען פאַר־
שמאַיעט, האָבען זיך געקאָכט, געשריען, געליאַרעמט אַזוי, אַז מען
האָט געקענט פאַרטויבט ווערען... איך האָב אָנגעהויבען צונויפצו־
קלייבען די ביסעל כחות, און האָב זיך געלאָזען שניידען אַ וועג
דורך דעם גרויסען פערביזעטען שטראָם מענשען.

— שיינגעץ! — האָב איך פּלוצלינג דערהערט אַ הייזעריי־
גען געשריי. — שיינגעץ! לאַכודרי! איך וועל דיר דערלאַנגען
אַזאַ כאַלעמודרעווע אין די זייטען, אַז דו וועסט זיך פאַרקייקלען
אין אַלדע כאַליערעס!

און זיך אַרומקוקענדיג פון וואַנעט דער געשריי איז געקו־
מען, האָב איך דערזעהען פאַר זיך אַן אַלטינקען, קוים לעבעדיגען

אידעלע, שטעהענדיג ביי א פרוכט סטענד, אין א שרעקליך אויפ־געדענגטען צושטאַנד, און פון זיין מויל האָט שוים געשלאָגען... סוויניאַטשי מאָרדא! פסאַקרעוו! הולטאַי! א כאָליערע זאָל דיר אוועקליינען, — האָט ער געענדיגט זיין ברכה, טופענדיג מיט די פיס, און צו מיין גרויסע איבערראַשונג האָט ער געקוקט אויף מיר.

טראַכט איך זיך, וואָס וויל דער איד פון מיר? און זיך ניט פיהלענדיג שולדיג, האָב איך איהם א פרעג געטאָן:

ר' איד, פאַר וואָס זידעלט איהר מיך?

— איך זידעל אייך? גאָט איז מיט אייך! פאַר וואָס זאָל איך אייך זידלען? — האָט ער זיך גענומען פאַרענטפערען.

— אָט די יונגאַטשעס זידעל איך! — האָט ער מיר אָנגעהויבען צו ערקלערען, אָנווייזענדיג מיט'ן פינגער אויף צוויי געזונטע חברה־לייט, — אָט זיי זאָל אזוי רייסען די קישקעס, ווי זיי רייסען פון מיר ארוים דעם ביסען פון מויל... זייט מוחל, מיסטער, איך האָב אייך גאָר ניט געמיינט.

און איך האָב טאַקע באַלד אויסגעפונען פאַר וואָס ער האָט געקוקט אויף מיר... ער איז געווען א קאַסאָקער, און א קאַסאָקער קוקט ווי א שלעכטע שוויגער שילט... זי שילט די טאָכטער, און מיינט די שנור...

געהענדיג אין „צענטער פון אידישקייט", אין א ביזי טאָג, מוז מען ניט ווילעדיג אָנהויבען צו טראַכטען פון א לייף אינשורענס פּאָליסי... איך בין כמעט ווי זיכער, אז ווען איינער, ביי וועמען א האַנט איז פּאַראַליזירט געוואָרען, זאָל דורכגעהן אין א ביזי טאָג יענע סטריט, וואָלט ער איהר זיכער אָנגעהויבען צו פיהלען... פּלייצעס, קעפּ, הענט, פיס, באַרלאַך, וועגען, קללות, א. ז. וו., א. ז. וו., וואָלטען איהר אזוי פיל געריבען, אז די בלוט אין איהר וואָלט זיך אָנגעהויבען צו צירקולירען...

אויפ'ן סיידוואָק איז אונמעגליך צו געהן, ווייל די קליידער זיינען דאָן ניט זיכער מיט'ן לעבען... פון ביידע זייטען סיידוואָק שטעהען אויסגעשטעלט באַרלאַך מיט קרויט, פּיקעלס, טאָמייטאָס

און הערינג, און זייערע רייפען, וועלכע זיינען טיילווייז צופלאצטע, האבען א „נאטור" צו פארטשעפען יעדען פארבייגעהער...

טרעפט זיך אמאל, אז עס געלינגט שוין ווי עס איז דורכצו־קריכען, און די רייפען טשעפענען ניט, קומט אונטער א ווייבעל און הויבט אן צו דינגען הערינג... די הערינג־אידענע הויבט אן צו שלעפען איין הערינג נאכ'ן צווייטען און הויבט אן אפצוטרייס־לען די זאלץ פון זיי, און — דער ראק, די ווייסע העמד, און דער נעקטאי קריגען זומער־שפרינקלאך... אמאל טרעפט זיך, אז געה־ענדיג גליטשט מען זיך אויס פון א שטיקעל באנאנא שאלעכץ, און מען פאלט ארויף אויף א קופ לעבעדיגע טשיקענס, און די טשיקענס שרייען, מאכען געוואלדען, און זיי מיינען אז אט ענדיגט זיך די וועלט... הויבט מען זיך אויף, געפינט מען זיך אין דער געזעלשאפט פון טויטע, אפגעפליקטע טשיקענס, וועלכע הייגען אויף אזעלכע מאכערייקעס איבער'ן קאפ, און דער קאפעליוש קריגט רויטע פלעקען... קומט אן א פאליסמאן, ווערען די פושקארטס פעדלערס שטארק דערשראקען און זיי, מיט זייערע פושקארטס הויבען זיך אן שטארק צו באוועגען... דער פאליסמאן שרייט: „מואוו אן!" די טשיקענס שרייען... די עקספרעס לייטע, וועלכע קומען אן מיט זייערע וועגען פון הינטען און פון פארענט שרייען... קומט אן א קאר, און — דער מאטארמאן שרייט... די פיש־לייט שרייען: „ביליג פיש!" א מאל וואַרפען זיי נאך אונטער עטליכע קללות, און די „פאמיליע" ווערט גרעסער... א מאל צאפעלט זיך ארויס א לעבעדיגער פיש פון א בעל־הבית'טעס בעסקעט, און זו־כענדיג איהם אויף דער ערד, הויבט מען איהר אן צו שטופען, און זי שרייט אויך... און עס איז אזוי לעבעדיג, אזוי פרעהליך...

איך בין קוים ארויס א לעבעדיגער פון דארטען, און איך האב זיך געלאזען געהן האסטיג אום ארויסצוקלייבען זיך פון דיזען תוהו ובוהו...

איך בין ענדליך נעקומען אין א פיל בעקוועמערע סטריטעל, וואו עס וואהנען שוין גוים אויך, און... א אידעל האט זיך אן מיר אנגעשטויסען...

— וואָס לויפט איהר אזוי, ר' איד? — האָב איך איהם א פרעג געטאָן.

— וואָס הייסט, וואָס איך לויף? — האָט ער מיר מיט א פראגע געענטפערט אָנווייזענדיג אויף זיין לאנגע באָרד... איהר זעהט ניט? שוין באלד 12 א זייגער... די שקצים וועלען באלד ארויסלויפען פון סקוהל, און מיין באָרד איז אין געפאהר... זייט מוחל... איך האָב קיין צייט ניט, איך מוז לויפען...

און ער איז געלאָפען ווי אַן אונטערגעשאָסענער...

### 3.

געוועזן שרעקליך היים יענער אבענד און איך האָב זיך אריינגעכאפט אין א „סקוועער" כאפען אביסעל לופט. אזוי זיצענדיג, האָב איך פלוצלונג דערפיהלט א האנד אויף מיינעם א שולטער, און פאר מיינע אויגען איז ערשינען א לאנגער איד מיט א שפּיציגע בערדעל.

„וואָס טוט איהר דאָ איצטער?" — האָט דער איד, וועלכער איז מיר געווען אביסעל באקאנט, געזאָגט מיט א שמייכעל — פארוואָס געהט איהר ניט אהיים זיצען? איהר האָט דען קיין היים ניט?..."

אָנפאנגס האָב איך געמיינט, אז דער איד ערלויבט זיך אין אזא היץ צו טרייבען שפּאס מיט מיר, און איך בין שיער אין כעס געוואָרען, באלד אָבער איז מיר דער כמעט־כעס איבערגעגאנגען, און איך האָב אָנגעהויבען צו באוואונדערען זיין העלדישקייט וואָס, טראָץ דעם וואָס עס איז אזוי שרעקליך היים לאכט ער זיך אויס פון דער היץ, און ער ווייזט נאָך אזא פרעהליכען פנים.

האָב איך איהם ערקלערט, אז איך בין געקומען דאָ אין סקוועער ראטעווען זיך פון דער היץ.

„וואָס? — האָט ער געזאָגט מיט א האלבען געלעכטער — וואָס? אין סקוועער זיך ראטעווען? דאָ איז דען קיהלער ווי אַנדערשוואו? איהר קומט בעסער צו מיר אין דער היים און דאָרטען וועט איהר פיהלען א סך קיהלער".

אויף מיין פראַגע אויב ער וואָהנט אין אַן אייזבאַקס, האָט ער אַ שטאַרקען שמייכעל געגעבען און דאַן האָט ער מיר אָנגעהויבען צו ערקלעהרען וואָרום ביי איהם אין הויז איז קיהלער ווי אַנדערש־וואו.

„פאַרשטעהסט איהר מיר — האָט ער אָנגעהויבען — איך האָב אַ מאָדנע ווייב, און אַ דאַנק איהר, לייד איך ניט אַזוי שטאַרק זומער פון דער היץ און ווינטער פון דער קעלט... מיין ווייב'ס קללות פיקסען עס ריכטיג... ווינטער, אין די גרעסטע פרעסט, ווערט מיר פון זיי הייס און זומער צוטרייסלען די קללות די לופט און עס ווערט אַ היבש ביסעל קיהלער... ווען זי שילט די שכנים אין דרוי־סען, מאַכען זיי ניט אַזאַ גרויסע ווירקונג אויף דער לופט, ווייל דער שטח איז צו גרויס, אָבער אין הויז איז אָלל־רייט; ניט נאָר צו־טרייסעלט זי מיט איהרע קללות די לופט, זאָנדערן די גאַנצע „פאַרניטשוי" הויבט זיך דאַן אָן צו באַוועגען... קומט צו מיר אין הויז, איהר וועט זיך אַביסעל אָפּקיהלען..."

און ער האָט געגעבען אַ פינטעל מיט'ן אויג און ער איז אַוועק לאַכענדיג מיט יאַשטשערקעס...

אין סקווער האָבען זיך געפונען טויזענדער מענשען, צווישען זיי אויך ניט ווייניג טרעמפּס, וועלכע האָבען געכראָפּעט מורא'דיג. אַלע ווייַלע האָט זיך דערהערט אַ קללה אַרויסקייקלענדיג פון זייער גרופּע. אַמאָל האָט איינער זיך אַרונטערגעקייקעלט פון אַ באַנק, און ער האָט זיך שטאַרק געבייזערט אויף זיינע קאָלעגען וועמען ער האָט באַשולדיגט אין אָפּטאָן איהם אַ שפּיצעל... צו קיין ערנסטעס איז אָבער ניט געקומען; דיזע מענשען לעבען זיך אין פרידען איינע מיט די אַנדערע.

„סעי, דזשאָהן, — האָט איינער פון די טרעמפּס האַסטיג אַ זאָג געטאָן צו אַ צווייטען — סעי, פאַרוואָס קענסטו ניט זיין קיין דזשענטעלמאַן?... אַ מענש שלאָפט, דאַרף מען איהם לאָזען שלאָ־פען".

„אַז מען וויל שלאָפען, געהט מען אַהיים און מען דאַרף זיך ניט אַרומוואַלגערען ווי אַ וואַגאַבונד — האָט דער צווייטער טרעמפּ געענטפערט דעם ערשטען — אַ גרויסער מענש ווי דו

דאַרף זיך ניט אויסציהען ווי אַ פיש אין מיטען סקווער און מען זאָל דאַרפען לאַכען פון איהם..."

האָט איהם דער ערשטער ניט געענטפערט, און ער האָט ווייטער אָנגעהויבען צו כראָפּען אויף אַ הויכען שטייגער...

„סעי, מר. קארוסא — האָט ווידער אַן אַנדערער פון דער גרופּע אָפּגערופען זיך, ווען ער האָט דערהערט דעם כראָפּען פון זיין קאָלעגע — דער אָפּערא סיזאָן האָט זיך נאָך ניט אָנגעפאנגען און דו האָסט זיך שוין צוזונגען... דאָ איז אָבער ניט קיין אָפּערא הויז... געה אוועק פון דאַנען... לאָז כאַפּען אַ דרעמעל".

אַלע ארומזיצענדע, וועלכע האָבען זיך צוגעהערט צו דעם געשפּרעך, האָבען זיך הארציג צולאַכט, און דיזער געלעכטער האָט אַלע טרעמפּס אויפגעוועקט. זיי האָבען זיך אָבער איבערגעקעהרט אויף דער אַנדער זייט, און זיי האָבען זיך ווידער גענומען צום שלאָפען אויף אַ ריכטיגען שטייגער.

ניט ווייט זיינען געזעסען עטליכע פרויען אויף אַ פּאָר בענק און זיי האָבען געהאַלטען אַ היציגע דעבאַטע.

„איך האָב איהם אין דער ערד — האָט איין פרוי האסטיג אַ זאָג געטאָן — ווער הייסט איהר זיך ארומשלעפּען מיט פרעמדע מענער? ווען זי וואָלט געווען אַ לייטישע פרוי, ווי אַלע לייטישע פרויען, וואָלט איהר מאַן ניט אוועק פון איהר..."

„און איהר מיינט, אַז זי איז די איינציגע וואָס פיהרט זיך אזוי? אזוי פיל גוטע יאָהרען זאָל איך האָבען, טאַטע זיסער, וויפיל פרויען עס זיינען דאָ ווי זי איז; נאָר וואָס דען, די מענער זייערע זיינען גרויסע פערד, און זיי מיינען אַז זייערע פרויען זיינען אַנשטענדיג"— האָט אַ צווייטע פרוי אריינגעוואָרפען אַ באָמבע.

„און איהר מיינט, אַז מען קען די מענער אַלע מאָל בליימען פאַרוואָס זיי געהען אוועק פון זייערע פרויען און זיי פאַרטשעפּען זיך מיט אַנדערע ווייבלאַך? — האָט אַן אַנדער פרוי פון דער גרופּע אַ זאָג געטאָן — וועניג שלעק זיינען דאָ צווישען אונז, ווייבער, וואָס? וועניג פרויען טרייבען זייערע מענער אוועק פון דער היים?"

„נעווער מאַינד — האָט די ערשטע פרוי געזאָגט — עס מעג די מענער אויך כאַפּען די כאָלעריע — אזא יאָהר אויף זיי וואָס

פאר א טייערע מענשען זיי זיינען! אז זיי דערזעהען א שעהנע ווייבעל, כאפט זיי דער קלאג... זיי ווילען איהר שוין ניט אפלאזען, ביז זיי כאפען איהר אריין אין זייערע נעצען... נעוועד מאי, עס מעג קומען דער קלאג אויף אזעלכע מענער... זיי מאכען אונ־גליקליך א סך פרויען, וועלכע קענען זיי פון זיך ניט פארטריי־בען... נעוועד מאי, איך קען זיי, די מענער. ווייניג מענער, מיינט איהר, האבען זיך שוין צו מיר געטשעפעט? נאר וואס דען, איך האב זיי געגעבען האלז און נאקען, דאטס אלל".

„און צו מיר, מיינט איהר, האבען זיך שוין קיין מענער ניט געטשעפעט? — האט ווידער איינע געזאגט — איך האב זיי אין דער ערד. אהא, ווען איך וואלט געוואלט זיין ניט קיין פיינע פרוי! איך וואלט אין גאלד געגאנגען... נאר איך בין אן אנשטענ־דיגע פרוי. איך קער ניט פאר זיי..."

און מיר איז שיער ניט גוט געווארען הערענדיג די „דעבאטען" פון דער גרופע פרויען. מיין גאנצער גליק איז געוועזן, וואס אין סקווער האבען זיך געפונען קינדערלאך, וועלכע רופען אימער ארויס די שעהנסטע געפיהלען און אמת'ע פרייד. זיי זיינען ארומגע־לאפען אין סקווער כמעט האלב נאקעטע, און זיי זיינען געוועזן זעהר פרעהליך. זיי האבען די היץ געהערט ווי די קאץ; זיי האבען גע־לאכט, געטאנצט און געשפרונגען, און זיי האבען דעם גאנצען סקווער פרעהליך געמאכט. זאגאר די טרעמפס האבען פון צייט צו צייט אויסגעדריקט ליבע ווערטער צו די קליינינקע.

„פיין קידס — האט אן עלטערער טרעמפ געזאגט ווי צו זיך אליין — זיי זיינען פרעהליך, אבער זיי לאזען ניט שלאפען".

„סעי, ביל, — האט א צווייטער טרעמפ געזאגט צו זיינעם א חבר — סעי, דו ביזט אמאל געוועזן א קיד? אזא אלטער נאר ווי דו האט מסתמא גאר קיין שכל ניט געהאט אזא שעהנע זאך ווי א „קיד" צו זיין... איך גלויב, אז דו ביזט געבארען געווארען אן אלטער נארר".

דער אלטער האט זיך אבער, ווי עס האט געשיינט, ניט גע־קימערט וועגען דער באליידיגונג. ער האט זיך בלויז אביסעל פארטיפט אין זיינע געדאנקען.

# די שטאָלצע בירגער.

בין איך אין אינדעפענדענט סקווער, וועלכער דערמאָנט אָן אזוי פיל שעהנע פאסירונגען, אָן אזוי פיל שעהנע טאטען פון מענשען, וועלכע זיינען שוין לאנג, לאנג טויט, וועלכע וועלען אָבער לאנג לעבען אין די הערצער פון פאָלק!... איך מאך א שפּאציר איבער דעם קליינעם, אבער שעהנעם, אנגענעמען גארטען אין — אינדעפּענדענס סקווער, און מיינע בליקען פאלען אויף די צעהנדליגע מענשען, וועלכע געפינען זיך דאָרטען. איך הויב זיי אָן צו באטראכטען, און פון הארצען רייסט זיך א זיפץ ארויס; איך פיהל זייער טראגעדיע; זיי זיצען דאָ, ווייל זיי האָבען אנדערש וואו ניט וואו צו זיצען; זיי דרעמלען דאָ, ווייל זיי האָבען קיין היימען ניט וואו די קעפּ אנידערצולייגען... די גליהענדע זונען־שטראהלען האָבען אלעמען צום טויט געמוטשעט, אָבער ווען דער אווענט איז געקומען, האָבען יענע זיך געפיהלט פרייער, גליקליכער, און ווען זיי האָבען זיך שוין אָנגעזעטיגט מיט דער פרישער, אנגענעמער לופט, זיינען זיי אין זייערע היימען געגאנגען, האָבען זיך אין די בעטען געלייגט, און דער זיסער שלאָף האָט זייערע אויגען געשלאָסען... דיזע אָבער — דיזע, וועלכע געפינען זיך אזוי שפּעט ביי נאכט אויף די בענק, האָבען קיין היימען ניט; זיי ווייסען ניט פון אזא לוקסוס ווי א בעט, אָדער א היים... דער בייזער שיקזאל זייערער האָט זיי פאר־משפט צו זיין וואנדערער; ניט צו האָבען קיין טאָג, און ניט צו האָבען קיין נאכט; צו זיין עלענד און זיך צו באָדען אין די קוועלען פון שמערץ... ביי טאָג וואנדערען זיי ארום איבער די גאסען, און ווען זיי קריגען וואס צו עסען, עסען זיי, ווען ניט באגעהען זיי זיך אָן דעם... זיי קענען די קונסט פון הונגערען...

ביי נאכט אָבער פארקלייבען זיי זיך אין דיזען סקוועד, און זיי זעצען זיך אוים אויף די ביינק, און זיי זיצען אזוי, דרעמלענדיג, איבער די נאכט... אמאָל וועקט זיי אויף דער הונגער, און אמאָל דערהערען זיי די בייזע גייסטער פון געזעץ און זיי מוזען זיך אויפ־כאפען... ווען אפילו אזוי גלאט א פארבייגעהער געהט פארביי זיי, עפענען זיי די אויגען, און אלעמען באטראכטען זיי מיט פאר־דאכט, און יעדערען באטראכטען זיי מיט געהיימניספולע בליקען...

אינטערעסאנט איז דאָס לעבען פון יעדען מענשען ווייל יעדער מענש איז א וועלטעלע פאר זיך אליין. יעדער מענשליכער לעבען האָט א הימעל און האָט א ערד; האָט „טעג" און האָט נעכט"; האָט שטראהלען און שאָטענס, שטורעמס און קעלטען, רעגנען און שנייען... א וועלטעלע פאר זיך אליין, און יעדער וועלטעלע איז אינטערעסאנט און באלעהרענד...

אָט דיזע וועלכע זיצען אויף די בענק, זיינען וועלטעלאך, קליינע, אונבאוואוסטע, אָבער וועלטעלאך זיינען זיי, און מיר האָט זיך פארוואָלט מיט דיזע וועלטעלאך זיך צו באקענען. איך האָב זיך דערפאר אוועקגעזעצט אויף א באנק, און איך האָב זיך געוואָלט צוהערען וואָס זיי ריידען; כאפען א וואָרט, א געדאנק. מאנכע פון זיי זיינען געשלאָפען, און זייערע קעפ זיינען אריבערגעהאנגען איבער די פארענטשעס פון די ביינק אויף וועלכע זיי זיינען געזע־סען; מאנכע האָבען געדרעמעלט האלטענדיג די קעפ אזוי איינגע־בויגען, אז זיי האָבען דערגרייכט צו זייער ברוסט; אנדערע ווי־דער זיינען געלעגען ווי שטיינער אויף די ביינק, אריבערגעדעקט מיט עפּעס איבער זייערע געזיכטער. ניט ווייט פון מיר זיינען אבער געזעסען א פּאָר מענשען און זיי האָבען גערעדט שטיל צווישען זיך; זיי האָבען געקוקט אויף מיר עפּעס ווי מיט פארדאכט; זיי האָבען הפּנים ניט געקענט זיך פּאָרשטעלען וואָס פאר א אינטערעסע איך קען האָבען אין זייער געזעלשאפט; איך האָב זיך אָבער געוואָלט באקענען מיט זיי; איך האָב געוואָלט וויסען, ווי אזוי זיי בליקען אויף זייערע אייגענע לעבענס, און ווי אזוי זיי בליקען אויף די

לעבענס פון אנדערע וועלכע זיינען גליקליכער ווי זיי זיינען... איז מיר איינגעפאלען א געדאנק זיי אָנצובאָטען סיגארעטלאך. איך בין צוגעגאנגען צו זיי מיט דער אָפענער באקס און — זיי האָבען מיך אָנפאנגס באטראכט מיט פארוואונדערונג... זיי זיינען אָבער באלד צו מיר פריינדליכער געווארען; זיי האָבען מיך איינגעלאדען לעבען זיך, אויפ'ן באנק, און מיר האָבען אָנגעהויבען צו ריידען — געוועהנליך וועגען דער מלחמה.

„צום טייפעל מיט זיי אַלעמען!" — האָט איינער פון מיינע „שכנים", א מאן פון א יאָהר פופציג, מיט שטארק איינגעשמירטע קליידער, א זאָג געטאָן, א מאך געבענדיג מיט'ן האנט — „עס איז ניט ווערט צו געהן אין מלחמה און אוועקגעבען דעם לעבען. וואָס האָט מען דערפון?"

„רזשים" — האָט דער צווייטער געזאָגט צו איהם — „דו ביזט אונגערעכט; יעדער מענש דארף פארטיידיגען זיין לאנד; מען דארף טאָן א בירגערליכע פליכט."

„נאַרישקייטען!" — האָט דער ערשטער א זאָג געטאָן, א שפיי געבענדיג — „אָט ביסטו א בירגער פון אזא רייכע לאנד ווי די יונייטעד סטייטס, און וואָס טוט די יונייטעד סטייטס פאר דיר? אָט ליגסטו ווי א הונט אין אינדעפּענדענס סקווער, און ווער קעהרט פאר דיר? צום טייפעל מיט זיי!"

דעם צווייטען האָט אַביסעל פארדראָסען די „שטארקע שפּראך" און ער האָט מיט זיין קאָלעגע אָנגעהויבען צו ארגומענטירען — איהם צו באווייזען, אז יעדער בירגער דארף זיין פּאטריאָטיש גע־נוג צו געהן פארטיידיגען זיין לאנד, און ווען נויטיג, אפילו זיין לעבען אָפּגעבען פאר איהר.

„א מענש, וועלכער האָט ניט קיין פּאטריאָטישע געפיהלען, איז ניט ווערט וואָס ער געהט ארום אויף דער וועלט" — האָט ער גע־זאָגט, זיך אויפשטעלענדיג.

די דעבאטע איז אַלץ געוואָרען היציגער, און פון דעם הייסען געשפּרעך האָבען זיך אנדערע פון די ביינק אויפגעכאפּט. דער־הערענדיג וועגען וואָס עס האנדעלט זיך, האָבען די אנדערע לאנג ניט

געוואַרט, און זיי האָבען זיך באַלד אין דער דעבאַטע אויך אַריינגע־וואָרפען. איינער האָט אָנגעגריפען דייטשלאַנד, ערקלעהרענדיג, אַז זי איז די שולדיגע אין דער מלחמה; אַן אַנדערער האָט ערקלערט, אַז ענגלאַנד איז די שולדיגע אין דעם וועלט קריג. האָט זיך גע־פונען אַ דריטער, און ער האָט פאַרזיכערט אַז פראַנקרייך איז שול־דיג אין דער שוידערליכער מלחמה. די דעבאַטע איז געוואָרען אַלץ הייסער, אַלץ פאַרביסענער; איינער האָט פאַרטיידיגט איין לאַנד און דער צווייטער אַ צווייטע לאַנד. באַלד האָבען זיי זיך פער־זענליך אָנגעגריפען, און זידעל ווערטער האָבען זיך געהערט.

„צום טייפעל מיט ענגלאַנד — האָט איינער געשריען — זי איז אַ לאַנד וועלכע רויבט פעלקער אין אַלע צייטען; זי איז אַ פּיראַ־טען לאַנד.”

„בעסער מאַך צו דיין מויל, אַז ניט וועל איך איהר צומאַכען פאַר דיר” — האָט אַנאַנדער געשריען צו דעם, וועלכער האָט ענג־לאַנד באַליידיגט — „איך בין געבאָרען געוואָרען אין אַמעריקאַ, אָבער מיינע עלטערען קומען פון ענגלאַנד, און איך וועל ניט לאָ־זען, אַז דאָס לאַנד פון מיינע עלטערען זאָל באַליידיגט ווערען”.

„איך בין אויך אַן אַמעריקאַנער בירגער” — האָט ווידער אַנ־אַנדערער געשריען — „אָבער וואָס אמת איז אמת — דייטשלאַנד איז גערעכט! האָב נאָר געדולד, דזשעק; דו וועסט זעהן, אַז דייטשלאַנד וועט נאָך צונעהמען לאָנדאָן אויך... זי איז שוין ניט ווייט פון פּאַריז; זי האָט שוין אַ שטיק פּוילען, און זי האַלט שוין כמעט ביים איינגעהמען גאַנץ רוסלאַנד; מיט דייטשלאַנד שפּילט מען זיך ניט; זי קען איינגעהמען די וועלט אָללרייט, אָללרייט!”...

דיזע ווערטער האָבען אַלע „ביינק מענשען” ווי אונטערגעצונ־דען, און אַ ווערטער מלחמה האָט אויסגעבראָכען... יעדע לאַנד איז פון איינינע פאַרטיידיגט געוואָרען, און פאַרקערט, איז יעדע לאַנד פון די געגנער געוואָרען אָנגעגריפען:

„טו העלל וויטה דזשוירמעני!”

„טו העלל וויטה פרענס!”

„טו העלל וויטה ענגלאַנד!”

# אין א „האָטעל״.

זייענדיג אין „האָטעל״ פאר טרעמפּס, האָב איך, אויף זיי קו־קענדיג, געפיהלט ווי צו וויינען, אָבער — זיי האָבען מיר די געלע־גענהייט ניט געגעבען. דער האָטעל גופא, טראָץ זיין טראגישען אויסזעהען, האָט געשפּריצט מיט הומאָר. די אונגליקליכע אליין — יעדענפאלס די מייסטע פון זיי — זיינען געווען גוט „אויפגע־לעגט״, וויציג, און עס האָט אויסגעקוקט ווי זיי האָבען די וועלט מיט אלע איהרע רייכטימער אפילו אין דער לינקער פּאה ניט... זיי האָבען זיך פארבראכט אויף זייער אייגענעם שטייגער און דער טראגיזם פון זייער לעבען איז ביי זיי געווען עפּעס ווי א נויט־ווענדיגקייט...

נאָכדעם ווי איך האָב שוין פארבראכט א היבשע צייט אין ווארט־צימער פון „האָטעל״, האָט זיך מיר אויך פארוואָלט א קוק טאָן אין די צימערען אין וועלכע די טרעמפּס שלאָפען. אזוי ווי זיי האָבען מיר שוין באטראכט פאר א „גוד באָי״ און פאר איינעם, וועמען מען דארף זיך ניט שעהמען צו האָבען אין זייער געזעל־שאפט, האָבען זיי ניט געהאט דאגעגען, אז איך זאָל די רומס באקוקען... איינער פון זיי, א חברה־מאַן, ביי וועמען די לינקע אויג איז געווען האלב פארמאכט פון א קלאַפּ וואָס ער האָט גע־קראָגען פון א גוטען ברודער, האָט זיך גענומען די מיה מיר אין די רומס צו פיהרען. געוועהנליך ניט פאר אומזיסט... די געשיכ־טע האָט מיר געקאָסט א פּאָאר צעהנדליג סיגארעטען פאר „די באָיס.״

די צימערען זיינען א שפּאַן אויף א שפּאַן די גרויס. פינס־טער שמוציג, די ווענט האָבען געהאט דעם אָנבליק פון די פּנים'ער פון מאנכע געסט, — צושלאָגענע און ברודנע... געשטאַנען דאָר־

מען בעטען, וועלכע האָבען זיך „צושריען" אזוי שנעל ווי מען האָט זיך נאָר צו זיי צוגעריהרט... מאַנכע פון זיי האָבען גע־קוויטשעט, עפּעס ווי זיי וואָלטען געהאַט דעם קייך־הוסט...

אויף די בעטען האָבען זיך געפונען מאַטראַצען, קישעלעך און קאָלדרעס, וועלכע האָבען געהאַט פאַרשידענע קאָלירען, אַ דאַנק די לאַטעס, וועלכע האָבען זיך שטאַרק אָנגעזעהן... צווישען די „קאָ־לירען" האָבען זיך געפונען לעכער, דורך וועלכע געוויקסיגע קעטץ וואָלטען לייכט געקענט דורכלויפען ניט פאַרטשעפּענדיג די פּיס־לעך... מיט וואָס די „בעטגעוואַנד" איז געווען אָנגעפּילט איז שווער צו זאָגען, ווייל נאָהענט דערצו צוצוקומען איז ניט געווען אזוי לייכט צוליב די „ריחות" וועלכע האָבען זיך געטראָגען פון דאָרטען... בין איך געבליבען שטעהן ביי די טהירען, און פון דאָרטען האָב איך באַטראַכט דעם „צויבער" פון אינווענינג.

אויף אַ שטוהל אָהן אַ ווענטעל, האָב איך אין אַ צימער, וועל־כער האָט שוין יאָ געהאַט אַ פענסטעריל, דערזעהן אַ האַלב־נאַקע־טען, איינגאַנצען באַרוועסען און גאָר ניט קיין שעהמענדיגען מענשעל, זיצענדיג, און וועהרענד ער האָט זיך מיט איין האַנט שטאַרק גע־קראַצט דעם קאָפּ, האָט ער אין דער צווייטער האַנט געהאַלטען אַ שוך, און ער האָט איהם באַטראַכט פון אַלע זייטען.

— וואָס קוקסטו אזוי אויף איהם, דיק? — האָט מיין באַ־גלייטער איהם מיט אַ האַרציגען געלעכטער אַ פרעג געטאָן — דו קענסט איהם ניט אַרונטערשלינגען, קענסטו?

האָט זיך דיק אומגעקעהרט און האָט מיט דער לינקער אויג אַ פינטעל געטאָן:

— איך נעהם דאָס איצטער „סטאַק" — האָט ער מיט אַ ברייטען שמייכעל אויף זיין ניט־ראַזירטען פּנים פרעהליך אַ זאָג געטאָן — איך נעהם סטאַק, באָיס. איהר פאַרשטעהט, יעדער ביזנעסמאַן נעהמט יעדען יאָהר סטאַק, אום צו וויסען אויף וואָס פאַר אַ וועלט ער איז אין ביזנעס... איך טהו אויך אזוי... פאַר־אַ־יאָהרען האָבען מיינע שיך געהאַט צו איין לאָך, היינטיגען יאָהר

בין איך רייכער געוואָרען אין נאָך א פּאָר לעכער... איך האָב אויך געהאַט א גרויסען פאַרלוסט... יו סי, פון איין שוך ביי מיר איז א קנאַפּעל אַרונטערגעפאַלען. צום טייפעל מיט איהם!

און דאָס זאָגענדיג, האָט ער דעם שוך א שליידער געטאָן אן ד'ערערד, אויסשיסענדיג מיט א געלעכטער. ער האָט אָבער באַלד חרטה געהאַט. ער האָט דעם שוך אויפגעהויבען און ער האָט איהם ווידער באַטראַכט מיט א געמאַכטען ערנסט.

— איך דענק אז איך וועל דעם חברה־מאַן האַלטען אלס אָנ־דענק פון מיין דלות — האָט ער ווי צו זיך אליין געזאָגט, און ער האָט איהם אָנגעהויבען אָנטאָן...

איך האָב באַטראַכט דעם אונגליקליכען, און איך האָב איהם באַוואונדערט. אזוי אויסלאַכען דעם בייזען שיקזאַל זיינעם, אזוי מוטיג קוקען דעם אונגליק אין די אויגען!... די „געזעלשאַפט־ליכע" העלדען, די נפשות, וועלכע קוקען פון אויבען אַראָפּ, ווערען צוזאַמענגעפאַלען ביי דעם ערשטען צוזאַמענשטויס מיט'ן בייזען שיקזאַל; זיי פאַרלירען זייערע קעפּ ווען דער אונגליק גיט זיי בלויז א שנעל אין נאָז... דיזע טרעמפּס אָבער, די פאַרשטויסענע פון דער געזעלשאַפט, די פאַרלאַכטע, די פאַרשפּאָטעטע, וועמען דער אונגליק שליידערט אַרום ווי א פּילקע פון איין עק לאַנד אין דעם צווייטען, מאַכען חוזק פון איהם; ער איז עפּעס ווי הילפלאָז נעגען זיי.

— וואָס ביזטו אזוי אומעטיג, דזשים — האָט מיין באַגליי־טער געזאָגט צו מיר האַלב לאַכענדיג — דו ביסט דאָך ניט איצטער ביי א לויה... סטאַפּ אזוי פיל צו דענקען... נאָו יוז...

— און אפשר — האָב איך א טראַכט געטאָן — לוינט זיך טאַקע ניט צו דענקען... גראַדע מענשען אָהן קעפּ זיינען פון די גליקליכסטע...

פּלוצלונג האָב איך דערהערט א שטילען געזאַנג אַרויסקומענ־דיג פון צווייטען צימער. אמת, דער געזאַנג איז ניט געווען „אָפּ־טו־דייט", אָבער — א געזאַנג אין א קברים־שטיבעל!... האָב איך זיך צוגערוקט צום טיר פון צימער פון וואַנען דער געזאַנג איז געקומען. איז אויף א בעטעל געלעגען אַן עלטערער מענש

אויפ'ן רוקען און געקוקט אויפ'ן סילינג, וועלכער האָט געהאַט טויזענט הנ'ען... אויסער די צוריסענע שטיקער פּייפּער, וועלכע זיינען פון סילינג געהאַנגען, זיינען די ווינקלען אויך געווען „באַ־פּוצט" מיט „בוקעטען" שפּינוועב... געלעגען איז דער מאַן אין זיינע קליידער, און אַפילו אין די שיך; זיינע הענט האָט ער גע־האַלטען אונטערגעלעגט אונטער זיין קאָפּ, וואהרשיינליך העכער צו מאַכען זיין „צוקאָפּענס."

— העללאָו — האָב איך צו איהם געזאָגט אויף אַ גאַנץ היימישען שטייגער, ווייל מיין באַגלייטער, וועלכער האָט הפנים געוואוסט וואָס ער רעדט, האָט מיר פאַרזיכערט, אַז מען מעג ריידען צו די „באָמס" ווי צו אייגענע מענשען, און אַז ווען מען רופט זיי ניט „מיסטער" באַליידיגען זיי זיך אויך ניט.

— העללאָו, דזשאַהן — האָט ער עטוואָס דעם קאָפּ אַ דרעה טוענדיג צו מיר, אַ זאָג געטאָן — וואָס מאַכסטו? ווילסט רענ־טען אַ רום? קענסט האָבען מיינע... איך געה שוין מאָרגען אַרויס אויפ'ן וועג... גיב מיר בלויז אַ סיגאַרעטעל פאַר וואָס איך לאָז דיר די מציאה...

— דאָ וואָלט פאַר מיר געווען צו האַרט צו שלאָפען — האָב איך איהם ערקלעהרט.

— לאַיק העל וואָלט דאָ געווען האַרט צו שלאָפען — האָט ער געזאָגט צו מיר, מיר באַטראַכטענדיג פון אויבען ביז אַראָפּ... ווען מען געוואָהנט זיך צו צו דעם איז אָללרייט... דו ביזט ניט קיין טרעמפּ; דו ווייסט ניט וואָס גוט איז...

ווען איך האָב איהם געגעבען דעם סיגאַרעטעל, האָט ער איהם גוט באַטראַכט; האָט מיר געבעטען אָנרייבען אַ מעטש, באַמער־קענדיג:

— איך בין אַזוי פויל אַז איך פויל זיך אַפילו אַ מעטש אָנצו־רייבען, דזשאַהן.

— סעי, דזשאַהן — האָט ער, זיך קראַצענדיג דעם קאָפּ מיט ביידע הענט, אין אַ פאַרטראַכטער פּאָזע, אַ זאָג געטאָן — דו האָסט ליב מוזיק?

— שור — זאָג איך צו איהם — וועלכער מענש גלייכט עס ניט קיין מוזיק?

— דאָן זאָלסטו רעכנען מיין רום און שלאָפען אין מיין בעט... זי איז אַן אמת'ע מוזיק־באָקס און זי איז „פול מיט לעבען... לאָמיך דיר זאָגען: איכ'ל בעסער שלאָפען אין אַזאַ בעט, איידער אין אַ בעט פון אַ רייכע הויז... איין מאָל האָב איך זיך אריין גע'גנב'עט אין אַ רייכע הויז, און איך האָב זיך געלייגט שלאָפען אין אַ בעט, בין איך איינגעזונקען געוואָרען אין די בעט־געוואַנד און איך האָב זיך ניט געקענט געפינען... די פּערענעס און די קישענס האָבען מיר ארומגענומען אזוי, אז איך האָב דעם אָטעם ניט געקענט אָפּציהען... איך וועל דאָס קיינמאָל ניט פארגעסען... איך האָב זיך קוים ארויסגעראַטעוועט פון דאָרטען... דערנאָך איז אָנגעקומען דער פּאַרמער, אַ פּאַסקודנער נפש, און ער האָט אָנגעריצט אויף מיר די הינד... נאָוסער, מעהר זעהט מען מיך שוין דאָרטען ניט...

— צום טייפעל מיט זיי! — האָט זיך דערהערט אַ געשריי פון אַן אנדער צימער.

האָט מיין באַגלייטער מיך געכאַפּט פאַר'ן שולטער.

— קאָם אָן, דזשים — האָט ער געזאָגט צו מיר — לאָמיר זעהן וואָס דער באָס איז דאָרטען אזוי פאַרצווייפעלט.

זיינען מיר געגאַנגען, און מיר האָבען זיך אָפּגעשטעלט לעבען אַ דונקעלע רום וועמעס טיהר עס איז געווען אביסעל אָפען. מיין באַגלייטער האָט מיט דער רעכטער פוס געגעבען די טיהר אַ בריק. די טיהר האָט זיך האַסטיג געעפענט, און פאַר אונז איז ערשינען אַ כמעט נאַקעטער מענש מיט אַ פליכעוואַטער קאָפּ, קורצע פיס און מיט אַ היבש בייכעל. אין די הענט האָט ער געהאַלטען אַ פּאָר הויזען און ער האָט געקוקט אויף זיי מיט פארצווייפלונג.

— וואָס שרייסטו אזוי, ספּאָרט — האָט מיין באַגלייטער איהם געפרעגט — אין טראָבעל?

— העל! — האָט דער „ספּאָרט" געזאָגט מיט כעס — איך קאָן אין זיי ניט אריינקריכען.

— אין וועמען? — האָט איהם מיין באַגלייטער געפרעגט.

— וואָס הייסט אין וועמען? אין די הויזן קען איך ניט אריינקריכען!

— וואו האָסטו געכאַפּט אזא פּאָר הויזען? האָסטו זיי גאָר ניט אָנגעמאָסטען פריהער?

— ווי אַזוי האָב איך זיי געקאָנט מעסטען? איך האָב זיי דען געקויפט?

— וואו דען האָסטו זיי גענומען?

— איך געדענק ניט... איך בין פארביי געגאַנגען אַ סעקאַנד הענד סטאָר, האָב איך געזעהן אין דרויסען הייגנענדיג הויזען, האָב איך גענומען אַ פּאָאר. טאַ ווי אַזוי האָב איך זיי געקענט מעסטען? טו העל מיט זיי! אַזאַ זאַך האָט מיר נאָך ניט געטראָפען.

איך האָב געפיהלט ווי די כחות געהען מיר אויס פון לאַכען. דער פליכעוואַטער האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ העכסט טראַגי־קאָמישע בילד... זיינע אויגען האָבען געברענט ווי פייער; פון זיין מויל האָט שוים געשלאָגען; ער האָט געשאָלטען דעם סטאָר־קיפּער, זיין בייזען מזל, און עטליכע קללות האָט ער מיט גרויס אימפּעט אריינגעיאָגט אין די פענטס גופא... ער האָט נאָך אַמאָל פּרובירט די שמאָלע הויזען אויף זיינע פעטע פיסלאַך ארויפציהען, אָבער עס האָט ניט געהאָלפען; מיין באַגלייטער האָט איהם געהאָל־פען „מאַכען דעם דזשאָב“, אָבער אָהן ערפאָלג.

— נאָו יוז, באָים — האָט ער ענדליך ענטשלאָסען אַ זאָג געטאָן, — איך קען אין זיי ניט אריין, דאַטס אָלל!

איך האָב געפיהלט, אַז שטעהן לייגגער אין „האָטעל“, וועל איך פארלירען די כחות לאַכענדיג. האָב איך די „באָיס“ געזאָגט „גוד באַי“, זיי איבערלאָזענדיג, נאַטירליך, עטליכע סענט, און איך בין אוועק.

— קום אריין נאָך אַ מאָל, דזשים — האָט מיין באַגלייטער געזאָגט צו מיר אַ וואונק געבענדיג...

## דער „ליגנער."

טרעפט מיר אַן אָפּגעריסענער עלטערער מאַן, און ער פרעגט מיר אויף אַ סטריט, וועלכע איז מיר ניט באַקאַנט געווען.

„איך קען דיר ניט זאָגען, ברודעריל, — האָב איך געזאָגט צו איהם — די סטריט איז מיר ניט באַקאַנט."

האָט ער אַ שטאַרקען זיפץ געטאָן.

„שוין לאַנג, לאַנג, פריינד, — האָט ער מיט אַן אומעטיגע שטימע געזאָגט — ווי מען האָט מיר מיט דעם שעהנעם נאָמען „ברודער" גערופען... קיינער האָט מיך אפילו ביז איצטער פאַר קיין מענש ניט באַטראַכט... מען האָט מיך גערופען טרעמפּ און באַם, און דאָס אַלעס! ווי געשמאַק עס איז דעם נאָמען „ברודער" צו הערען."

האָט מיך אביסעל פאַרקלעמט ביים האַרצען און איך האָב איהם אָנגעהויבען צו טרייסטען.

זיין פּנים איז ענדליך אביסעל פרעהליכער געוואָרען.

„נו — האָט ער זיך רייבענדיג די הענט, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט זיי געוואָלט אָנוואַרימען, געזאָגט:

„אַז דו רופסט מיר שוין יאָ ברודער, דאַן צייג מיר דיין ברו־דערליכקייט... איך חלש אַ שנאַפּס... איך האָב קיין סענט ניט ביי דער נשמה... פּליז, גיב אַ ניקעל און ס'וועט זיין אָלל־רייט."

און איידער וואָס־ווען האָט ער שוין געהאַלטען אַ האַנט אויס־געשטרעקט... איך האָב געפיהלט, אַז דערפאַר וואָס ער האָט גע־זאָגט דעם אמת, אַז ער חלש'ט צו מאַכען אַ שנאַפּס, האָט ער פאַר־דינט אַ ניקעל, און איך האָב זיין וואונש ערפילט...

האָט ער מיר אַ ביסעל אָנגעקוקט. דערנאָך האָט ער אויף אַ גאַנץ אינטימען אופן מיר דערצעהלט:

„פארשטעהסטו, — האָט ער אָנגעהויבען — איך האָב דיר אָפּגענארט... איך וויל גאָר ניט קיין שנאַפּס; איך וויל עסען. איך האָב אויסגעפונען אַז ווען מען בעט אויף עסען ניט מען ניט... אַלע טרעמפּס בעטען אויף עסען און מען גלויבט זיי ניט... האָב איך באַשלאָסען, אַז ווען איך וועל וועלען עסען, זאָל איך בעטען אויף אַ טרונק בראַנפען, און איך בין געווען זיכער, אַז דאָס וועט מען זיכער גלויבען אויף אַ טרעמפּ. יעדער „ספּאָרט", ווען מען זאָגט איהם עפּעס וואָס ער גלויבט אַז עס איז אמת, וועט ניט זשאַלעווען אַ פּאָר סענט... זאָג איך אַלע מאָל אַ ליגען און מען מיינט, אַז עס איז אמת, און — מען גיט... נוד־באַי, בראָדער"...

# דער פארשטויסענער פּאָעט.

„איהר הערט וואָס איך זאָג אייך? די גאַנצע וועלט מעג ברענען! דריי יאָהר האָב איך לאַנגע האָר געטראָגען, און איך האָב זיי אָפּגעשניטען. איך האָב זיי ווידער געלאָזען וואקסען דריי יאָהר, און איך האָב זיי ווידער אָפּגעשאָרען... איך האָב זיי אין דר׳ערד... איך האָב אַלע אידען אין דר׳ערד... איך האָב אייך אויך אין דר׳ערד... איך שפּיי אויף דער וועלט, און איך שפּיי אויף די מענשען! זיי אַנערקענען ניט קיין טאַלאַנטען... צי מען געהט אין לאַנגע האָר, צי מען געהט אין קורצע, צי מען געהט אין שיך, צי מען געהט אין זאָקען; צי מען איז הונגעריג, צי מען איז זאַט — — ביי זיי איז אַלץ איינס... איך זאָג אייך, אַז די גאַנצע וועלט זאָל ברענען! זאָל זי זיך אָנצינדען מיט איין פייער, און זאָל פון אַלץ ווערען אַש און שטויב, ברענען זאָל זי!"

און פון זיין מויל האָט זיך געגאָסען פּעך און שוועבעל. ער האָט אַ שפּיי געגעבען אין דער לופטען, ווי ער וואָלט אויך זיין פּראָטעסט געגען די הימלען אויסגעדריקט, און ווי אַ בייזער טיגער איז ער אוועק פון מיר.

* * *

שוין אַ סך יאָהרען ווי דיזער אונגליקליכער וואַנדערט אַזוי אַרום איבער די גאַסען, און זוכט אַנערקענונג... זיין קראַנקע פאַנטאַזיע זאָגט איהם, אַז די נאַטור האָט איהם די פּאָעטישע קרוין געשאָנקען, נאָר די מענשען — די האַרצלאָזע, די גרויזאַמע מענשען, ווילען זיין קרוין ניט אַנערקענען....

און אום די וועלט צו איבערצייגען, אַז ער איז אַ גרויסער

פּאָעט, האָט ער לאַנגע האָר געטראָגען און האָט זיך געשפּיגעלט מיט זיי.

„זעהט" — פלעגט ער אימער זאָגען צו אַלעמען, וועלכע האָבען איהם געפרעגט ווארום ער שערט זיך זיינע האָר ניט אָפּ — „דאָס איז דער בעסטער באווייז, אַז איך בין אַ פּאָעט. ווען איך וועל קיין לאַנגע האָר ניט טראָגען, טאָ ווי אַזוי וועט מען וויסען דעם אונטערשייד צווישען מיר און אַנדערע? די וועלט דאַרף וויסען ווער איך בין".

און זיינע האָר זיינען שטאַרק באַזילבערט געוואָרען, און קיין אַנערקענונג האָט ער אַלץ ניט געקריגען; קיינער האָט זיין זשעני ניט באַגריפען, און קיינער האָט זיין ווערט ניט פאַרשטאַנען, און דאָס האָט איהם פאַרביטערט געמאַכט; דאָס האָט איהם אויפגע־רעגט, געמאַכט בייז און ווילד, און צורייצט, ווי אַ טיגער.

און ער זאָגט: ברענען זאָל די וועלט, און מיט איהר זאָלען ברענען די מענשען...

* * *

און ווען איהר גיט אַ קוק אויף איהם, ווירקען אויף אייך מייסטענס זיינע גרויסע אויגען, וועלכע זיינען האַלב ארויס פון זייערע פּלעצער. אַמאָל זיינען זיי ווי אויסגעלאָשען, און זיי דריקען קיין זאַך ניט אויס; אַמאָל אָבער ברענען זיי, ווי פייערען, און זיי מאַכען אייך נערוועז. ער איז הויך אין וואוקס, מיט ברייטע באַקען־ביינער, וועלכע סטאַרטשען ארויס, און מיט אַ ברייטע נאָז, וועלכע, צוזאַמען מיט די אַנדערע געזיכטס־ציגע, דער־מאָנען אָן אַ סטאַטוע פון אַ כינעזישען גאָט. ער געהט אימער מיט אַ שטעקען, אָבער ניט ווייל עס איז שעהן מיט אַ שטעקען צו געהן, זאָנדערן דערפאַר ווייל איין פוס איז ביי איהם אַ קירצערע. דער שטעקען העלפט איהם אין זיין געהן און ער העלפט איהם אין אַלגעמיין אויפהאַלטען זיין אָפּגעשוואַכטען קערפּער.

און ווען ער געהט, געהט ער מייסטענס פאַרטראַכט — פאַר־טיפט אין אַנדערע, אין העכערע וועלטען וואו ער שעפּט באַגייס־טערונג פאַר זיינע „לידער", וועלכע ער שרייבט און וועלכע מאַנ־

בע קויפען אויס רחמנות, און מאַנכע — אויס קוריאָזיטעט. אין זיינע פאַקעטס קען מען אימער געדרוקטע לידער געפינען, און אַלע זיינע באַקאַנטע באַט ער זיי אָן. ער פאַרלאַנגט ניט פאַר זיי קיין פּרייז; וויפיל מען גיט איהם, נעמט ער צו, און — ער וואָלט פאַר זיי קיין סענט ניט גענומען, ווען ער וואָלט די פינף אָדער צעהן סענטיגע ניט געדאַרפט האָבען אויף ברויט. זיינע הויכע גע־דאַנקען וואָלט ער וועלען אין דער ברייטער וועלט פאַרשפּרייטען. אונדאַנקבאַר איז די מענשהייט: זי אַנערקענט ניט איהרע זשע־ניען, איהרע גייסטיגע פּרינצען. אָבער זיין קראַנקע פאַנטאַזיע זאָגט צו איהם:

„וואַרט, דו מענשען־קינד! האָב געדולד! די גרעסטע זשע־ניען זיינען אין זייער צייט ניט אַנערקענט געוואָרען פון דער אונ־דאַנקבאַרער מענשהייט; די גרעסטע קינסטלער זיינען אין אָפּ־גרונד פון אייביגע שמערצען געשליידערט געוואָרען, אָבער — הויך, הויך איבער דער מענשהייט זיינען זיי ענדליך געשטיגען און זיי גלענצען אין דער וועלט־געשיכטע... מיט גאָלדענע טינט זיינען זייערע נעמען אין דעם בוך פון אונשטערבליכקייט איינגע־שריבען געוואָרען, און זייערע קברים געפינען זיך אין הארצען פון פאָלק... האָב געדולד, דו ליידענדער זשעני! דיין רוהם אין דער וועלט־געשיכטע וועט קיינער ניט פאַרנעהמען”...

און דיזע פאַנטאַזיע זיינע האַלט איהם אויף די פיס; זי טרייסט איהם, זי גיט איהם כחות צו לעבען; זי מאַכט איהם פאַרגעסען זיין שטענדיגען הונגער, זיין היימלאָזיגקייט, זיין עלענד און זאָגאַר דעם שפּאָט, מיט וועלכען ער ווערט אַזוי אָפט באַגע־גענט. ווי אַלע זשעניען, באַדויערט ער זאָגאַר די האַרצלאָזע וועלט און די ניט ענטוויקעלטע מענשהייט, וועלכע האָט זיך נאָך ניט ענטוויקעלט הויך גענוג, איהם צו פאַרשטעהן און צו באַ־גרייפען. פון צייט צו צייט נאָר שילט ער די וועלט. ווען די ביטערקייט פון לעבען דערגרייכט שוין די העכסטע שטופע, טוט ער עס; ווען זיין האַרץ ווערט שוין פון שמערץ צוזאַמענגעדריקט, וואַרפט זיין מויל אַ קללה אַרויס, אָבער אין אַנדערע צייטען איז

ער גוטמוטיג, און ער ערלויבט זיך זאָגאר צו שפּאַסען פון די אידישע גרויסע דיכטער.

„ער שרייבט ניט שלעכט" — באמערקט ער וועגען איינעם, וועלכער איז אַלס פּאָעט אנערקענט — „אָבער ווי קומט ער צו מיר? זיינע לידער זיינען צוזאַמענגעפּלאָכטענע גראַמען".

און גלייך נעהמט ער ארויס זיינע לידער און באווייזט, אז פּאָעזיע, אמת'ע פּאָעזיע איז נאָר דאָס, וואָס ער האָט געשריבען...

ער שפּיגעלט זיך מיט זיינע ווערק, און ווען ער רעדט וועגען זיינע לידער, דאַן באווייזען זיך פייערלעך אין זיינע אויגען, זיין קערפּער ווערט ווי אויסגעגלייכט, און זיין אויסגעמאָגערטער פּנים ווערט ווי מיט אַנאַנדער הויט פאַרצויגען.

„אָט דאָס זיינען לידער" — זאָגט ער מיט באגייסטערונג — קיינער קען אזוי ניט שרייבען ווי איך... איך בין דער פּאָעט...

* * *

אָבער ניט נאָר וויל ער זיינע הויכע געדאַנקען און ברויזענדע געפיהלען פארשפּרייטען צווישען זיין אייגען פאָלק, זאָנדערן ער וויל מיט זיי אויך באקענען די קריסטליכע וועלט, און ער שרייבט דערפאַר לידער אויך אין ענגליש, אָבער אויך דאָס ענגלישע פאָלק וויל איהם ניט אנערקענען... אויך די אַמעריקאַנער זיינען נאָך גייסטיג ניט רייף גענוג איהם צו פארשטעהן, צו באגרייפען און מיט איהם צו פיהלען. אויך זיי קעהרען זיך אָפּ פון איהם, און זיי ווילען זיינע לידער ניט קויפען. אמת, זיי שענקען איהם אַמאָל א בליק, א שמייכעל, ווען ער באגעגענט זיך מיט „געזונקענע" אַמעריקאַנער, אָבער — — דאָס אַלעס! מען ווארפט איהם א מאָל אונטער א ניקעל, און מען לעגט זיין „ליד" אין פּאַקעט אריין און מען נעהמט אוועק פון איהם מיט א שמייכעל.

און דאָס טוט איהם וועה; דאָס שמערצט איהם...

* * *

און אזוי וואַנדערט ער ארום, זוכענדיג אנערקענונג אַלס פּאָעט, אָבער דאָס אידישע פאָלק איז קאַלט צו איהם, און א שרעקליכע קעלט צו איהם הערשט אויך אין די הערצער פון קריסטען.

זאגאר די פאלקס־לעהרער, די רעדאקטערע פון די ענגלישע ציי־טונגען, וועלכע קענען זאגאר א מת מאכען באריהמט, זיינען ניט אינטעליגענט גענוג איהם צו פארשטעהן, און וועהרענד זיי דרוקען לידער פון ניט געבארענע פאעטען, ווילען זיי אבער פון איהם ניט וויסען; זיי ווילען זיינע קונסט־ווערק ניט דרוקען, ווייל זיי האבען מורא אז זיין גייסט וועט זיי פארדונקלען... ווען ער וויל אבער אז די קריסטליכע וועלט זאל זיך דאך מיט זיין גרויסען גייסט באקענען, דאן ווענדעט ער זיך צום אדווערטייזינג דע־פארטמענט, און דארטען זיינען שוין די מענשליכע הערצער וויי־כער; דארטען פיהלט מען מעהר מיטלייד מיט די ניט אנערקענטע זשעניעס, און מען דרוקט זיין נאמען און אדרעס, און אויך אז דארטען וואוינט דער גרויסער „מעידען פאעט" און מען קען איהם צו יעדער צייט זעהן..." יעדעס מאל ווען ער טוט עס אבער, פעהלען איהם א פאר סענט, ווייל, עס מאכט ניט אוים ווי ווייך עס זאל ניט זיין דאס הארץ פון דעם אדווערטייזינג אגענט, דרוקט ער דאך ניט זיינע „מעידען פאעט נאטיצען" פאר אומזיסט. איהם קימערט עס אבער ניט. אזוי לאנג ווי ער איז גייסטיג זאט, דאן פיהלט ער ניט דעם קערפערליכען הונגער, וועלכען ער וואלט גע־קענט מיט די עטליכע סענט א ביסעל בארוהיגען...

און אזוי וואנדערט ער ארום איבער די גאסען און זוכט אנער־קענונג פאר זיין פאעטישע קרוין. שלעכט אבער איז די וועלט און פארדארבען זיינען די מענשען, און אלס אויסדרוק פון פראָ־טעסט געגען זיי, האט ער זיינע לאנגע, שוין שטארק באזיל־בערטע האר אפגעשניטען.

„אז זיי פארשטעהען ניט מיין ווערט — זאגט ער בייז, און אויף א פעסימיסטישען אופן — טא צו וואס זאל איך נאך טראגען לאנגע האר? די וועלט — די אונדאנקבארע וועלט — קען זיך באגעהן אהן זיי..."

# אין א משוגעים הויז

דאָ הערט מען דעם אומגליק׳ס פארביטערטע טרעלען,
דאָ פלאַקערט דער שמערץ, ווי מיט טויזענדער פלאַמען;
דאָ קומען זיך אימער און אייביג צוזאַמען
פיל זיפצענדע הערצער און קרעכצענדע זעעלען!
דאָ שפריצען פאַנטאַנען פון אימה, פון שרעקען,
דאָ וואַנדלען פאר׳חלום׳טע טרויער־געשטאַלטען,
וואָס קאָנען די מעכטיגסטע פעלזען צושפאַלטען
און לאַכענדע הימלען מיט טרויער באַדעקען.

מיין באגלייטער האָט מיך אריינגעפיהרט אין האָל, וואו די וואהנזיניגע ווערען אריינגעבראַכט, זיך צו זעהן מיט זייערע קרובים און פריינדע וועלכע קומען זיי באַזוכען.

דער האָל איז זעהר לאַנג און ברייט, און איז אויסגעלייגט מיט קאַרפּעט. פון איין זייט האָל זיינען אויסגעשטעלט לאַנגע בייַנק, וועלכע דינען פאר די באַזוכער און פאר די קראַנקע. וועה־רענד פון דער אַנדער זייט שטעהען טישלאַך מיט שטוהלען פאר די האָספּיטאַל גאַרדס.

ווען איך בין אריינגעקומען אין האָל און זיך צוגעקוקט צו אַלץ, וואָס דאָרטען קומט פאָר, האָב איך ערשט דאַן דערפיהלט, אז איך געפין זיך אין אַ וועלט פון יאָמער און שרעקען — אין אַ וועלט וואו דער אומגליק האָט מיט זיין שוואַרצער פּינזעל די שוידערליכסטע בילדער געמאָלען...

ניט ווייט פון מיר, וואו איך בין געשטאַנען, איז געזעסען אַ מאַן מיט אַ פרוי. די פרוי, אַ בלייכע, אַ מאָגערע, האָט געהאַלטען אַ קינד אויפ׳ן שויס. און דער מאַן, וועלכער האָט אויסגעקוקט צו זיין שטאַרק ווי אַ ריעז, איז געזעסען לעבען איהר מיט פרוכט

אין די הענט, און געגעסען. זיי האָבען גערעדט זעהר פריינדליך איינע צו די אַנדערע, דער מאַן פלעגט זיך אַלע ווײַלע צובויגען צו דער פרוי און איהר געגעבען אַ קוש, און זי איהם — דאָס זעלבע. איך האָב אָנפאַנגס געדענקט, אַז זיי זיינען דאָס ביידע געקומען זעהן איינעם פון די קראַנקע. עס האָט אָבער לאַנג ניט גענומען, און איך האָב זיך איבערצייגט, אַז די געשיכטע איז גאַנץ אַנדערש...

זיי זיינען געזעסען און גערעדט... פלוצלונג האָט זיך דער מאַן אויפגעהויבען און אָנגעהויבען צו שרייען: „דו רינד'ס פיה! טויזענט מענער האָסטו! דו רינד'ס פיה! ארויס!" און דאָס זאָגענדיג, האָט ער זיך פארמאָסטען איהר צו שלאָגען... איינער פון די גאַרדס איז שנעל צוגעלאָפען צו איהם און איהם אָנגעכאַפּט פאַר'ן קאָלנער, און איהם גענומען פיהרען. ער האָט זיך אָבער געריסען צוריק, שרייענדיג: „דו רינד'ס פיה! דו ביסט יע איינע... ארויס!" אַ צווייטער גאַרד איז גלייך צוגעלאָפען, און ביידע האָבען איהם ארויסגעפיהרט. די אָרימע פרוי איז וויינענדיג ארויס פון האָל.

און איידער איך האָב נאָך צייט געהאַט זיך ארומצוקוקען, האָב איך דערזעהן ניט ווייט פון מיר אַ קליין־געוויקסיגען מאַן האַלטענדיג די הענט אין די קעשענעס — ער איז געשטאַנען און זיך העפליך פארנייגט פאַר יעדערען.... צו יעדערען גערעדט, און אָנווייזענדיג מיט'ן פינגער אויף אַ פרוי נעבען וועלכער ער איז פריהער געזעסען, האָט ער דערצעהלט, אַז דאָס איז זיין איינציגע שוועסטער, אַז זי האָט אָפּט חתונה און האָט צו פינף קינדער אויף אַמאָל... די פרוי, וועלכע האָט אויסגעקוקט צו זיין ניט מעהר ווי אַ יאָהר דרייסיג, איז געוואָרען בלייך ווי קאַלך. מיט אַ פאַר־שטיקטע שטימע האָט זי איהם געבעטען, אַז ער זאָל זיך אוועק־זעצען. ער האָט אָבער פאָרטגעזעצט זיין ערצעהלונג... זי האָט זיך אויפגעהויבען און גענומען געהן. ער איז צוגעלאָפען, איהר ארומגעכאַפּט און איהר געבעטען פארבלייבען. דער גאַרד האָט איהם אָבער אוועקגעריסען פון איהר און זי איז ארויסגעגאַנגען, זאָגענדיג שטיל: „מיין גאָט! מיין גאָט!"

ניט אַלע פון די משוגעים זיינען אָבער אַזוי. מאַנכע זיינען

אזוי שטיל, אַז מען קאָן קוים גלויבען, אַז זיי זיינען לעבעדיגע. זיי זיצען ווי פארשטיינט. ריידען קיין וואָרט ניט, מאַכען קיינע באוועגונגען, ענטפערען ניט ווען מען רעדט צו זיי און ווען מען לייגט זיי אריין אין די הענט וואָס עס איז צום עסען, האַלטען זיי עס, אָבער זיי עסען ניט. נאָר אין די אויגען קאָן מען באַמערקען דעם שטילען שטורעם פון זייער מארך. און מיר דאַכט זיך, אַז קוקענדיג זיי אין זייערע אויגען, קאָנען אפילו שטיינער ווערען נערוועז... מאַנכע פון זיי זיינען אויסגעלאָשענע, האָבען אין זיך קיין פונק לעבען ניט. זיי קוקען, און דאָך קוקט עס אויס עפּעס אַזוי ווי זיי וואָלטען ניט געזעהן, זיי באוועגען זיך און דאָך זיינען זיי טויט... ביי אַנדערע ווידער זיינען די אויגען — שפּיזען. זיי ברענען ווי מיט פייער און יעדער בליק וואַרפט ארויף אַ שרעק...

* * *

אין האָל איז אריינגעקומען אַן עלטערע פרוי, זי איז געווען ציכטיג און נעט געקליידעט, נאָר אויף איהר פּנים האָט מען געקענט באַמערקען: זאָרג און טרויער. איינער פון די האָספּיטאַל אָנגעשטעלטע איז צו איהר צוגעגאַנגען און איהר געפרעגט, וועמען זי וויל זעהן. זי האָט איהם געזאָגט און ער האָט איהר זיך גע־הייסען זעצען.

אין עטליכע מינוט ארום האָט מען צו איהר צוגעפיהרט אַ יונגען באַי ארום 18 יאָהר אַלט. בלוט און מילך איז ער געווען! אַ מערקווירדיגע שעהנע געשטאַלט. רויטע באַקען, געגרייזעלטע האָר, זיין נאָז איז געווען אַזוי ווי געשניצט פון אַ קינסטלער האַנט. די ליפּען צאַרט — נאָר די אויגען האָבען געברענט, און יעדער בליק זיינער האָט געבליצט מיט שרעקען....

די פרוי איז אויפגעשפּרונגען פון איהר אָרט, געלאָפען איהם אַנטקעגען און ביידע האָבען זיך פעסט ארומגענומען און זיך צוקושט:

— מאַי דיער סאָן!

— מאַי דיער מאַטהער!

זיי האָבען זיך ביידע אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק. די מוטער

האָט פון א סעטשעל ארויסגענומען פּרוכט, און איהם דערלאַנגט, און וועהרענד ער האָט פון איין האנט געגעסען, האָט זי די צווייטע האנט אריינגענומען אין איהרע און עס צערטליך געדריקט; גע־גלעט מיט'ן האנט זיין באַק, צוגעפיהרט זי צום מויל און זי געקושט. איהרע אויגען, פול מיט ליבע און צערטליכקייט, זיינען די גאַנצע צייט געהאַנגען אויף זיין געזיכט.

איך בין געשטאַנען און זיך צוגעקוקט צו דיזען שענעם, אָבער הערצרייסענדען בילד. דער באַי האָט ניט ארויסגעצייגט קיינע שפּורען פון משוגעת, ער איז זיך שטיל געזעסען און גערעדט מיט דער מוטער, זיך נאָכגעפרעגט אויף מיטגלידער פון דער פאמיליע. אויף די פראַגען פון זיין מוטער, ווי ער פיהלט, האָט ער געענטפערט אז ער פיהלט זיך גוט, אז ער איז געזונט און עסט מיט אַפּעטיט. זי איז געזעסען און געקוקט אויף איהם מיט אזעלכע בליקען, אזוי ווי זי וואָלט איהם געוואָלט איינוויקלען אין די שטראַהלען פון מוטער־ליבע... אלע ווייליע פלעגט זי איהם צובויגען צו איהר ברוסט און איהם פעסט צודריקען... איהם דערוואַרימען מיט איהר נשמה...

זיי זיינען געזעסען נאָך א ווייליע, און ווען דער גאַרד איז צוגעגאַנגען צו זיי און געזאָגט, אז עס איז שוין צייט צו געהן, האָ־בען זיי זיך אויפגעהויבען, זיך ווידער צוקושט. וועהרענד „ער" האָט איהם געפירט „אויף זיין אָרט", איז די מוטער מיט וויינענדע אויגען נאָך אַלץ געשטאַנען און געקוקט אויף איהם ביז וואַנעט ער איז פארשוואונדען הינטער דער טיר. קוקענדיג אויף דיזען יונגען, שטילען און עדעלען באַי, וואָלט מען זיכער געקאָנט מיינען, אז אין דול־הויז איז ניט זיין פּלאַץ. ער איז אָבער איינער פון די שרעקליכסטע משוגעים, וואָס געפינען זיך דאָרטען.

בייטאָג אז ער רוהיג, רעדט צו דער זאַך, און אָפטמאָל רעדט ער מיט מעהר שכל, ווי פילע קלאָרערע אין זיינע יאָהרען. קומט אָבער די נאַכט, דאַן ווערט ער דען „קעניג פון אלע גייסטער!"...

ווי נאָר די זון געהט אונטער, אזוי הויבט זיין קראַנקע פאַנ־טאַזיע אָן צו ארבייטען... ער ווערט דער שרעק פון גאַנצען וואָרד... עס הויבען אָן צו שוועבען פאַר איהם גאַנצע מחנות פון

שווארצע גייסטער... ער ווערט דער קעניג איבער זיי... ער גיט זיי באַפעלען... ער ווערט אַ גאָט און באַשאַפט גאַנצע וועלטען, און פאַרניכטעט זיי... זיינע אויגען ברענען ווי שרעקליכע פייערען... זיינע געשרייען זיינען שוידערליך, זיין גאַנצער קערפּער, זיין גאַנצע ליידענדע נשמה ווערען געזעצט אין באַוועגונג... און אַ גאַנצע נאַכט מוז ער ליגען צוגעבונדען צום בעט און ער צוזאַמען מיט'ן בעט קרעכצען און וואַרפען זיך...

עס הויבט אָן צו טאָגען... די זון הויבט אָן אַריינצובליקען מיט איהרע מילדע שטראַהלען אין זיין פענסטער... זיין קראַנקע פאַנטאַזיע ווערט איינגעשטילט... זיין מידער קערפּער ווערט קעלטער, רוהיגער, און ער ווערט אַנשלאָפען... ווען ער כאַפּט זיך אויף פון שלאָף, איז ער שוין ווידער דער זעלבער, ווי ווען ער האָט זיך געקושט מיט זיין מוטער...

און ווען איך דערמאָן זיך אָן איהם, דאַן קומט ער מיר פאָר ווי אַ בלום וואָס איז אָקאָרשט אָפּגעשניטען געוואָרען... זי דופטעט נאָך, די בלעטלאך זיינען נאָך פריש, זיי האָבען נאָך דעם זעלבען קאָליר, דעם זעלבען צויבער ווי די בלעטלאך פון אַלע בלומען, וועלכע לעבען נאָך... זי אָבער איז שוין אָפּגעשניטען, און וועלקט...

צווישען די פילע, וואָס זיינען געזעסען אויף די ביינק, האָב איך דערזעהן אַ וואַהנזיניגען, וועמען איך האָב געקענט פילע יאָהר. ווען איך האָב זיך געקענט מיט איהם, איז ער געווען יונג, לעבהאַפט און ענערגיש, האָט אַ טיכטיגען אַנטייל גענומען אין דער אַרבייטער באַוועגונג און איז געווען באַקאַנט אין די אינטעליגענטע קרייזען. די פיילען פון אָן אומגליקליכע ליבע האָבען זיין האַרצען געטראָפען... ער האָט געליבט און זיין ליבע איז אַנטזאַגט געוואָרען... און יעצט — איז ער אין משוגעים הויז. טיף געבויגען איז ער, אויסגעדאַרט, זיין פּנים איז פינסטער, מען קאָן אין איהם קיין פונק לעבען ניט באַמערקען... קוים וואָס ער געהט. זיין שטימע איז שוואַך, מען קאָן קוים הערען וואָס ער רעדט... ווען ער האָט מיך דערזעהן, האָט ער מיך באַגריסט און אָנגערופען מיך מיט'ן נאָמען. ער האָט זיך נאָכגעפרעגט וואָס איך מאַך, ווי מיר געהט, וואָס איך טו. „מיר איז דאָ זעהר גוט — האָט ער מיך דערנאָך אָנ־

געהויבען צו דערצעהלען פון זיך, — איך בין אָ־קיי", מיר פעהלט דאָ קיין זאַך ניט.... ער האָט מיר אָנגעהויבען צו קוקען אין די אויגען, מיט שאַרפע בליקען — צו שאַרף אז מיינע בליקען זאָלען זיי קאָנען אַריבערטראָגען...

„איך בין „אָקיי" — האָט ער ווייטער אָנגעהויבען — איך דיינק קירצליך צו עפענען א ביזנעס... איך בין „אָקיי"... 10 אינ־טשעס... מעהר ניט ווי אינטשעס..." ער האָט אָנגעהויבען צו מעסטען אויפ'ן קני מיט'ן שפּאַן... „10 אינטשעס. 20 אַרבייטער.. איך וועל חתונה האָבען נעקסטען יאָהר.."

אין פאַרלויף פון א מינוט, האָט ער זיך ווידער איבערגעבי־טען און געוואָרען פאַרשטענדליך. ער האָט גערעדט וועגען די באַ־וועגונג פון אַמאָל, און מיך געפרעגט פילע זאַכען; מיר געדאַנקט, פאַר וואָס איך האָב איהם וועגען אַלעס דערצעהלט.

פאַר דער צייט וואָס איך בין געווען אין האָל, האָבען זיך איבערגעקעהרט צעהנדליגע מענשען. צעהנדליגע וואַהנזיניגע האָט מען אַרונטערגעבראַכט און די בילדער זיינען געווען טרויעריגע, שרעקליכע. אַלע ווייַלע, פלעגט זיך דערהערען א שטורמיגע שטי־מע, א שווידערליכער געלעכטער...

מיין באַגלייטער האָט מיך אַריינגעפיהרט אין „6טען וואָרד".

אַריינקומענדיג אַהין, האָב איך באַמערקט, צווישען פילע אַנ־דערע, איינעם וואָס איז אומגעגאַנגען הין און צוריק מיט א בלייַ־פעדער אין איין האַנד און מיט פאַפּיר אין דער צווייטער. ער איז אומגעגאַנגען זעהר פאַרטיפט... אַלע ווייַלע פלעגט ער פאַרקנייַ־טשען דעם שטערען... צולייגען צו איהם די האַנד און נעהמען רייַ־בען... עפּעס אזוי ווי ער וואָלט פון דאַרטען אַרויסקריגען טייערע געדאַנקען, שווערע חשבונות...

מיין באַגלייטער האָט איהם צוגערופען און מיך פאָרגעשטעלט פאַר איהם. ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט שטעכעדיגע בליקען... „היינט בין איך ביזי, קומט אַן אַנדערם מאָל", האָט ער מיר גע־זאָגט און איז אַוועקגעגאַנגען.

א גאַנצען טאָג, ביז ער נעהט שלאָפען, געהט ער אזוי אַרים און רעכענט... שרייבט ציפערען. עס קלעקט איהם קיין מאָל קיין

פּאַפּיר ניט. אָפטמאָל דאַרף ער „צאָהלען בילס" בעט ער ביי די אַנדערע משוגעים, אַז זיי זאָלען איהם אַנטלייהען עטליכע טשעקס... ער וויל זיין נאָמען ניט פאַרלירען... ער וויינט, ער בעט זיך, אַז מען זאָל איהם ניט רואינירען... „העלפּט מיר!" בעט ער זיך — איך וויל קיינעם קיין סענט ניט איבערפיהרען"...

ווען ער איז ווידער פאַרבייגעגאַנגען לעבען אונז, האָב איך איהם צוגערופען. ער האָט זיך אומגעקוקט און געגאַנגען ווייטער. מיין פריינד האָט איהם אָפּגעהאַלטען מיט אַ באַפעהלענדען טאָן, דאַן איז ער צוגעגאַנגען צו מיר, מיר געגעבען די האַנד און גע־זאָגט: „ווילט איהר אַזוי גוט זיין... קומען אַ צווייטען מאָל? איך בין יעצט זעהר ביזי — קומט אין מיין אָפיס, איך בין יעצט זעהר ביזי... ענטשולדיגט!" און זאָגענדיג דאָס איז ער ווידער אַוועקגעגאַנגען, שטאַרק פאַרטיפט אין זיינע שווערע חשבונות...

* * *

אין אַ קליינעם רום אויף אַן אייזערנער בעטעל איז געלעגען אַ מאַן פון אַ יאָהר 40. ער האָט אויסגעזעהן צו זיין אַ מוסטער פון פיזישער קראַפט. געלעגען איז ער אָבער ווי אַ פאַרשטיינער־טער. ער האָט זיך קיין ריהר ניט געגעבען, קיין פינטעל מיט'ן אויג ניט געטאָן, און ווען מען האָט גערעדט צו איהם, האָט ער ניט געענטפערט; ער האָט זיך צומאָל ניט אומגעקוקט.

ווען מען זאָל איהם וועלען גלויבען וואָס ער זאָגט, דאַן איז ער אַ סטאַטוע, און אַלס אַ סטאַטוע ליגט ער אָפּ שטונדען לאַנג. אין דער גאַנצער צייט וואָס זיין איינבילדונג אַרבייט אין איהם, עסט ער ניט, טרינקט ניט, באַוועגט זיך ניט, און מען קען אפילו זיין אָטעם ניט הערען.

איך בין געשטאַנען ביים בעטעל און זיך צוגעקוקט צו איהם. אויב ער איז טויט, אָדער לעבעדיג, וואָלט איך זיכער קיין באַ־שטימטען ענטפער ניט געקענט געבען. אויסגעקוקט האָט ער צו זיין טויט, דער פאַרב פון זיין פּנים האָט אָבער דערצעהלט, אַז ער איז אַ לעבעדיג וועזען...

און ווען איך בין אַזוי געשטאַנען לעבען זיין בעטעל, האָט ער זיך פּלוצלונג אַנידערגעזעצט און אויסגעשאָקען מיט אַזא

מין ווילדען געלעכטער, אז דאָס בלוט איז אין מיר פאַרגליווערט געוואָרען...

ווען מען געהט דורך דעם האָל און מען קוקט אריין אין די צימערען, זעהט מען מענשען ליגענדיג אין די בעטלאַך. יעדערער פון זיי איז „ביזי" אויף אַן אנדער ארט. מאַנכע ריידען צו זיך, צעהלען אויף די פינגער, אָדער גלאָצען מיט די אויגען, מאַנכע אָבער ליגען ווי פאר'חלום'טע, און עס איז זעהר שווער פון זיי א וואָרט ארויסצוקריגען.

עס איז מערקווירדיג, וואָס מעהר נערוועז מען ווערט דאָר־טען, אַלץ מעהר נייגעריג ווערט מען... אזוי אם וויינינגסטענס איז געווען מיט מיר דער פאַל, יעדעס מאָל וואָס איך בין נער־וועז געוואָרען...

* * *

איך בין אריינגעגאנגען אין א צווייטען צימער, וואו א אי־דישער יונגערמאַן איז געזעסען אין בעט און געשמייכעלט. ער האָט געגעבען א נארישען בליק אויף מיר, און איידער איך האָב נאָך צייט געהאט א וואָרט אויסצוריידען, האָט ער שוין אָנגע־הויבען מיר צו דערצעהלען ווער ער איז...

— איך בין גאָט'ס א זוהן — האָט ער אָנגעהויבען — גאָט האָט מיך געשיקט אהער צו זעהן, אז די מענשען זאָלען ניט זינ־דיגען... איהר האָט געהערט פון רמב"ם? איך בין נאָך א גרע־סערער דאָקטאָר ווי ער... איך קען מענשען לעבעדיג מאַכען. אַמעריקא איז זעהר א שלעכטע מדינה... די בעטען זיינען דאָ צו גרויס... אַלע זיינען זינדיג... האָט איהר געהערט פון סאַן־פראַנציסקאָ?... איך האָב איהר פאַרברענט, ווייל די בעטען זיי־נען צו גרויס... איך בין גרעסער פון יעזוס'ען... ער איז גאָר ניט אנקעגען מיר... איך וועל דעם סיטי האָלל אויך פאַרברענען... איך וועל באַלד חתונה האָבען... מיין כלה איז שוין גע־שטאָרבען... איך וועל איהר לעבעדיג מאַכען און חתונה האָבען... איהר זעהט, איך האָב א ווייסען פלעק אויפ'ן הארצען... דאָס מאַכט מיר פאַר דעם גרעסטען דאָקטאָר אין דער וועלט... ווען איך זאָל

האָבען דריי הונדערט מיידלאַך, וואָלט איך מיט זיי אַלעמען חתונה געהאט...

און אַזוי זיצענדיג און זיך צוהערענדיג צו זיין ערצעהלונג, איז פּלוצלונג אין צימער אריינגעשפּרונגען אַ נאַקעטער מענש. איך האָב געפיהלט, אַז מיין נשמה איז מיילען ווייט פון מיר... איך בין געוואָרען אַזוי צושראָקען, אַז איך האָב זיך פון אָרט ניט געקענט ריהרען... ער האָט שנעל אָנגעהויבען צו ריידען...

— העללאָו, העללאָו, העללאָו, העללאָו... איך בין ראָקי מאונטיין דיק! ראקי מאונטיין דיק! איך הרג'ע מענשען... שוין 7 היינט גע'הרג'עט... גאָר ניט... איך הרג'ע זיי ווי ווע־רים!... ווי ווערים הרג'ע איך זיי... זעהסט, מיינע הענד זיינען אין בלוט... איך גיב זיי אַ ביטכע, אַ שניט, און גאָר ניט... 7 שיפען האָב איך שוין היינט דערטרונקען... אַלע האָבען מורא פאר מיר... איך האָב זיך געשלאָגען מיט אַלע אינדיאַנער... קליוולאנד, באַפּלאָ ביל און איך זיינען איבערגעבליבען לעבעדיגע... אַלעמען גע'הרג'עט... איך הרג'ע זיי ווי ווערים... ווי ווערים הרג'ע איך זיי... איך האָב 7 סטאָרס, גרויסע 7 סטאָרס.. איך בין רייך..

און אַזוי ווי איך בין געשטאַנען אַ צושראָקענער, איז אריינ־געלאָפען איינער פון די גארדס און איהם ארומגענומען, איהם אָנ־געהויבען בעטען, אַז ער זאָל ארויסגעהן. ער האָט אָבער געגעבען אַ בייזען בליק אויף איהם, און פאַרטגעזעצט זיין שרעקליכע ער־צעהלונג.

ווען איך בין אריינגעגאַנגען אין רום, האָט מיין באַגלייטער מיר ערקלעהרט, אַז דער, וואָס איז אין רום געווען, „רעדט אַ סך", ער איז אָבער ניט געפעהרליך, און איז צוגעגאַנגען צו אַ צווייטען גארד, וואָס איז געווען אביסעל ווייטער פון רום, וואו איך בין אריין, און מיט איהם אָנגעהויבען אַ געשפּרעך. ער איז אָבער באַלד צוריק אריינגעגאַנגען, און געפינענדיג „ראקי מאונטיין דיק", האָט ער זיך פאַר מיר ענטשולדיגט פאַרוואָס ער האָט מיך איבערגעלאָ־זען אַליין...

„דיק" האָט נאָך אַלץ געהאַלטען אין איין איבערדערצעהלען זיינע גרויסע העלדען־טאַטען.ביידע גארדס האָבען איהם געבע־

טען, אז ער זאָל פארלאָזען די רום. זיי האָבען איהם דערצעהלט, אז איך בין געקומען זיך זעהן מיט מיינעם א פריינד, און אז ער זאָל ניט שטערען „מיין באזוך". ענדליך איז ער ארויסגעגאנגען מיר זאָגענדיג „גוד באי".

ווען ער איז ארויסגעגאנגען האָב איך פרייער אויפגעאָטעמט. א שרעקליכע געשטאלט איז „ראקי מאונטיין דיק" געווען! מעהר ווי הויט און ביינער האָט מען ניט געקענט זעהן אויף זיין קערפער; א ריכטיגער סקעלעט. זיינע הענד און פיס זיינען געווען ווי שטעקענס, און ער האָט אין גאנצען אויסגעקוקט צו זיין ווי א וואקסענע פיגור, נאָר די אויגען האָבען געשאָסען מיט פייער!

ווען איך בין אביסעל צו זיך געקומען, און געגעבען א בליק אויף דעם וואהנזיניגען, וואָס איז געזעסען אין בעט, צו זעהן וואָס פאר א ווירקונג די סצענע האָט געמאכט אויף איהם, האָט ער א שמייכעל געטאָן, און געבענדיג א פינטעל מיט'ן אויג, האָט ער נעזאָגט צו מיר: „דער מאַן איז א רעכט ביסעל משוגע!..."

* * *

אין קיין לאנד אין דער וועלט, דוכט מיר, זיינען ניטאָ אזוי פיל קעניגע, פרינצען, פירשטען, גראפען, דאָקטוירים, ערפינדער און גלאט גרויסע מענשען ווי אין דול־הויז... יעדער וואס געפינט זיך דאָרטען איז א „זשעניע" אין זיין פאך, און זיי ווערען זעהר בייז, ווען מען אנערקענט זיי ניט אלס אזעלכע. דער „דאָקטאָר" רעדט פון „מעדיצין", דער „ערפינדער" באוואונדערט זיינע אייגענע „ערפינדונגען", די „קעניגע", „פרינצען", „פירשטען" און „גראפען" גיבען „באפעהלע", און וועה איז צו דעם וואָס פאָלגט ניט זייערע באפעהלע...

עס איז א גאנץ געוועהנליכע זאך, אז איינער פון די „קעניגליכע" זאָל צוגעהן צו א צווייטען משוגענעם, וועמען ער באטראכט פאר זיין אונטערטאַן, און איהם הייסען טאָן א געוויסע זאך. דער צווייטער, געוועהנליך, איז אויך ניט קיין „פראָסטער" מענש, און ער וויל דעם „קעניגליכען" באפעהל ניט אויספיהרען. ניט זיין „מאיעסטעט" ארויס א צווייטען באפעהל, אז מען זאָל זיין אונטערטאַן באשטראָפען מיט לעבענס־לענגליכע געפענגנים, און עס

טרעפט אַ מאָל — געוועהנליך, ווען די גאַרדס פאַרטראַכטען זיך — אַז זיין „מאַיעסטעט" גיט איהם אַ זעץ אין געזיכט... און בלוט הייבט זיך אָן צו גיסען...

עס איז אַ מערקווירדיגער פאַקט, אַז ווען איינער פון זיי זאָל פאַר זייערע אויגען דער'הרג'עט ווערען, וועט זיך קיינער קיין קרים ניט געבען. ווען עס קומט פאַר אַ געשלעג צווישען צוויי פון „זיי־ ערע", זיצען זיי פאַרטיפט אין זייערע אייגענע געדאַנקען און קי־ מערען זיך ניט, ריידען ניט, און זיי ווייזען קיין מאָל ניט דעם קלענסטען שפור פון פּראָטעסט.

ווען איך בין אַריינגעגאַנגען אין „סיטינג רום", וואו זיי פאַר־ ברייגנען דורכ'ן טאָג, זיינען זיי אַלע געזעסען אויף די בענק. יע־ דערער איז געווען פאַרנומען מיט די הענד, מיט די פּיס, מיט די ליפּען, מיט די אויגען, און מאַנכע זיינען געזעסען פאַר'חלום'טע און זיך קיין ריהר ניט געגעבען. איינער, אַן אַלטער מאַן, מיט באַנדאַזשען אויפ'ן קאָפּ, האָט זיך אָנגעהויבען צו רוקען צו מיר, און פינטלען מיט די אויגען. ער איז געווען אַ דייטש. צוקומענדיג, האָט ער מיך געבעטען, אַז איך זאָל קיינעם ניט דערצעהלען, וואו ער געפינט זיך, ווייל דער דייטשער קייזער זוכט איהם ווי מיט ליכט. ער האָט מיר ערקלעהרט, אַז ער האָט עס יעצט געדאַרפט זיין דער קייזער פון דייטשלאַנד און אַזוי ווי מען האָט איהם באַ־ רויבט פון זיין טראָן, האָט ער אָנגעפיהרט אַ מעכטיגע רעוואָלו־ ציאָן געגען דעם שלעכטען הערשער. אַזוי ווי ווילהעלם ווייס, אַז דאָס פאָלק וועט זיך ענדליך דאָך ערהויבען געגען איהם, האָט ער, ארויסגעשיקט שפּיאָנען „איהם צו כאַפּען". און אַזוי ריידענדיג האָט ער אין מיר אַריינגעלאָזען זיינע שטעכעדיגע בליקען, און אָנ־ געהויבען צו ברומען: „זי זינד יאַ אויך איינער פון דיזע!" און ווען ניט מיין באַגלייטער, וואָס האָט איהם צוריקגעהאַלטען, וואָלט איך זיכער פון איהם געקראַגען בלויע אויגען...

* * *

ניט ווייט פון טיר איז געזעסען אַ מאַן. ער האָט אויסגע־ קוקט צו זיין אַ ריז. הויך, ברייט, שטאַרק און זיין פּנים האָט ווי געשפּריצט מיט בלוט. ער איז געזעסען אויפ'ן באַנק, די הענד

צוזאמענגעלייגט און נעקלאפט א פוס אָן א פוס. האָט אויסגע־קוקט צו זיין נאָך גאָר א יונגער מענש. העכסטענס 35 יאהר. אלע ווײַלע האָט ער אויף מיר א פרעגענדען בליק געווארפען, גע־זונגען און געשמייכעלט.

„סיי, ביזט א ליטוואק?... האָט ער זיך געווענדעט צו מיר — ביזט א ליטוואק? פון וואנען קומסטו? קענסט עפעס זינגען?... קענסט זינגען „מן המצר"?... ליטוואק, קענסט?... נו, לאָמיר זינגען! מן המצר..."

ער האָט אָנגעהויבען צו זינגען מיט א מערקווירדיג שעה־נער שטימע. יעדער טאָן איז געווען זיס, געשמאק, און האָט זיך צוטראָגען איבער'ן גאנצען בילדינג. ווען ער האָט געזונגען, האָט מען אין איהם ניט געקענט באמערקען קיין אנדער זאך, ווי נאָר א זעלטענעם זינגער. ער איז אלץ מעהר פארטיפט געווארען אין זיין אמת זיסען געזאנג. אין גרויסען צימער איז געווען שטיל, אלע האָבען זיך צוגעהערט, אויף יעדען האָט זיין זינגען אזוי געווירקט, אז אויף זייערע פנים'ער האָט מען געקענט באמערקען א צופרי־דענע נערוועזיטעט.

און אזוי וואָלט ער אָפּגעזונגען א גאנצען טאָג, ווען ניט דער שטרייננער בליק פון איינעם פון די גארדס, אז ער זאָל סטאָפּען.

איך האָב איהם געגעבען די האנד, און איהם געדאנקט פאר דעם פארגעניגען וואָס ער האָט פארשאפט מיט זיין זינגען. ער איז געווען זעהר צופרידען דערפון און ער האָט מיר דערצעהלט, אז ער קאָן נאָך בעסער זינגען און אז ער איז געווען א זינגער אין אלע קייזערליכע הויפען.

איך האָב איהם געפרעגט פון וואנען ער קומט, און ווי לאנג ער איז שוין „דאָרטען". אויף אלע מיינע פראגען האָט ער מיר נאָר געענטפערט, אז ער קאָן נאָך בעסער זינגען...

* * *

מיין באגלייטער האָט מיך אויפמערקזאם געמאכט אויף איי־נעם וואָס איז א „גרויסער ערפינדער". דאָס איז געווען א מאַן פון א יאָהר פופציג, אן ענגלענדער, קליין געוואקסען, מיט א פאר־טראכטע נשמה. ווען ער הערט אויף צו „טראכטען" דאַן ווערט

ער געפעהרליך. ווען מען זאָל אויף איהם ניט אכטונג געבען, קען יעדערער וואָס קומט מיט איהם אין באריהרונג, קריגען אַ צושפּאָל־טענע קאָפּ.

זיין משוגעת באשטעהט אין דעם, וואס ער דיינקט, אז די עלעקטרישע טראָלי־דראָטען צושטערען זיין גליק. ער זאָגט מיט טרעהרען אין די אויגען, אז זיי גנב'ענען ארויס פון קאָפּ אלע זייע־נע ערפינדערישע געדאנקען און גיבען עס איבער צו די פּאסאַ־זשירען. די פּאסאַזשירען פּארקויפען זיינע ערפינדונגען און נע־מען אָפּ דערפאר א סך געלד, און איהם קומט דערפאר קיין סענט ניט אריין. ער ווערט שרעקליך אויפגערעגט ווען ער קומט צו דיזע „געדאנקען". אין דיזען מאָמענט באטראכט ער אלע מענשען פאר פאררעטער, און ווי א טיגער פאלט ער אָן אויף יעדערען וואָס קומט איהם אונטער'ן האנד.

איינער פון די מערקווירדיגסטע משוגעים, וואס געפינט זיך דאָרטען איז א מיטעל־יעהריגער מאן, ווען „א ניגערקע קריכט אין די אויערען". זאָנסט איז ער א זעלטען קלוגער מענש. כמעט פילאָזאָפישע געדאנקען דריקט ער אויס, ווען מען רעדט צו איהם. ער רעדט שטיל, רוהיג, געלאסען, און זיין האלטונג איז ווי פון איינעם, וואס האָט געלעבט צווישען א העכערען קלאס מענשען. ער רעדט א זעהר שעהנעם ענגליש, און זעצט זיינע פראזען, ווי א געבאָרענער אָראטאָר. זיך צוקוקענדיג צו דיזען אומגליקליכען, ווילט זיך וויינען, און צו דער זעלבער צייט לאכען... אָט שטעהט ער מיט אייך און רעדט, און פּלעכט זיינע שעהנע זעצע, און פּלוצ־לונג גיט ער זיך א כאַפּ פאר'ן אויער אויסשרייענדיג: „אוועק, דו העסליכע ניגערקע!... אוועק... וואָס ווילסטו האָבען פון מיר?... וואָס קריכסטו מיר אין די אויערען?..." ער כאַפּט איהר... און הויבט זיך אָן מיט איהר צו ראַנגלען... ער ווערט שרעקליך מיד... מאנכעס מאָל שטופּט ער „איהר" אריין אין א ווינקעל און הויבט „איהר" אָן צו שלאָגען... זיינע הענט ווערען צובלוטיגט... און אזוי פיהרט ער אָן זיין „קאמף" מיט „איהר" היבשע עטליכע מאָל אין טאָג... מען בינדט איהם אָבער די הענד ווען ער הויבט אָן צו שטארק צו „קעמפען".

ווען איך בין ארויסגעגאנגען פון ווארט־צימער, און ארונ־טערגעבליקט אין יארד דורך די אייזערנע גראטעס פון א פענס־טער, האָט זיך געעפענט דער אייזערנער טויער פון וואָרד, און אַ יונגע פרוי איז אריינגעקומען, פיהרענדיג א באַי פון א יאָהר ניין און א מיידעלע פון א יאָהר פיער. זי איז געווען זעהר צושראקען, און מען האָט געקענט באמערקען ווי איהר גאנצער קערפּער האָט געציטערט. דער באַי וועלכער איז געווען זעהר שעהן גע־קליי־דעט, האָט זיך געשטעלט ביים פענסטער. די קליינע מיידעלע האָט זיך געטוליעט צו דער מוטער. די מוטער איז געשטאנען און גע־ווארפען פארצווייפעלטע בליקען איבער'ן גאנצען וואָרד. ווען איינער פון די גאַרדס איז ארויסגעגאנגען פון ווארט־צימער, און איהר געהייסען אויפווארטען א וויילע ביז וואנען ער וועט „צור־גרייטען" איהר מאן זיך צו זעהן מיט איהר, איז זי געווארען בלייך, ווי קאַלך. ווען זי האָט דערהערט די קולות פון די וואהנזיניגע, און אריינגעבליקט אין רום, האָט זי א פארצווייפעלטען געשריי גע־געבען: „אלפרעד, אלפרעד!" און איז ווי א שטיין אריינ־געפאלען אין ראקינג־טשער, וואס האָט זיך אין ווארט־צימער גע־פונען.

די סצענע איז געווען איינע פון די שרעקליכסטע, וואס אפילו די שווארצעסטע פאנטאזיע איז ניט אימשטאנד צו מאָהלען. דער באַי איז געשטאנען אנגעלעהנט אויף דערווינדאָו און ביטער גע־וויינט. די קלייניכקע מיידעלע האָט איהר קעפּעלע איינגעגראבען אין דער מוטער'ס שויס און געכליפּעט, און די מוטער — א ווייסע טאשען־טוך האָט איהרע טרעהרען איינגעזויגען... זי איז געזע־סען און לאנגזאם גערדרעהט דעם קאָפּ, זאָגענדיג: „ניין! ניין! ניט דא איז דער פּלאַץ פאר דיר, אלפרעד! ניין! איך וועל מיין לעבען פאר דיר אוועקגעבען, אבער ניט דאָ וועסטו זיין!.. אלפרעד, אלפרעד!..."

איך בין געשטאנען און געקוקט אויף דיזען בילד פון טרויער!.. א פרוי האָט געוויינט אויף דעם אומגליק פון איהר מאַן. צוויי יונגע בלומעלעך האָבען געוויינט אויף דעם אומגליק פון זייער פאָטער... מיינע אויגען זיינען פול געווארען מיט טרעהרען... און

מיר דוכט זיך, אַז דאָרטען, אין אַ ווינקעלע, איז אַן שוואַרצען גע־קליידעט דער אומגליק געשטאַנען און — געוויינט!..

* * *

„ווען איהר וועט צוריק קומען אין שטאָדט, בעט איך אייך, געהט אַריין אין אָפּיס פון דער סיגאַר מייקערס יוניאָן און זאָגט זיי, אַז איך האָב שטאַרק פאַראיבעל, פאַרוואָס זיי קומען מיך ניט זעהן: איך בין שוין דאָ עטליכע וואָכען צייט און קיינער פון דער יוניאָן האָט מיך נאָך ניט באַזוכט. איך דיינק אַז דאָס איז ניט פיין פון זיי. אַזוי זיינען שוין די אַרבייטער. ווען מען קומט זיך צוזאַמען, איז מען פריינדליך. מען מאַכט אַ שנאַפּס צוזאַ־מען, מען בייסט וואָס עס איז צו צוזאַמען. איז מען אָבער ווייט איינע פון די אַנדערע, דאַן פאַרגעסט מען זיך, מעג מען אפילו ליגען אויפ'ן טויטען בעט, — קיינעם אַרט ניט, קיינער קומט אפילו זיך ניט נאָכפרעגען ווי מען פיהלט.

„איך בין עטליכע וואָכען, דאָס הייסט, איך בין שוין אייגענ־טליך ניט דעם ערשטען מאָל דאָ. מיין נאָמען איז שוין דאָ גוט באַקאַנט, יע, גוט באַקאַנט. איך האָב אַ פרוי מיט קינדער אין שטאָדט, און עס איז אַ ביטערער רחמנות אויף זיי! נאָר וואָס זאָל מען טאָן? אַכט וואָכען בין איך אַרומגעגאַנגען ליידיג. איך האָב ניט געהאַט וואָס צו עסען, עס איז געוועזן זעהר שלעכט מיט מיר, האָב איך פּרובירט צוברעכען אַ גרויסע ווינדאָו, אום מען זאָל מיך אַרעסטירען. אין פּריזאָן קריגט מען אַם ווייניג־סטענס וואָס צו עסען... ווייס איך גאָר ניט ווי אַזוי דאָס איז גע־קומען, ווען איך האָב אויפגעעפענט מיינע אויגען, האָב איך זיך געפונען אין דיזען האָספּיטאַל.

„איהר זאָלט וויסען זיין, אַז קיין מענש איז ניט דאָס וואָס ער וויל זיין, יעדער מענש איז אַ קרבן פון אומשטענדען. דער גנב האָט אַ האַרץ און אַ נשמה, און ער איז ניט געבאָרען געוואָרען צו זיין אַ גנב. די זעלבע זאַך איז מיט אַ מערדער, קיין מענש ווערט ניט געבאָרען אַ מערדער. אומשטענדען מאַכען יעדען מענשען וואָס ער איז.

„איהר פרעגט, ווי אַזוי איך פיהל? קערפּערליך בין איך גע־

זונט, און איך ארבייט דאָ, פון צייט צו צייט אָבער הויבט מיר אָן צו מישען אין קאָפּ. איך פיהל עפּעס אזוי, ווי איך וואָלט ניט ריידען צו דער זאַך... וואָס זאָל איך אָבער טאָן? מיר איז דאָס אויך געקומען פון אומשטענדען. איהר ווייסט וואָס דאָס איז אזעל־כעס, ווען קינדער ווילען עסען, און עס איז זיי ניטאָ וואָס צו געבען? דאָס הארץ ווערט צובראָכען אין צווייען. דער מוח הויבט זיך אָן צו דרעהען פון זאָרג און פון שמערץ".

און אזוי ריידענדיג איז ער געוואָרען נערוועז. זיינע אויגען זיינען געוואָרען ביסטרע, שטעכענד, און זיין גאנצער קערפּער האָט אָנגעהויבען צו ציטערען. ער האָט אָנגעהויבען צו ווארפען זיינע בליקען, קנאקען מיט די פינגער, און ריידען צו זיך אליין: „די הויז איז ווערט פינף טויזענט דאָלער... א גרויסע הויז... מען דארף איהר פארברענגען... די גאנצע וועלט ברענט... די מענשען ברענען... איהר מוזט געווים מיינען, אז איך בין משוגע, ניין... מיר דרעהט זיך נאָר א מאָל דער קאָפּ... נאָר צו וואָס דארף איך אלעס דערצעהלען?... גוד באי!... די מענשען ברענען... די הייזער ברענען... די הערצער ברענען"...

און אזוי ריידענדיג איז ער אוועקגעגאנגען פון מיר, און גע־הענדיג האָט ער געהויבען די פּלייצעס, געמאכט באוועגונגען מיט די הענט, גערעדט מיט כעס, ביז וואנעט ער איז פארשוואונדען געוואָרען.

ארום 9 אזייגער אין דער פריה יעדען טאָג פיהרט מען אלע וואהנזיניגע, וועלכע זיינען קערפּערליך געזונט, אויף אינספּעקשאָן אין הויף. מען שטעלט זיי אוים אין ציילען, און דער הויפּט דאָק־טאָר, מיט זיינע אסיסטענטס, געהען יעדערען פארביי. יעדערער מוז ארויסשטעקען די צונג, און ווען זיי געפינען, אז זייערע צינגער זיינען ניט אין גוטען אָרדער, פארשרייבען זיי עס, און גיבען די פּרעסקריפּשאָנס איבער צו די אויפזעהער פון די וואָרדס, צו וועלכע זיי באלאנגען, און מען פארזאָרגט שוין, אז די קראנקע זאָלען קריגען די נויטיגע מיטלען.

דער אינספּעקשאָן איז זעהר טראגיש, און צו דער זעלבער צייט זעהר קאָמיש אויך... יעדערער בעט דעם דאָקטאָר, אז ער זאָל איהם

שיקען אהיים, ווייל ער איז שוין אינגאַנצען געזונט... זיי ערקלערען, אַז זייערע ביזנעס וועלען אין גאַנצען רואינירט ווערען, אויב זיי וועלען נאָך פאַרבלייבען לענגער... די וועלכע דענקען, אַז זיי זיינען גרויסע דאָקטוירים, אַפּעלירען אין נאָמען פון די טויזענטע קראַנקע, וועלכע קאָנען נאָר דורך „זיי" געהיילט ווערען... דער דאָקטאָר, געוויינליך, פאַרשפּרעכט זיי... ווען מען הייסט זיי ארויסשטעקען די צינגער, טוען עס אַנדערע ווי מאַשינען. דער דאָקטאָר לעגט צו זיין פינגער צו איינעמס מאָרדע, און — אַ צונג שפּרינגט אַרויס... מאַנכע שטעקען בלויז אַרויס דעם שפּיץ צונג, און מאַנכע ווידער שטעקען אַרויס די צונג אַזוי, עפּעס ווי זיי וואָלטען געוואָלט מיט זיי דערגרייכען די ערד... עס זיינען אָבער אויך דאָ אַזעלכע, וואָס ערקלערען, אַז אויב מען וויל זייערע צינגער זעהן, זאָל מען זיי אַליין אַרויסשלעפּען און דערביי פאַרקריצען זיי אַזוי מיט די ציינער, אַז אפילו מיט צוואַנגען וואָלט עס אויך געווען אוממעגליך צו טאָן.

— סיי, דו ביזט אַן איירישמען? — האָט איינער מיך אַ פרעג געטאָן, און ווען איך האָב איהם געזאָגט, אַז ניט, האָט ער זיך פאַרקרימט, און מיט מיר מעהר אַ וואָרט ניט געוואָלט ריידען.

ווען דער אינספּעקשאָן איז אַריבער, האָט דער דאָקטאָר אָנגעהויבען דעם אינספּעקשאָן אין די וואָרדס, וואו עס ליגען די וואהנזיניגע, וועלכע זיינען ניט שטאַרק גענוג אַרומצוגעהן. אַריינקומענדיג אין איינעם פון דיזע וואָרדס, האָב איך באַמערקט איינעם, האַלב נאַקעט, זיצענדיג ביי אַ טישעל און זייענדיג זעהר שטאַרק פאַרטיפט אין שרייבען. דערזעהענדיג דעם דאָקטאָר, האָט ער זיך שנעל אַ כאַפּ געטאָן און אַריינגעלאָפען אין אַ צימער. ווען עס איז שוין אויסגעקומען אַריינצוגעהן אין „זיין" צימער, האָבען מיר איהם געפונען זיצענדיג אין בעט און לעזענדיג בריף... ווען ער האָט אונז דערזעהן, האָט ער זיך העפליך פאַרנייגט, געגעבען דעם דאָקטאָר די האַנט, און מיר אויך, זאָגענדיג: „איך בין פּראָפעסאָר קעמבעל, קען איך וויסען מיט וועמען איך רייד?" ווען איך האָב איהם געזאָגט, געוועהנליך אַ געבאַפּטען נאָמען, האָט ער זיך

פאַרנייגט, און זאָגענדיג „מיך פרעהט אייך צו קענען!" האָט ער זיך געווענדעט צום דאָקטאָר:

— סעי, דאָק, — האָט ער אָנגעהויבען — גאַנץ גוט וואָס איהר זייט געקומען. איך האָב שוין געהאַט פאַרטיג אַ בריף פאַר אייך, אַזוי ווי איהר זייט געקומען, וועל איך איהם טאַקע פאַר־לעזען...

טייערער דאָקטאָר: —

אינליגענד וועט איהר געפינען אַ בריף וואָס איך שרייב צו ענדריו קאַרנעגי, און אַזוי ווי איך האַלט אייך פאַר אַן אינטעליגענ־טען מענשען וואָלט איך וועלען וויסען אייער מיינונג, אויב ער איז שטאַרק גענוג.

ווי איהר ווייסט, מאַי דיר סער, האָב איך מיין גאַנצען לעבען און מיין גאַנצען קאַפּיטאַל אָפּגעגעבען פאַר די אונגליקליכע משוגעים. זיי האָבען פאַרדינט די סימפּאַטי פון יעדען מענשען, און איהר אַליין האָט זיך פילע מאָל אויסגעשפּראָכען פאַר מיר אַז איהר האָט שטאַרק מיטלייד מיט זיי. וואָלט איך אַלזאָ וועלען אַז איהר זאָלט איבערקוקען דעם בריף וואָס איך שרייב צו קאַרנעגי'ן, און מיר זאָגען, אויב די 70 טויזענד דאָלאַר וואָס איך פאַרלאַנג פון איהם צו שטיצען די אונגליקליכע איז אַ גענוגענדע סומע.

אכטונגספאָל אייער

פּראָפעסאָר קעמבעל,

הויפט דאָקטאָר פון דול־הויז".

— ווי איהר זעהט, דאָקטאָר, האָב איך שוין מיין מעיל פער־טיג געמאַכט... אָט איז אַלזאָ דער בריף, וואָס איך האָב געשריבען צו קאַרנעגי'ן:

„טייערער הערר: —

„איך וואונדער זיך שטאַרק, וואָס איהר האָט מיר נאָך אויף מיינע פילע בריף צו אייך ניט געענטפערט. וואָס דיינקט איהר וועגען דעם? איהר זייט אַזוי פיל צוטראָגען וועגען אייערע פאַר־דאַמטע לייברעריס, אַז איהר פאַרגעסט זיך אפילו צו זיין דזשענ־

טעלמען גענוג, און ענטפערען אויף א וויכטיגען בריף. איך פאר־לאנג פון אייך, אז איהר זאלט אויפהערען זיך און אנדערע צו פארדרעהען א קאפ מיט אייערע לייברערים, און מיר בעסער צו־שיקען 70 טויזענד דאלאר, וואס איך דארף זעהר נויטיג האבען פאר א דול הויז. איך אליין האב שוין געספענט אויף דעם א פאאר מיליאן דאלאר און איך פארלאנג פון אייך אז איהר זאלט ניט אפשטעהן דערפון.

איהר זייט שוין אפילו אן עלטערער מענש, איך גלויב אבער, אז אייערע לייברערים וועלען אייך משוגע מאכען. און איהר וועט דארפען אנקומען צו אונז.

האט מיטלייד מיט אונגליקליכע מענשען, און שיקט מיר צו די פארלאנגטע סומע.

אייערער אויף אייביג,

פראפעסאר קעמבעל,

הויפט דאקטאר פון דול הויז.״

ווען דער „פראפעסאר״ האט געענדיגט לעזען, האט ערביידע בריף דערלאנגט דעם דאקטאר, וועלכער האט עס צוגענומען און אריינגעלייגט אין פאקעט, געבענדיג א לאבענדען בליק אויף מיר.

די גאנצע סצענע, ווי קאמיש זי איז געווען, האט אויף מיר געמאכט א מערקווירדיג־ערנסטען איינדרוק. ער האט גערעדט מיט אזא ערנסט און מיט אזוי פיל הארץ, אז ווען איך זאל ניט וויסען, אז זיין רעדע און זיינע בריף זיינען פראדוקטען פון וואהנזין, וואלט איך זיכערליך געקענט מיינען, אז ער איז איינער פון די נאבעלסטע מנשען, וועמעס הארץ עס קלאפט נאר פאר די ליידען פון דער מענשהייט. און אין די גאנצע צייט, וואס איך בין געווען אין זיין צימער, האט ער זיך אפילו אויף איין סעקונדע ניט פארלארען.

פאר׳ן ארויסגעהן האט ער זיך מיט אונז געזעגענט, געגעבען די האנט און געבעטען דעם דאקטאר, אז ער זאל טאן זיין הייליגע פפליכט און אוועקשיקען דעם בריף צום געוואונשטען פלאץ...

ארויסגעהענדיג האט אונז באגעגענט אן עלטערער מענש, ביי

ווענען די רעכטע אויג איז געווען מיט א לעדער פארהאנגען. אלע ווײלע פלעגט ער זיך א כאפ טאן צו איהר, און געבען א קווימטש. ווען דער דאקטאר האט איהם געפרעגט ווי אזוי ער פיהלט, האט ער זיך צו־וויינט, ערקלעהרענדיג, אז אלע ווײלע פיהלט ער ווי די אויג וויל ארויסשפרינגען פון איהם... און אז ער האט „אליין געהערט מיט זיינע אייגענע אויערען, ווי די אויג האט איהם דער־צעהלט, אז נאך היינט וועט זי איהם פארלאזען...״

ווען דער דאקטאר, נאכדעם ווי ער האט אויפגעהויבען דעם לעדערעל און זיך איינגעקוקט אין זיין אויג, האט איהם ערקלערט אז זיין אויג איז געזונד, און אז ער האט זיך ניט וואס צו שרעקען, האט ער מיט א זעהר טרויעריגע מינע געזאגט צו איהם: „דאק־טאר, דו ווייסט ניט וואס דו רעדסט!...״

אריינקומענדיג אין א צווייטען רום, איז געלעגען א יונגער מאן פון א יאהר עטליכע־און־דרייסיג. ער איז געווען זעהר פרעה־ליך, און מיט א שמייכעל געזאגט:

„סיי, דאקטאר, איך האב שוין געמאכט אלע פארבערייטונגען. די אויטאמאבילס זיינען שוין פארטיג, און איך וויל, אז נאך היינט זאלען מיר מאכען אונזער געפלאנטע רייזע אין מיין גרויסען פארם. ווי איהר ווייסט, דאקטאר, האב איך צוריק געוואונען אין קאורט די גרויסע שטיק לאנד וואס איינער האט פון מיר אוועקגערויבט. איך האב פאראנשטאלטעט א גרויסארטיגען באלל, און אלע איז שוין אזוי גוט ווי פארטיג. מיין ווייב וועט פאהרען מיט אייך, און איך וועל פאהרען מיט אייער ווייב...״ און דאס זאגענדיג, האט ער זיך געוואלט א הויב טאן, און ארויסקריכען פון בעט. דער דאקטאר האט איהם אבער פריהער געהייסען ארויסשטעקען די צונג, איידער ער מאכט זיין רייזע. אין א סעגונדע איז שוין די צונג, איידער ער מאכט זיין רייזע. אין א סעקונדע איז שוין שטרענגער בליק פון א בעאמטען האט איהם אבער געגעבען צו פארשטעהן, אז ער וועט מוזען זיין רייזע אפלייגען אויף אן אנדערם מאל...

* * *

ווען מען זאָל זיך וועלען צוהערען צו די מיינונגען פון די משוגעים, דאַן איז דער דאָקטאָר טויב, שטום און בלינד, און אַ שרעקליכער טיראַן. אין דער הינזיכט זיינען כמעט אַלע, אָהן אַן אויסנאַהמע, איינשטימיג. און יעדען מאָל ווען ער באַווייזט זיך פאַר זיי, באַפאַלען זיי איהם און שעהמען זיך ניט איהם עס צו זאָגען. . .

ווען מיר זיינען צוגעגאַנגען צו איינעם, אַ מאַן מיט אַ „לע־דערנע מופטע” אויפ'ן קאָפּ, האָט ער אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגען אויפ'ן דאָקטאָר, און ניט וואַרטענדיג אַ סעקונדע, האָט ער איהם שוין אָנגעהויבען צו זידלען, איהם רופען מיט די שענדליכסטע נעמען און זיך פאַרמאָסטען איהם צו שלאָגען. דער דאָקטאָר איז אין דיזער הינזיכט אַ מאַרטירער. אַנשטאַט צו ווערען אויפגערעגט, רעדט ער צו זיי מיט פריינדליכקייט, ער גלעט זיי, טרייסט זיי, און אַזוי לאַנג ווי צערטליכקייט קען שטילען זייערע קראַנקע פאַנ־טאַזיעס, וועט ער עס אימער אָנווענדען. שטרענגע מיטלען ווע־רען אָנגענומען נאָר דאַן, ווען זיי ווערען געפעהרליך.

און דער, צו וועמען מיר זיינען צוגעגאַנגען, האָט פאַרדינט צערטליכקייט. ער איז איינער פון די אונגליקליכסטע, וועלכע געפינען זיך דאָרטען. ער וויל זיך שטענדיג נעהמען דאָס לעבען. ביי איהם אין קאָפּ זיינען שטענדיג דאָ שדים, וועלכע ווילען ארויס־נעהמען דעם מאַרך... זיי טאַנצען דאָרט אַרום מיט גליהענדע צוואַנגען... עס ברענט איהם... ער רייסט זיך... ער שלאָגט זיך קאָפּ אָן וואַנד... ער וויל די שדים דער'הרג'ענען. ער בעט זיך ביי „זיי” מיט גוטען, אַז זיי זאָלען ארויסגעהן פון זיין קאָפּ... זיי פאָלגען איהם אָבער ניט... ער ווערט ווילד... ער הויבט זיך אָן צו גראָבען אין קאָפּ... רייסט זיך די האָאר... ער צובלוטיגט זיך. די שדים געהען נאָך אַלץ ניט ארויס... וויל ער דעם קאָפּ עפענען און זיי ארויסטרייבען פון דאָרטען...

און שטענדיג מוז ער טראָגען די „לעדערנע מופטע” אויפ'ן קאָפּ... ער וויינט, ער בעט זיך ביי'ם דאָקטאָר און ביי די גאַרדס,

זיי זאָלען איהם באפרייען דערפון, און אָפט מאָל ווערט ער אזוי אויפגערעגט, אז מען מוז איהם די הענט בינדען...

און וואו מען טהוט זיך א קעהר, זעהט מען אזעלכע בילדער. איהר קענט לאַנג ניט שטעהען ביי איינעם... א ווילדער, הערצ־רייסענדער געשריי פון א צווייטען, ציהט אייער אויפמערקזאמקייט צו איהם... אָט זיצט דאָרטען א פאר'חלומ'טער יונגער מענש. ער זיצט רוהיג, שטיל, רעדט ניט צו קיינעם; ער זיצט פארטיפט אין זיינע געדאנקען... און — פלוצלונג לאָזט ער ארויס א פארצווייפעלטען געשריי... און שפרינגט ארונטער פון בעט און זוכט זיך צו באהאַלטען... זיינע אויגען ברענען פון שרעק... ער האָט שרעקליכע, שרעקליכע פארברעכענס באגאנגען... ער האָט געהייראַט מיט זיין מוטער, און גאָט פארלאַנגט, אז ער זאָל זיינע זינד אָפּוואשען מיט דעם, וואָס ער וועט באגעהן זעלבסטמאָרד... אַלע ווייל̈ע דערהערט ער א שטימע: „הרג'ע זיך! זינדיגער מענש, הרג'ע זיך!" א שווארצער גייסט שוועבט פאַר איהם מיט א בלאַנקע שווערד אין זיין האנד... נעהם די שווערד און שטעך זי אין ברוסט צריין, זינדיגער מענש!... אזוי פארלאַנגט גאָט!... און ער זעהט דעם גייסט און הערט זיין שרעקליכע שטימע... ער זוכט זיך צו באהאַלטען... ער געפינט איהם איבעראַל... זיינע אויגען שפרינגען פון שרעק... ער לאָזט ארויס א הערצרייסענדען געשריי... זיין גאנצער קערפּער ווערט צוזאמענגעפּרעסט, צוזאַמענגעצויגען, ביז דער שרעקליכער גייסט פארשווינדעט... און די שטימע פון גאָט ווערט אנטשוויגען...

* * *

אריינקומענדיג דעם ערשטען מאָל אין דעם מענער־אפּטיילונג פון משוגעים הויז, מאכען זייערע אויגען אויף דעם באַזוכער די ערשטע שווידערליכע ווירקונג. דאַגעגען אָבער, ווען מען קומט אריין אין דעם אבטיילונג פון די פרויען, דאן ווארפען זיך גלייך אין די אויגען די טרויעריגע בילדער פון זייערע אפּגע־שאָרענע קעפּ, שוין ניט ריידענדיג וועגען די שרעקליכקייט פון זייערע אויגען...

אין דעם פרויען אפטיילונג האָט מיך באגלייט א פרויען־נוירס. ביז מיט עטליכע יאָהר צוריק זיינען געווען מענער אָנגע־מען אבער געפונען פאר נויטיג אנצושטעלען דארטען פרויען, צו פיעל געבורטען פלעגען דארטען פארקומען...

צום ערשטען האָט מיר מיין באגלייטערין אריינגעפיהרט אין הויף, וואו א גרויסער טייל פון זיי פארברענגען דורכ'ן טאָג. דאר־טען איז איינגעריכטעט געווארען א גרויסער „שעד" אָדער באַלאַ־גאַן, מיט ביינק, וואו זיי זיצען און „פארברענגען" צוזאמען.

ווען איך האָב געגעבען דעם ערשטען בליק אויף דיזע גרופּע פון אונגליק און שרעקען, האָט מיר א טרייסעל געטאָן פון אימה. איידער איך בין אריינגעגאנגען אהין, האָב איך זיך פאָרגעשטעלט צו זעהן פרויען, וועלכע אונטערשיידען זיך בלויז מיט דעם, וואס זייער זינען איז אנדערש, ווי ביי אנדערע פרויען. זיי דערזעהענ־דיג אָבער, מיט אָפּגעשאָרענע צעפּ, טרויעריגע קליידונג, פארצוויי־פעלטע פנים'ער און זייערע צו ד'רערד־געבויגענע געשטאַלטען, בין איך עפּעס אזוי ווי עלעקטריזירט געווארען... מיר האָט זיך אויס־געדוכט, אז זיי זיינען לעבעדיגע מאָנומענטען פון עלענד און טרויער, און זייער באנעמונג איז געווען ווי פון שרעקענס גייסטער.

שיללער, דער גרויסער דייטשער דיכטער, האָט אמאָל אוועק־געליינגט זיין פעדער, ווען איהם איז אויסגעקומען צו שילדערען דעם צויבער פון א קינד. און איך בין זיכער, אז דערזעלביגער גרויסער שיללער וואָלט אויך אוועקגעלעגט זיין פעדער, ווען איהם וואָלט אויסגעקומען צו מאָהלען דיזען בילד פון אייביגע שרעקען..

אזוי שנעל ווי זיי האָבען מיך דערזעהן, האָבען זיי אָנפאנגס אָנגעהויבען צו לויפען, שרייענדיג מיט ווילדע קולות... זיי האָבען זיך אָבער אלע באלד ארומגעקוקט, און מיך פלוצלונג באגריסט מיט א שוידערליכען געלעכטער און — אָנגעהויבען צו פינטלען מיט די אויגען צו מיר... רופען מיט די הענד... ריידען גראבע רייד... צוגעהענדיג אביסעל נעהענטער צו זיי, זיינען מאנכע צו־געשפרונגען צו מיר און מיך גענומען אונטער'ן אָרים... גערעדט שרעקליך ציניש...

דיזע ערשיינונג איז געווען פאר מיר א גאנץ נייע. איך

האָב ניט ערוואַרטעט אַז אין דיזען יאַמערטאַל זאָל איך אַזעלכע בילדער זעהן... איך האָב זיך אָבער נאָכהער איבערצייגט, אַז דאָרטען איז עס אַ גאַנץ געוועהנליכע זאַך... 75 פּראָצענט פון זיי זיינען געפעהרליכע „פּלאָירטס". אַזוי לאַנג ווי אַן אויג איז נאָך אָפען ביי זיי, וועלען זיי פינטלען מיט איהר, ווען זיי דער־זעהען אַ מאַן... מאַכען מיאוס'ע פּאַרשלעגע, גאָר ווי מאַנכע גע־זונדע און קלאָרע... טאַנצען ציניש טענץ... און שטעקען אַרויס די צינגער צו דעם יעניגען, וועלכער מאַכט זיך ניט וויסענדיג...

מיין באַגלייטערין האָט מיך אַריינגעפיהרט אין איינעם פון די וואָרדס.

* * *

די וואָרדס זיינען איינגעטיילט אַזוי ווי ביי מענער, נאָר מעהר אויפגעפּאַסט. ריין און לופטיג. דער וואָרד, אין וועלכען מיר זיי־נען אַריינגעגאַנגען, איז, ווי עס שיינט, געווען נאָר פאַר אַלטע פרויען. קיין יונגע געזיכט האָב איך דאָרטען ניט געזעהן, און עס איז אפשר דערפאַר ווייל זייער טרויעריגער לעבען האָט זייערע געזיכטער געענדערט?

אויף אַ שעהן צוגעפּוצטע בעטעל איז געלעגען אַ זעהר אַלטע פרוי. איהרע האָר האָט שוין די צייט גאַנץ לאַנג באַזילבערט; איהר פּנים איז געווען שרעקליך צוקנייטשט און איהר שטימע האָט געקלונגען שוואַך און הייזעריג. איהרע אויגען האָבען אויסגעקוקט עפּעס אַזוי ווי זיי וואָלטען געווען צופיל אָנגעשטרענגט. זי איז געלעגען שטיל אין איהר בעט און געטראַכט...

ווען איך בין צוגעגאַנגען צו איהר, האָט זי אויפגעהויבען איה־רע אויגען און אויף מיר געגעבען אַ צערטליכען בליק. זי האָט מיך אָנגעקוקט פון אויבען ביז אַראָפּ, און ענדליך מיט אַ שוואַכע ליבענסווירדיגע שטימע געזאָגט צו מיר: „זעץ זיך, און זאָג מיר: ביסטו מיין זוהן? איך האָב געהאַט אַ זוהן אַמאָל און ער איז אַוועק פון מיר, און איז שוין מעהר ניט געקומען. ווייסטו אפשר, וואו מיין זוהן איז איצטער? קענסטו אפשר איהם גע־פינען?... איך האָב געהאַט אַ זוהן אַמאָל, און ער איז אַוועק פון מיר..."

איך בין געשטאַנען ווי אַ צוגעשמידטער צו דיזער אַלטיטשקער׳ס בעט. זי האָט גערעדט אַזוי צערטליך, אַזוי ליב. און אין דער זעלבער צייט אַזוי האַרצרייסענד! שוין באַלד 60 יאָהר ווי דיזע אַלטע געפינט זיך דאָרטען. ווען זי איז געבראַכט געוואָרען אַהין, איז זי אַלט געווען 30 יאָהר.

ווען מען האָט איהר געבראַכט אַהין, איז זי געווען פאַרהייראַט. זי האָט אָבער קיינמאָל קיין קינדער ניט געהאַט, און דאָך זוכט זי אַ זוהן! איהר קראַנקע פאַנטאַזיע דערצעהלט איהר, אַז זי האָט אַמאָל אַ זוהן געהאַט, נאָר ער איז פאַרלאָרען געגאַנגען, און עס איז שוין 60 יאָהר ווי זי זוכט איהם... אין אַלע ווינקעלאַך זוכט זי איהם... ווענען זי טרעפט אָן פרעגט זי אויב מען האָט איהר זוהן ניט באַגעגנט... און הייסע טרעהרען פאַרגיסט זי איבער „איהם", און שטענדיג זיינען איהרע אויגען רויט פון וויינען...

אָפטמאָל טרעפט, אַז ביינאַכט קריכט דיזע 90 יעהריגע אַלטיטשקע אַרונטער פון איהר בעט און הויבט אָן „איהר קינד" צו זוכען.

פאַר׳ן אַוועקגעהן האָט זי מיין האַנד אין איהרעביידע דאַרע הענד אַריינגענומען און איהר מיט צערטליכקייט געדריקט. און איהרע בליקען האָבען מיינע באַגעגנט, און געבעטען האָט זי מיר אַז איך זאָל איהר זוהן העלפען געפינען.

* * *

ניט ווייט פון איהר איז אין אַ בעט נאָך אַן אַלטיטשקע געזעסען. זי האָט אויסגעקוקט צו זיין איבער הונדערט יאָהר אַלט. איהרע הענד האָבען געציטערט. איהר קאָפּ האָט זיך געטרייסעלט. אויף איהר אַלטען, אַלטען פּנים איז אָבער געלעגען אַ קינדערשע פרעהליכקייט. אין איהרע הענד האָט זי געהאַלטען אַ דאַלל־בייבי און זיך געשפּילט דעמיט, און „איהר קינד" האָט זי לידער געזונגען. זי האָט עס „געוויקעלט", געקושט און צום האַרצען געדריקט, און עס זויגען געגעבען... „נעהם, קינד, עס אַביסעלע... דו ביזט מאַמאַ׳ס קליינע טאָכטעריל..." און האַלטענדיג דאַס „קינד"

ביים ברוסט, פּלעגט זי זיך אַלע ווײַלע איינבויגען און עס א צערט־ליכען קוש געבען.

און ווערט זי מיד האַלטענדיג די „בייבי“, גיט מען איהר א וויגעלע, אין וועלכען זי לייגט איהר אריין, און פאַרוויגט איהר מיט זיסע לידער... טרעפט זיך אמאָל, אז די „בייבי“ ווערט קראנק, זיצט זי גאנצע נעכט איבער איהר וויגעלע און צערטעלט „איהר“ און היט איהר אפּ ווי די אויגען אין קאָפּ, רופט דעם דאָקטאָר, גיט איהר מעדיצין... ביז וואנען די בייבי ווערט ווידער געזונד, און דאן איז זי ווידער די גליקליכסטע מוטער אויף דער וועלט.

די גרעסטע טייל פּאציענטען פון דיזען וואָרד זיינען מעלאנ־כאָלישע. זיי זיינען געלעגען אין די בעטלאך פארטראכט און זיך צומאָל קיין ריהר ניט געגעבען; און ווען ניט די הונדערט־יעה־ריגע „מאַמעלע“, וועלכע האָט איבער'ן גאנצען וואָרד געווארפען כוואַליעס פון מוטער־ליבע און שטראָמען פון פרעהליכקייט, וואָלט ער אויסגעקוקט ווי א וואָרד פון מומיען.

ווען מיר זיינען אריין אין א צווייטען וואָרד, האָבען זיך די סצענעס געביטען. דער שטורעם פון וואהנזין איז דאָרטען געוועזען אין פולען אויסברוך! שוידערליכע געלעכטערס און קולות, ווי פון ביידע גייסטער האָבען זיך געטראגען איבעראל. די „קראנקע“ צוזאמען מיט די בעטלאך, האָבען זיך עפּעס ווי געטראגען אין דער לופטען... דער גאנצער וואָרד איז געגאנגען ווי אויף רעדלאך...

אין פילע הינזיכטען האָבען די וואהנזיניגע פרויען געמאכט אויף מיר א שרעקליכערען איינדרוק, ווי די וואהנזיניגע מענער. זיי ווארפען מעהר שרעקען, און איבערהויפּט זייער ווינקען... דער שטורעם פון ליידענשאפט שיינט צו זיין ביי זיי שטארקער, ווי ביי די מענער. אין זייערע קראַנקע פאַנטאַזיעס זיינען א גרויסער טייל פון די שטארק אויפגערעגטע ניט קלאָהר... די מענער, צום ביישפּיל, וועלכע „זיינען דאָקטוירים“, וועלען נאָר ריידען פון מע־דיצין און וועלען ניט ארונטערגעהן פון זייער טעמא; די יעניגע וועמען די שווארצע איינבילדונג האָט געמאכט פאר „פּרינצען“, וועלען האנדלען אלס אזעלכע, און וועלען זיין „לאָגיש“ אין זייערע

האַנדלונגען, א. ז. וו. די פרויען, דאַגעגען, זיינען מייסטענס אפילו ניט קלאָר אין זייערע משוגעת'ן — אויב מען קען זיך אַזוי אויס־דריקען — זיי מישען צוזאַמען טויזענדער טעמאַס, און ריידען וועגען טויזענדער זאַכען אין די זעלבע מינוט. מען קען ביי זיי קיין וואָרט ניט כאַפּען. איך בין געשטאַנען ביי עטליכע בעטלאַך, וואו דיזע אומגליקליכע זיינען געלעגען און איך האָב פּרובירט צוזאַמענבינדען עטליכע ווערטער, וועלכע זאָלען עפּעס ענטהאַלטען אַ שטיקעל געדאַנק, און עס איז מיר ניט געלונגען. זייערע מיילער זיינען עפּעס אַזוי ווי מאַשינען... זיי וואַרפען ווערטער... שרעק־ליכע ווערטער... ציניש ווערטער.. זידלען און שילטען מיט מויטע קללות

צו איינער פון דיזע בין איך צוגעגאַנגען, און ווען זי האָט מיך דערזעהן, האָט זי אויפגעהויבען די קאָפּ, געגעבען אַ ציניש אַ לאַך, אַ צינישען פינטעל מיט'ן אויג, און ווייטער גערעדט צום סילינג... און גערעדט האָט זי זעהר שנעל און אַלע ווייל פלעגט זי זיך פונאַנדערלאַכען... זיך געבען אַ וואַרף אין דער לופטען.. הויבען די פיס... און וואַרפען ווערטער...

פאַר דער צייט וואָס איך בין אין דיזען וואָרד געווען, בין איך געווען אין גאַנצען ווי צומישט. די קאָפּ האָט מיר אָנגעהויבען צו שווינדלען פון טומעל און אויפרעגונג. ווען איך האָב אויס־געדריקט מיין מיינונג צו דער נוירס, אַז ווען מיר וואָלט דאָ אויס־געקומען צו פאַרבלייבען אַ פּאָר טעג, וואָלט איך אפשר משוגע געוואָרען, האָט זי מיר מיט אַ שמייכעל געענטפערט: „אָה, איהר מענער! איהר זאָגט דאָך אַז אפילו די געזונדע פרויען מאַכען אייך אויך משוגע"...

* * *

זי איז אַ געוועזענע פּרינצעסין פון הימעל...

אַמאָל, אַמאָל נאָך מיט מיט טויזענדער יאָהרען צוריק, האָט זי געוואָהנט אויף דער זון. דאָרטען האָט זי איהר טראָהן געהאַט, און פון דאָרטען האָט זי רעגירט איבער דער גאַנצער וועלט. אַלע פּלאַנעטען, זונען, און שטערען זיינען געווען אונטער איהר

קאנטראל, אלע מלאכים, און אלע שדים פלעגען מוזען קניען פאר איהר און פאר איהרווארט האט אלעס געציטערט...

און א שטיק פון דער זון, אויף וועלכען איהר טראָהן האט זיך געפונען, האט זיך אפגעריסען, און זי איז אויף דר'ערד אראפגע־פאלען....

נאך גאנץ יונג שיינט דיזע הימלישע „פרינצעסין" צו זיין. ניט מעהר ווי 35 פריהלינגען זיינען אפגעזיגעלט אויף איהר בלאסע געזיכט, און דאך זיינען איהרע גאלדענע לאקען שוין באזילבערט געווארען...

ניט מיט אלעמען וויל זי ריידען, זי פיהלט, אז זי איז א העכערעס וועזען; זי זאגט, אז קיינער פארשטעהט איהר ניט, אז קיינער וויל איהר ניט פארשטעהן, די צייט וועט אבער קומען, ערקלערט זי, ווען די זון וועט זיך ווידער ארונטערלאזען צו איהר און זי וועט ווידער ווערען דאס, וואס זי איז מיט טויזענדער יאה־רען געווען — „די „פרינצעסין פון הימעל"...

איך בין געשטאנען און זיך צוגעקוקט צו דיזע „הימלישע פרינצעסין" און באוואונדערט איהר האלטונג. עס שיינט, אז זי איז אמאל געווען א בלענדענדע שעהנהייט, איהרע בלייכע באקען דערצעהלען, אז זיי זיינען אמאל ווי ראזען געווען, און אז איהרע פארוויאנעטע ליפען זיינען אמאל געווען באגאסען מיט חן.

און ווען זי האט גערעדט, זיינען איהרע ווערטער געווען גע־צעהלטע; און שטיל און רוהיג האט זי גערעדט; קיין איינ־ציגען איבעריגען ווארט האט זי ניט געוואלט פארלירען. איהר גאנצע האלטונג איז געווען עפעס ווי זי וואלט געווען א ריכטיגע פרינצעסין; פלעגט זיך העפליך פארנייגען, ביי יעדער געלעגענ־הייט פלעגט זי געבען א ליבליכען שמייכעל, ווען זי האט געדענקט, אז א שמייכעל איז נויטיג געווען...

אין איהרע ביידע אויגען זיינען געווען ווי צוויי פאנטאנען פון ליבע...

* * *

איך וואלט נאך לייגגער געשטאנען לעבען דיזער מערקוויר־דיגער „פרינצעסין", ווען ניט דער פארצווייפעלטער געשריי פון

אַ צווייטע, וועלכע איז גראדע ניט געווען קיין פּרינצעסין, האָט זי אָבער ענטזאגט די ליבע פון דעם אָנפיהרער פון די „שווארצע האנד", און יעצט זוכט ער ראכע, און וויל איהר ערמאָרדען.

איהרע געשרייען זיינען געווען אזעלכע, אז זיי האָבען, דוכט מיר, געקענט מאכען שוידערען די שטיינערנע זיילען פון דעם ווארד, אין וועלכען זי האָט זיך געפונען. איהרע אויגען האָבען געברענט ווי צוויי פייערען, איהר גאנצער קערפּער האָט געציטערט פון שרעק.

— נעהמט איהם אוועק פון מיר! איך וויל איהם ניט! אוועק! אוועק! איך האס דיך און איך האס דיין ליבע! — האָט זי געשריען, ארומלויפענדיג איבערן גרויסען צימער, אין וועלכען זי האָט זיך געפונען.

אויף די בארוהיגענדע ווערטער פון דער נוירס האָט זי געשריען:

— אָט איז ער!... אוועק!... אוועק!... מיין הארץ באלאנגט ניט צו דיר!... דו ביזט דער קעניג פון די שווארצע האנד... איך וויל דיך ניט... איך האס דיך!

און ווען „דער", וועמען זי האָט אזוי ברוטאליש איהר ליבע ענטזאגט, איז „פארשוואונדען" געווארען, האָט זי פרייער אויפגעאָטעמט. איהר גאנצער קערפּער האָט אויפגעהערט צו ציטערען, איהרע אויגען זיינען געווארען ווי אויסגעלאָשען און זי האָט זיך צוריק אויף איהר בעטעל אוועקגעלייגט, זי האָט זיך מיט די ווייסע דעקע אריבערגעדעקט, און איז געבליבען ליגען ווי מיט איהר וואָלט קיין זאך ניט פּאסירט.

* * *

עס איז אפילו א שאנדע, איך מוז אבער מודה זיין, אז איך האָב נאָך קיין מאָל פּאטי'ן ניט געהערט זינגענדיג, און איך האָב שוין געהאט אויפגעגעבען אלע מיינע האָפנונגען איהר אמאָל צו הערען... קומענדיג אָבער אין דער „וועלט פון אלעס", האָב איך „איהר" גליקליכערווייזע ניט נאָר געהערט, נאָר טאקע געזעהן אויך.

איבער'ן גאנצען וואָרד האָט זיך פלוצלונג אָנגעהויבען צו־טראָגען א הימעל־שפּאלטענדער געזאנג... א שרעקליך ברוטאלער

גענזאנג איז דאָס געווען... די טענער זיינען געווען ווי שפּיזען, און וואָס העכער זיי פלעגען ווערען, אַלץ מעהר שטעכען פלעגען זיי... ווען איך בין צוגעגאַנגען צום פּלאַץ, פון וואַנען די שטימע האָט זיך געהערט, האָב איך דערזעהן אַ גרויסע דיקע ניגערקע אין אַ בעט זיצענדיג, וועלכע האָט געמאַכט מיט די הענד און מיט די פיס, עפּעס אַזוי ווי זיי וואָלטען איהר געהאָלפען בעסער די טענער ארויס־צוברייננגען... איהרע קולות האָבען געקענט טוידטע אויפוועקען...

ווען איך בין אריינגעגאַנגען אין דעם רום, אין וועלכען זי איז געלעגען, האָט זי אויף מיר געוואָרפען אַ ציניִשען בליק, און ווייטער „געזונגען".

און דיזע גרויסע זינגערקע איז ניט קיין אַנדערע ווי די באַ־ריהמטע אדעלינא פּאַטטי — אַזוי זאָגט זי אַליין, און אום צו אי־בערצייגען די ריכטיגקייט פון איהר באַהויפּטונג צו די יעניגע, וועל־כע גלויבען איהר ניט, האַלט זי נאָר אין איין זינגען..

אין דיזען וואָרד געפינען זיך די מילדערע פּאַציענטען, דאָס הייסט אַזעלכע, וועלכע קריגען בלויז אַן אַנפּאַל פון וואַהנזין פון צייט צו צייט, און דאָך הויבט גלייך דער קאָפּ אָן צו שפּאַלטען פון טומעל און שרעק, ווען מען שטעהט אַ ווײַלע דאָרטען.

דורכגעהענדיג דעם האָל, וואָס ציהט זיך אין אַ צווייטען וואָרד, זיינען יונגע און אַלטע פרויען געזעסען דאָרטען. יעדע האָט אויסגעדריקט איהר וואַהנזין אויף איהר שטייגער. מאַנכע־האָבען גערעדט צו זיך אַליין, מאַנכע האָבען זיך גע'צלם'ט, און געהאַלטען זייערע אויגען פאַרגלאָצט צום הימעל און אַנדערע האָ־בען היסטעריש געלאַכט. וועהרענד מיר האָבען זיך אָפּגעשטעלט אַ ווײַלע אין האָל, איז איינע צוגעלאָפען צו מיר, האָט אָנגעכאַפּט מיין האַנד, און איהר אַ קוש געטאָן, און ווי אַ בליץ איז זי ווידער אַנטלאָפען געוואָרען אויסשיסענדיג מיט אַ ווילדען געלעכטער... און די איבריגע וועלכע האָבען זיך אין האָל געפונען, האָבען אָנגע־הויבען צו פינטלען מיט די אויגען... דרעהען מיט די קעפּ... רופען מיט די פינגער... און זייער יעדע באַוועגונג איז געווען ווי אַן אויסברוך פון אויפרעגונג...

* * *

האָב איך דערזעהן אַ פרוי זיצענדיג אין בעט און זי איז גע־וועז זעהר „ביזי". איהרע הענד האָבען געאַרבייט... זי האָט גע־האַלטען אין איין צוזאַמענגעהען איהר קערפּער, וועלכער וואָלט זי־כער צופאַלען געוואָרען, ווען זי וואָלט איהם ניט שטענדיג גע־האַלטען אין איין צוזאַמעננעהען.

קיין נאָדעל האָט זי ניט געהאַט, קיין פאָדים אויך ניט, נאָר נעהען פלעגט זי... אונטער איהר האַרצען איז אַ מאָל געלעגען אַ ניט געזעצליך קינד... פאַר דיזער גרויסער זינד, האָט איהר גאָט באַשטראָפט דערמיט, וואָס פון איהר קערפּער זאָלען שטיקער פאַ־לען... איהר בויך זאָל זיך צושפּאַלטען... און אַלע ווײַלע שפּאַלט זיך איהר בויך אין אַן אַנדער פּלאַץ... זי נעהט איהם פעסט צו־זאַמען, און איידער זי פאַרנעהט איין פּלאַץ, עפענט זיך שוין אַ צווייטער, אַ דריטער... שטענדיג נעהט זי... זי פאַרגינט זיך אפילו קיין צייט ניט צו עסען...

און ווען דער שטורם פון וואַהנזין לאָזט איהר אָפּ, פאַלט זי אַ טוידט פאַרמאַטערטע אַנידער און שלאָפט איין ביז וואַנען די שרעקליכע פאַנטאַזיע צושפּילט זיך ווידער אין איהר...

עס לאָזט זיך קוים גלויבען, אַז אַזעלכע ווילדע איינריידע־נישען זאָלען זיך קענען אַריינכאַפּען אין דעם מענשליכען מוח. פאַר דעם יעניגען, וועלכער האָט קיינמאָל ניט באַזוכט קיין משוגעים הויז, וועלען דיזע שילדערונגען פיליכט אויסקוקען אַ סך איבער־טריבען, און איך מוז צוגעבען אַז איידער איך האָב באַזוכט דיזע שרעקענס וועלט, האָב איך זיך עס אויך ניט געקענט פאַרשטעל־לען, און איך אַליין, קען זיין, וואָלט אויך געצווייפעלט אין די ווירקליכקייט פון זיי. עס איז אַבער אַ פאַקט אַז קיין מענשליכע פעדער איז גאָר ניט אימשטאַנדע איבערצוגעבען די שוואַרצע בילדער וואָס דיזע אומגליקליכע זעהען פאַר זיך.

די פרויען, ווי שוין געזאָגט, זיינען, פיל, פיל שרעקליכער ווי די מענער אין זייערע משוגעתן. זייערע מיילער זיינען שטענדיג אָפען... שילטען, זידלען און אַנקוקען גראָב יעדען, איז ביי זיי ווי אַן איינגעבאָרענע משוגעת.

ווען איך בין אריינגעקומען אין „ארבייטס־צימער" וואו זיי פארברייננגען זייער צייט אין נעהען (דיזע ווערען שוין גערעכענט אלס גאנץ מילדע פאציענטען), האָב איך דארטען באמערקט דעם זעלבען שטורם, ווי אין די ערגסטע וואַרדס. די אויגען קאָכען ביי זיי. אלע ווײלע דערהערט זיך א ווילדער פלוך, א שוידערליכער געשריי...

* * *

ביי א מאַשין איז געזעסען א פרוי פון א יאָהר 40, דאָס רעדעל פון דער מאשין האָט זיך געדרעהט, און איהר צונג האָט זיך געדרעהט נאָך שנעלער... ווען איך בין צוגעגאנגען נעהענטער צו איהר, האָט זי אויף מיר אָנגעשטעלט איהרע אויגען און זיך אוועקשטעלענדיג, האָט זי אָנגעהויבען צו טופען מיט די פיס, שעל־טען מיט טוידטע קללות און איהר פּנים איז געוואָרען אָנגעצונדען ווי פייער. זי האָט גערעדט שנעל, און יעדער וואָרט איז פון איהר מויל געפלויגען ווי קוילען פון א קאַנאָן.

מיין באגלייטערין האָט מיר געבעטען זיך נעבען איהר ניט אָפּ־צושטעלען, ווייל זי קאָן ווערען געפעהרליך...

א צווייטע עלטערע פרוי איז צו מיר צוגעגאנגען, מיר גענו־מען אונטער'ן אָרים און אָנגעהויבען צו קלאַפּען מיט'ן צונג... און אזוי איז געווען מיט א דריטע, פערטע און פינפטע ביז וואנען איך האָב זיי געמוזט אפטרייבען ווי פליגען...

צוקומענדיג צו א פענסטער, וואו א יונגע מיידעל פון א יאָהר 18 איז געזעסען און גענעהט, איז צו מיר צוגעקומען די „אייביג לאַכענדע" און מיר אָנגעבאָטען איהר האנד... זי האָט מיר דער־צעהלט אז זי איז „די אָנלי ליווינג סיקרעט"... קיינער ווייס ניט ווער זי איז... אלע מיינען, אז זי איז א מענש, און אין אמת'ן איז זי גאָר א מלאך... אז זי איז דאָס די יעניגע, וועלכע האָט די וועלט געגעבען יעזוס'ען... זי וועט באלד צוריק פליהען אין הימעל, און דער־צעהלען איהר געטליכען זוהן, ווי די וועלט איז שלעכט, ווי אלע זיינען דאָ פארדארבען.. און אז די שלעכטע מענשען האָבען איהר פארשפּארט אין א פּלאַץ, וואו מען קען ניט שלאָפען... אימער לאַכט זי, און זי לאַכט דערפאַר ווייל די מענשען מיינען, אז זי

איז אַ מענשליכעם וועזען... און לאַכענדיג איז זי צו מיר צוגע־גאנגען, און מיט דעם זעלביגען געלעכטער איז זי אוועק פון מיר...

און שטעהענדיג לעבען איהר האָט מיר דאָס יונגע מיידעל אלע וויילע אַנגערירט, עפּעס אזוי ווי זי וואָלט זיך געוואָלט איבערצייגען אויב איך לעב נאָך. ווען איך האָב מיט איהר אָנגעהויבען צו ריידען, האָט זי אראפּגעלאָזען די אויגען, און אין איהרע באקען האָבען זיך באוויזען פּארבען... אלע ווייל האָט זי געוואָרפען אויף מיר א פאר'גנב'עטע בליק... ווען איך האָב איהר געפרעגט איהר נאָמען, האָט זי ווי אָנגעהויבען צו שטאַמלען... איהר שטימע האָט געציטערט, און די זילבען פון איהר נאָמען זיינען עפּעס ווי צו־ברעקעלט געוואָרען ווען זי האָט איהם ארויסגעזאָגט...

און ווען איך האָב פארלאָזען דעם „שאפּ" האָבען מיך אלע מיט א ווילדען געשריי, און מיט א נאָך ווילדערען געלעכטער בא־גלייט.

— — — — — — — — — — — — —

און ווען איך האָב זיך שוין געפונען פון דער אנדער זייט שטיינערנע וואנד פון דיזער וועלט פון אייביגע שרעקען, האָב איך פרייער אויפגעאָטעמט, איך האָב געוואָרפען א טרויעריגען בליק אויף די שטיינערנע וואנד, וואס רינגעלט ארום דעם אייביגען יאמער טאָל. די אייזערנע טויערען, די אייזערנע גראטעס, און דער גאנ־צער אויסזעהן פון האָספּיטאַל האָבען ווידער געוואָרפען אַ שרעק אויף מיר... האָבען ווידער צוטרייסעלט מיינע נערווען, און מיט א הארץ פול מיט טרויער בין איך אוועק פון איהם.

# הינטער גראַטעס.

## 1

איך האָב א דריק געגעבען אַן עלעקטרישען קנעפּעל פון א רי־זיגען אייזערנעם טויער, וועלכער איז איינגעמויערט אין א הויכע דיקע שטיינערנע וואנד. פון דער אַנדערער זייט טויער האָט זיך דערהערט א הייזעריגער קלינגען פון שליסלען. א שמאָלע, אײ־זערנע טירעל האָט זיך האַלב געעפענט און א מאַן געקליידעט אין א יוניפאָרם האָט זיך אין דער עפענונג געוויזען. ער האָט אויף מיר געגעבען א פאָרשענדען בליק, און איידער ער האָט נאָך צייט געהאַט א וואָרט צו ריידען ,האָב איך איהם דערלאנגט א שריפט. די טירעל האָט זיך ברייטער געעפענט, און איך בין אריין.

ניט אַלע, וועלכע געהען דורך דיזער טירעלע אריין, געהען לעבעדיגע ארויס...

דאָ מוטשען זיך, קרעכצען און יאָמערען די פארשטויסענע פון דער געזעלשאפט ; דאָ זיפצען נשמות, און קיינער פארנעהמט זייערע זיפצען ניט ; דאָ בלוטען הערצער און קיינער זעהט ניט ווי זיי ווערען פארבלוטיגט, און קיינער קימערט זיך ניט וועגען זיי.

גראַטעס און שלעסער ! איבעראַל, וואו מען וואַרפט א בליק, זעהט מען זיי. אויף אַלעס און אויף אַלעמען ליגט אומעט, טרויער און פארצווייפלונג. הויכע שטיינערנע ווענט רינגלען אַלעס ארום. א טויטע שטילקייט הערשט.

מען האָט מיר אָנגעוויזען אויף א טיר, און איך בין אריין אהין.

א רונדער, גרויסער צימער, עטליכע שטולען. אויף פאַנכע

פון זיי זיצען מענער אין „יוניפאָרמס" און וואַרפען זייערע בליקען אין די שמאָלע, לאַנגע קאָרידאָרען, וועלכע זיינען ווי אויסגעהאַקט אין די רונדע ווענט פון דעם צימער און קוקען אויס ווי טונעלען. אין די ווענט פון די „טונעלען" זיינען דאָ צימערען מיט אייזערנע גראַטעס. איבער יעדע גראַטע אָדער טירל פון די צימערען געפינט זיך א ברעטעל מיט א נומער, און אמאָל זיינען דאָ מעהרערע אזעל־כע ברעטלאַך מיט נומערען איבער זיי.

די נומערען — דאָס זיינען די נעמען פון די פּריזאָנערס. די פּארשטויסענע פון דער געזעלשאַפט האָבען דאָ ניט קיין נעמען. זיי ווערען אין נומערען פארוואַנדעלט. אזוי שנעל ווי מען ברייגנט זיי אהין, פארשרייבט מען זייערע נעמען אין א בוך, און ביי יעדען נאָמען שטעלט מען אוועק א נומער. מען הענגט אָן ביי זיי אויף דער ברוסט א ברעטעל מיט א נומער, און אזוי פאָטאָ־גראַפירט מען זיי. זייערע בילדער ווערען אויסגעהאַנגען אין דער פארברעכער־גאַלעריע, מען נעמט אַרונטער צייכענס פון זייערע פינגער, און — דאַן פיהרט מען זיי אין „זייערע" צימערען, וואו זיי זיצען אָפּ זייער טערמין.

איך בין געגאַנגען פון איין „טונעל" צום צווייטען. איך האָב אריינגעקוקט אין זייערע צימערען, און — מיין גאַנצער קערפּער האָט אַלע ווייַלע א ציטער געטאָן. מיין הארץ איז פון שמערץ צוזאמענגעדריקט געוואָרען. איך האָב ווי צו וויינען גע־פיהלט....

דאַכט זיך פארברעכער... זיי האָבען זייערע מיט־מענשען שלעכט, ברוטאַל באהאַנדעלט; זיי האָבען מענשען־לעבענס דער־שטיקט, צוריסען, און דאָך — דאָך איז מיין הארץ אָנגעפילט געוואָרען מיט רחמנות צו זיי. זיי האָבען דאָך גערויבט און גע־מאָרדעט דאַן און — ניט יעצט; און ווער ווייסט, וואָס עס האָט זיי געבראַכט דערצו? איצט אָבער ליידען זיי דאָך. זיי האָבען הערצער מיט נשמות. יעדעס הארץ פיהלט, ליידעט, ווען איהרע געפיהלען ווערען דערשטיקט. זייערע נשמות בענקען דאָך געוויס נאָך די, וועמען זיי ליבען. זיי האָבען דאָך פאָטערס, מוטערס, שוועסטער, ברידער, פרויען, קינדער און יוגענד פריינד...

אַט איז אַ צימער, אַן אייזערנע בעטעל ביים וואַנט; אַ שטוהל; אויף די ווענט זיינען אויסגעמאָהלען פארשיידענע בילדער איבער איין בעטעל איז אויף דער וואַנט אויסגעמאָלען אַ פויגעל, וועלכע פליהט מיט אַ בלום אין איהר שנאָבעל.... צוויי ווענט איינגעבויגען איינע אנטקעגען די אנדערע בילדען דעם סילינג. און אַ שמאָלער פּאַס פון גלאָז צושיידט די איינגעבויגענע ווענט אין דער הויך.

אויפ׳ן ברעג פון בעטעל זיצט אַ יונגער מאַן. ער איז אומגעפער 30 יאָהר אַלט. די האָר פארקאַמט; דער פּנים בלייך, פארצויגען אין אַ וואָלקען פון טרויער, די אויגען האַלט ער ארונטערגעלאָזען... אַט ציהט ער די פינגער, און אַט גיט ער מיט אַ פינגער פון איין האַנט אַ דריק די געלע אויסגעסטארטשעטע אָדערען פון אַ צווייטער, ווי ער וואָלט וועלען אויסגעפינען אויב בלוט פליסט נאָך דורך זיי....

זיינע הענט קוקען אויס ווי זיי וואָלטען קיינמאָל קיין שווערע ארבייט ניט געטאָן, און זיין גאַנצער אויסזעהן איז ווי פון אַזאַ, וואָס האָט אין קינדהייט פארבראַכט צווישען אַ העכערע געזעלשאפט. ער זיצט און טראַכט. עס קוקט אויס, ווי אין זיין הארצען קומט פאָר אַ שטורם.

ווער איז דיזער אומגליקליכער? וואָרום האָט איהם די געזעלשאפט פארשטויסען פון זיך? וועלכע זינד האָבען איהם אהינטער די גראַטעס געבראַכט? איז עס מעגליך, אַז דיזער שעהנער יונגערמאַן האָט....

איך האָב אויטאָמאַטיש אָפּגעטראָטען פון צימער. אַ ציטער איז איבער מיין קערפּער אריבער.

שוין 8 יאָהר ווי ער זיצט דאָ, דאָס טירעלע וועט זיך פאַר איהם קיינמאָל ניט עפענען... דאָ וועט ער זיין לעצטען אָטעם-צוג אויסהויכען; דאָ וועט זיין קערפּער אויף אייביג, אייביג קאַלט ווערען...

דאָס איז געווען מיט יאָהרען צוריק. ער איז נאָך דאַן זעהר יונג געווען. זיין פאָטער האָט איהם געליבט, און זיין מוטער האָט איהם געצערטעלט.

א יונגע, בילד־שעהנע מיידעל האָט ער באַגעגענט, און זיין הארץ האָט זיך אָנגעצונדען. האָט ער איהר דערצעהלט וועגען דעם פייער, וואָס זי האָט אריינגעבראַכט אין זיין הארצען, און זי האָט מיט א גליהענדען קוש איהם איהרע סודות פון הארצען דערצעהלט.

טעג, וואָכען און מאָנאַטען זיינען פארביי, און ער איז גליקליך געוועזן.

איינמאָל האָט ער איהר אין דער געזעלשאַפט פון א צווייטען געטראָפען. האָט עס איהם א שניט געטאָן אין הארצען.

אָבער ווען זי האָט איהם דערצעהלט, אז דער צווייטער איז בלויז א באַקאַנטער, און אז זי ליבט בלויז איהם, האָט ער זיך ווידער גליקליך געפיהלט.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

טעג, וואָכען און מאָנאַטען זיינען ווידער פארביי. און ער האָט דערהערט אז זיין געליבטע, דאָס היילינגטום פון זיין הארצען, האָט איהר אומשולד דעם צווייטען געשאָנקען. דאַן האָט ער גע־וויינט, האָט זיך די האָר פון קאָפּ געריסען. ווען ער האָט זיך שוין געהאַט איבערצייגט, אז זי האָט איהם פארראַטען און אז זי האָט זיין אמת'ע ליבע צו איהר מיט די פיס געטראַטען, איז זי נאָך אויך געקומען צו איהם, מיט אָפענע אָרימס, און זי האָט איהם איהרע ליפּען אנטקעגען געטראָגען... דאַן האָט ער איהר דער־שטיקט, און — נאָכהער האָט ער איהר צום הארצען געדריקט.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

איך האָב זיך פארטראַכט וועגען דער „פויגעלע מיט דער בלום", וואָס הענגט איבער זיין בעט. צו וואָס האָט ער איהר אויסגעמאָלען אזוי? וואוהין וויל ער די פויגעלע זאָל פליהען מיט דער בלום? האָט ער דערמיט געוואָלט פאָרשטעלען א שליח, וועלכער וועט איהם אפשר אמאָל, אמאָל קומען אָנזאָגען, אז ער איז פריי? אָדער, האָט ער דורך דער פויגעלע געשיקט א בלום אויף דעם קבר פון זיין געליבטע?...

## 2

צוויי אזיינער ביינאכט. די גאנצע געגענד ארום איז איינ־געהילט אין א טויטע שטילקייט. אלעס שלאָפט און רוהט. פלוצ־לונג דערהערט זיך א געשריי, און באלד ווערט דער געשריי פאַר־וואנדעלט אין ווילדע, פארצווייפעלטע געשרייען. די שלאָפענדע כאפּען זיך אויף. לעבען א פענסטער פון אן איינזאמער הויז ליגט א יונגער מענש אין א באוואוסטלאָזען צושטאנד און א גרויסער מעסער שטעקט אין זיין ברוסט. בלוט פליצט פון איהם. נעבען איהם שטעהט א יונגע פרוי און וויינט, רייסט זיך די האָר פון קאָפּ, און ווערט היסטעריש. אנדערע שטעהען נעבען דעם דער־שטאָכענעם, וועלכער ליגט אין א טייך בלוט און זיינען נערוועז, קוקען זיך אָן איינער דעם אנדערען...

ווייט, ווייט פון דעם פלאץ, הערען זיך קראכען פון רעוואָל־ווערען. באלד ווערען די רעוואָלווערען שטום. דער באוואוסט־לאָזער ווערט אוועקגעפיהרט אין האָספּיטאל, און די יונגע פרוי חלש'ט....

---

א דונקעלער קליינער צימער, אן אייזערנע בעטעל; א שטול; אויף די ווענט הענגען מאנכע בילדער, און איינע פון דיזע איז פון אן עלטערער פרוי. אין א ווינקעל פון צימער ליגען געצייג, שטיקלאך אייזען, מעש און אנדערע מעטאַלען.

איך זיץ אויפ'ן שטול און נעבען מיר, אויף א ברעג פון דער אייזערנער בעט, זיצט א יונגער מענש. זיין אויסזעהן איז ווילד, פרעך, און זיין שפראך איז גראָב, פאַרדאָרבען. פון צייט צו צייט גיט ער א שמייכעל, און באלד ווערט ער ערנסט. ער הויבט זיך אויף, און הויבט אָן ארומשפּאַצירען איבער'ן קליינעם צימער, אויסמיידענדיג מיינע בליקען, און רעדט ווי צו זיך אליין. איך פיהל, אז מיין אנוועזענהייט איז איהם ניט אנגענעהם. ער וואָלט וועלען בלייבען אליין, ווייל יעדע מינוט איז ביי איהם טייער... ער האָט א הייליגע פליכט צו ערפילען...

שוין א פּאָר יאָהר ווי דיזער צימער איז זיין היים, און זיין

היים וועט עס זיין, ביז וואַנען זיינע אויגען וועלען אויף אייביג געשלאָסען ווערען... יענע טירעלע וועט זיך פאר איהם קיינמאָל שוין ניט עפענען...

אַמאָל, ווען ער איז פריי געווען, איז ער געווען אַ העלד פון דער נאַכט ווען אַלע מענשען האָבען רוהיג אין זייערע געצעלטען געשלאָפען, ערשט דאַן האָט ער געוואַכט; ערשט דאַן האָט זיך זיין ענערגיע צושפּילט, און זיינע געהירען האָבען אָנגעהויבען צו ארבייטען...

ער האָט פיינט געהאַט די מענשליכע געזעצע, און פאַרהאַסט די מענשליכע מאָראל. ער האָט געלעבט פון דאָס, וואָס אַנדערע האָבען געשאַפען; ער האָט שלעסער געבראָכען, און שראַנקען אויפגעריסען, און וועה איז געווען דעם, וועמ עס איז איהם אַנט־קעגען געקומען!... זיין מעסער איז אימער געווען שאַרף, און זיין פּיסטאָלעט איז אימער געווען געלאָדען.

יענע נאַכט האָט ער דעם פרידען פון יענער הויז געשטערט. מיט געוועהר אין די הענט, און מיט אַ שוואַרצע מאַסקע אויף זיין פּנים, איז ער אין יענער הויז געגאַנגען. לאַנגזאַם, שטיל, האָט ער אַ פענסטער געעפענט, און ווי אַ שלאַנג האָט ער אָנגעהויבען צו קריכען אין דעם נעסט פון די שלאָפענדע.

און יענער יונגער מענש איז איהם אַנטקעגען געקומען, און ווען ער, דער העלד פון דער נאַכט, האָט געזעהן, אַז זיין פרייהייט איז אין געפאַהר, האָט ער זיין שאַרפען מעסער באַנוצט... אין זיין הארצען האָט ער איהם אריינגעיאָגט. זיין קרבן איז געפאַלען אין אַ טייך בלוט, און מיט אַ מאָרד אויף זיין געוויסען איז ער פאַרשוואונדען געוואָרען אין די שאָטענס פון דער נאַכט...

אָט איז ער... ווי אַ ווילדע חיה הינטער גראַטעס האַלט מען איהם; קיינער קימערט זיך ניט וועגען איהם, און קיינער פאַר־נעמט זיינע זיפצען ניט, ווען ער זיפצט, און קיינער וויל איהם ניט טרייסטען, ווען ער וויינט...

איך קוק אויף איהם, און פאַרשידענע געדאַנקען און געפיהלען טומלען זיך ביי מיר אין קאָפּ און אין הארצען... אָט זעה איך

זיין פאַרבלוטיגטע יוגענד, און אַט ערשיינט פאַר מיר זיין אומ־שולדיגע קינדהייט; אַט זעה איך איהם אין קייטען געשמידט, און אַט באמערק איך איהם אין די אָרימס פון זיין גוטע, צערט־ליכע מוטער; אַט הער איך ווי די וועלט שרייט צו איהם: „מערדער!" און אַט רופט זיין מוטער איהם: „מיין קינד!"; אַט פיהרט מען איהם, ווי א ווילדע חיה, אין פּריזאָן, און אַט באַ־גלייט מען איהם ווי אַן אומשולדיגען מלאכ'ל אין סקול...

און קוקענדיג אויף איהם, ערוועקט זיך אין מיין האַרצען א פאַרלאַנג צו פיהלען כאָטש איין מינוט אַט ווי ער פיהלט; עס ווילט זיך וויסען וואָס אין זיין האַרצען טוט זיך... מיר דוכט זיך, אַז ער דאַרף האָבען א וואונש, אַז די הויכע, בלויע הימלען זאָלען מיט דיקע, שוואַרצע וואָלקענס פאַרצויגען ווערען, און לאַנג, לאַנג זאָלען זיי די שטראַהלענדע זון פאַרשטעלען, ווייל, ווען די הימלען זיינען לויטער, און ווען די זון שטראַהלט, דאַן באָדט זיך די וועלט אין איהרע שטראַהלען, און דאָס רייצט איהם צום לעבען, פריי צו זיין, און מיט אַלע מענשען־קינדער צו געניסען פון דאָס לעבען... מיר דוכט זיך, אַז ער דאַרף האָבען א וואונש, אַז דער שמאָלער פּאַס גלאָז איבער זיין צימער, דורך וועלכען ליכט קומט אריין, זאָל מיט פינסטערניס באַדעקט ווערען... לאַנג, לאַנג זאָל די פינ־סטערניס אָנהאַלטען, און נאָכהער זאָלען די דיקע, שוואַרצע וואָל־קענס פאַרגעהן, און עס זאָל ליכטיג ווערען... מיר דוכט זיך, אַז ער וואָלט אין דעם געזעהן א טרייסט פאַר זיך. ער וואָלט דוכט מיר דאַן געפיהלט, אַז די דיקע, שוואַרצע וואָלקענס פאַרגעהען, און אַז עס ווערט ליכטיג...

פיהלט ער אַזוי? איך וויים ניט. ער זאָגט ניט, ער רעדט ניט; זיינע אויגען דערצעהלען ניט, און זיין מויל איז געשלאָסען...

און א פונק פון רחמנות ערוועקט זיך אין מיין האַרצען צו איהם. איך פאַרגעס ווער ער איז. איך לייג איהם אַרויף מיין האַנט אויפ'ן שולטער און אומבאַוואוסטערהייט רייסען זיך פון מיר אַרויס די ווערטער: „דערצעהל, ברודער"... באַלד אָבער וויל איך מיינע ווערטער צוריקציהען... ער איז דאָך א מערדער; ער

האָט דאָך אַ מענשען לעבען אויסגעלאָשען... זיין פריינדליכער בליק אויף מיר באַרוהיגט מיך אָבער, און שעהנעס דוכט מיר האָט אין זיין הארצען ערוואַכט.... ער קוקט אויף מיר מיט דאַנק־באַרקייט, און אין זיינע בליקען לעז איך: „נאָך דאָ פאַר מיר אַ פריינדליכער וואָרט, אַ צערטליכער אויסדרוק...."

און ער בויגט זיך איין, און ער הויבט אויף פון דער ערד שטיקלאָך מעטאַלען; ער ווייזט מיר זיי, ער דערצעהלט מיר, וואָס ער מאַכט דערפון; ער רעדט עדעלער, שעהנער, און — ער טרויט מיר אָן אַ סוד פון זיין הארצען...

און אַ טרער האָט זיך אין מיינע אויגען געשטעלט.

זיין פאָטער איז געווען אַ שלעכטער, פאַרדאָרבענער מענש, און ער האָט איהם ניט געליבט. זיין מוטער אָבער איז געווען דער פלאַם פון זיין לעבען; אָה, ווי ליב ער האָט איהר געהאַט! ווען ער רעדט פון איהר, ווערען זיינע אויגען מיט טרערען פול... איז זיין מוטער, זיין טרייע, גוטע מוטער, געשטאָרבען ווען ער איז שוין אין פריזאָן געווען. ארבייט ער שווער און ביטער „אָווערטיים"; ער פארגינט זיך קיין פרייע מינוט ניט. וואָס ער פאַרדינט, ספּענדט ער קיין סענט ניט אויף זיך; ער היט זיי ווי די אויגען אין קאָפּ, און פאַר אַ הייליגען צוועק האַלט ער זיי...

ער האָט זיך דערוואוסט אַז זיין מוטער'ס קבר איז נאָך „הוילי"; ער האָט נאָך קיין מצבה ניט.... ארבייט ער עס, קלייבט סענט בּײַ סענט און ווען ער וועט שוין האָבען גענוג געלט אָנגע־קליבען, וועט ער דאַן שטעלען אַ מצבה אויף דעם קבר פון זיין מוטער....

און מיט אַ צובראָכענע הארץ האָב איך זיין צימער פאַרלאָזען, און — זיינע פריינדליכע בליקען האָבען מיך באַגלייט... ווען איך בין שוין געווען פון יענער זייט גראַטעס, האָב איך נאָכאַמאָל אינוויייניג אריינגעבליקט, און אומעטיג איז ער געשטאַנען, און ער האָט אויף דעם בילד פון זיין מוטער געקוקט... מיר דוכט זיך, און ער האָט „מאַמע!" געזאָגט...

און אין אַ מאָמענט האָט מיך די פאַנטאַזיע אויף אַ בית עלמין

פאַרטראָגען, און איך האָב געזעהן ווי אַ קבר האָט אַ ציטער געטאָן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און איך בין זיך ווייטער געגאַנגען; איך האָב אין די קעמערלאַך אַריינגעבליקט, און איך האָב „די העלדען פון דער נאַכט" געזעהן. די יוגענד האָט דאָרטען געזיפצט און די ווענט דוכט מיר האָבען געוויינט... און דאָך, גיט אויך דאָרטען דער אומגליק אַמאָל אַ שמייכעל...

קומענדיג צו די גראַטעס פון איין חדר'ל, האָב איך דערהערט אַ שטימע, שטיל פרעגענדיג:

— ווי געהט'ס, לאַנדסמאַן?

איך האָב זיך אָפּגעשטעלט, און איך האָב דערזעהן פאַר זיך אַ מענשען, שטעהענדיג פון דער אַנדער זייט גראַטעס. זיין פּנים האָט ער געהאַלטען פאַרשטעלט מיט די הענט אַזוי, אַז בלויז האַלבע אויגען, דער מויל און דער נאַז האָבען זיך אַרויסגעזעהן, און — אָן נאַז וואָלט איך דערקענט, אַז ער איז אַ איד, ווען ער וואָלט אפילו קיין אידיש ניט גערעדט...

— ווי איהר זעהט, זיינען מיר דאָ אַלע קרבנות פון דער גערעכטיגקייט, — האָט ער, דוכט זיך מיט אַ שמייכעל, געזאָגט, — מיר זיינען אַלע אומשולדיג, יע, קרבנות...

און מיר שיינט, אַז ער האָט מיט איין האַלבע אויג אַ פּינטעל געגעבען, און ניט ווילענדיג האָב איך געגעבען אַ שמייכעל...

— און פאַרוואָס האָט מען אייך פון תהלים צוגענומען? — האָב איך איהם שמייכלענדיג אַ פרעג געטאָן.

— פאַרוואָס מען האָט מי ד צוגענומען? — האָט ער מיך איבערגעפרעגט, — זאָל איך אַזוי וויסען פון זיי!...

— אָבער דאָך?

— איך וויים! — האָט ער געזאָגט, אַ הויב געבענדיג די פּלייצעס, — עפּעס אַ גנבה'לע, זאָגען זיי...

# בײנקשאַפט.

װען איך בין שױן געװען אין טרײן, װעלכע האָט מיך גע־דאַרפט דעם קומענדען מאָרגען ברענגען אין שיקאגא, בין איך גע־װען זעהר נערװעז, נאָר ענטשולדיגט, איך בין שױן צו װײט אװעק... נערװעז בין איך שױן געװען מיט עטליכע װאכען צוריק, אײדער איך בין אין טרײן געװען. פיר און צװאַנציג יאָהר האָבען זיך מײ־נע געדאַנקען און געפיהלען געריסען אהין, אין שיקאגא; פיער און צװאנציג יאָהר האָבען זיך מײנע האָפענונגען געװעבט, אבער יעדעס מאָל, װען איך האָב געװאָלט פאָהרען זיך זעהן מיט מײנע שװעסטער, האָט מיר מײן אײביגער פרײנד, דער דלות, אלץ גע־געבען א ציה פאַר'ן ארבעל... און א דאַנק די לאַנגע באַקאַנט־שאַפט מײנע מיט איהם, האָב איך זיך שױן אױסגעלערענט װי אזױ איהם צו פארשטעהן אױפ'ן װאונק... בין איך געבליבען אין דער הײם מיט מײנע ניט פאַרװירקליכטע האָפענונגען. אָבער מײנע פאַנטאזיען צו זײן דאַרטען האָבען זיך אלץ מעהר און מעהר געשפּונען, װײל שפּעטער זײנען אַהין אַנגעקומען מײן ברודער און נאָכהער אױך מײן מוטער פון רוסלאַנד, און װאָס א מאמע איז, װײסט איהר דאָך, — א מאמע איז דאָס גרעסטע, דאָס הערליכ־סטע װערק פון דער נאַטור. און איך האָב זי אזױ געװאָלט זעהן! אָבער מײן „אַלטער פרײנד", דער פאַרניכטער פון אזױ פיל האָפענונגען, דער צושטערער פון אזױפיל גליק, האָט אלץ ניט דערלאָזען דערצו; ער האָט אַלע מײנע געװעבען פון האָפע־נונגען און פאַנטאזיען אזױ הארצלאָז, אזױ ברוטאל צוריסען. נײע זײנען אבער געשפּונען געװאָרען, און ענדליך, ענדליך איז פאַר מיר געקומען די גאָלדענע געלעגענהײט, װעלכע האָט מעגליך געמאכט, אז אַלע מײנע האָפענונגען און פאַנטאזיען זאָלען פאַרװירקליכט

ווערען. זייט דאַן בין איך עס געוואָרען נערוועז; זייט דאַן בין אריינגעוואָרפען געוואָרען אין ים פון פרייד, ווען מען קוואַליעס עס האָבען מיך געשליידערט הויך, הויך אין די שעהנסטע און אין די העכסטע הימלען פון גליק...

און יעדער טאָג איז פאר מיר א יאָהר געווען. אַלע ווײַלע פלעג איך רעדען וועגען מײַן רייזע; איך פלעג כמעט אלע טאָג געהן אין פארשידענע טיקעט אפיסעס פרעגען, ווען טריינס געהען אָפּ נאָך שיקאגא. איך האָב שוין געוואוסט אלעס וועגען דעם, אבער איך האָב געפונען א מאָדנעם פארגעניגען אין פרעגען. איך בין געווען גליקליך, און אלע מײַנע פרײַנד האָבען געלאַכט פון מיר וואס איך בין אזוי צוטראָגען, אבער ווען זיי האָבען זיך דערמאָנט, אז זיי האָבען אויך געהאַט אדער האָבען מאַמעס, וועלכע זיי קענען ניט זעהן, האָבען זיי מיר שוין מקנא געווען.

און איך האָב קוים דערלעבט דעם מאָמענט, ווען איך וועל זיך זעצען אויפ'ן טריין, וואס וועט מיך פיהרען אהין, אהין, דארטען וואו עס געפינען זיך בלומען פון מײַן הארצען; וואו איך האָב אזוי פיל יאהרען געהאָפּט און געוואַרט צו זײַן. מיט א פּאָר טעג פריהער האָב איך שוין געקויפט דעם טיקעט, און דאַן האָט זיך אָנגעפאַנגען פאר מיר א נייער קוואַל פון פארגעניגען. אלע ווײַלע האָב איך אויפ'ן טיקעט א קוק געגעבען. דארטען איז געשטאַנען: „פון קליוולאַנד צו שיקאגא". וויפיל פּאָעזיע איז געלעגען פאר מיר אין דיזע אײַנפאַכע ווערטער! מיט וויפיל פרייד עס האָבען אָט דיזע פיר ווערטער אָנגעפילט מײַן הארץ! מיר האָט זיך אויסגע־דוכט, אז דער יעניגער, וועלכער האָט אָט דיזע עטליכע ווערטער אָנגעשריבען, איז געווען דער גרעסטער שרײַבער פון אַלע יאָהר־הונדערטע.

ענדליך איז געקומען דער גליקליכער מאָמענט, ווען איך האָב זיך געזעצט אויפ'ן טריין. נאָר איידער איך האָב עס געטאָן האָב איך אַלץ געפרעגט, אויב די טריין געהט נאָך שיקאגאָ, און דער „יא" האָט געקלונגען פאר מיר אַזוי הערליך און רייך!

עס איז שוין געוואָרען שפּעט, 12 אוהר בײַנאַכט, און מײַנע פרײַנד און איך זײַנען ענדליך געגאַנגען אין אונזערע „בוירטהס"

(טרײַן־בעטלעך), אָבער שלאָפֿען האָב איך ניט געקענט. איך בין געװען זעהר נערװעז. האָב איך זיך געזעצט אין בעטעל און געקוקט אין פֿענסטער. די נאַכט איז געװען אַ ליכטיגע; די לבנה האָט זיך געשפּיגעלט מיט איהר בלאַסען גלאַנץ, אָבער מיר האָט זי געשײַנט שעהנער װי אַלע מאָל. פֿעלדער און װעלדער, בערג און טאָלען זײַנען געפֿלויגען און פֿאַרשװאונדען. איך האָב געמאַכט אַ פֿאַרזוך צו צעהלען די בוימער, אָבער אונמעגליך. האָב איך אָנגעהויבען צו צעהלען די טעלעגראַף־סלופּעס, און איך בין אײַנגעמאַטערט געװאָרען, און אַזוי קוקענדיג אין דרויסען האָבען מײַנע פֿאַנטאַזיען מיך אָנגעהויבען צו טראָגען.

און אָט איז די מאַמע. אָט שטעהט זי נעבען מיר און זאָגט צו מיר:

„מײַן קינד, אפשר װעסטו פֿאַרבלײַבען אין דער היים.... אײן קינד איז שוין אװעק פֿון אונז, און דו געהסט פֿון אונז איצטער אויך אװעק... די אַנדערע װעלען אויך אַװעקגעהן, און בײַ װאָס װעלען מיר פֿאַרבלײַבען? װי עלענדע שטײנער װעלען מיר זײַן..."

און פֿון איהרע אויגען האָבען זיך טרעהרען געגאָסען, און דורך די טרעהרען האָבען איהרע פֿאַרצװײפֿעלטע בליקען אַזוי בעטענדיג געקוקט אויף מיר, און איהר גאַנצער קערפּער האָט געציטערט. װי אַ יונגע בלום איז זי דאַן געװען, אָבער אין יענעם מאָמענט איז זי געװען געבויגען און האָט עפּעס װי אויף די פֿיס ניט געקענט שטעהן.

„אסתר לאה", האָט מײַן פֿאָטער, װעלכער איז געװען אָנגעשפּאַרט אָן אַ שטוהל, געזאָגט צו איהר, „װײַן ניט, גאָט װעט העלפֿען; גאָט נעהמט אװעק קינדער פֿון טאַטע־מאַמע און ער ברענגט זײ װידער צוזאַמען... ער װעט אונז װידער מיט אונזערע קינדער צוזאַמענפֿיהרען... אַזוי איז זײַן װילען, און מען טאָר זיך נעגען גאָט'ס װילען ניט שטעלען... מען דאַרף האָבען בטחון אין איהם..."

און מײַן פֿאָטער, װעלכער איז געװען אַ ריז, װעלכער האָט געקענט יונגע בוימלאַך מיט די װאָרצלען אויסרײַסען מיט די בלױ־

זע הענד, וועלכער האָט געקענט מיט זיין כח וואונדער באַווייזען, איז אַזוי ריידענדיג און טרייסטענדיג מיין מוטער, אין שטוהל אריינגעפאלען מאכטלאָז, זאָגענדיג עפּעס ווי צו זיך אליין:

„גאָט איז אַ גוטער... ער וועט אונז צוזאַמענפיהרען מיט אונזערע קינדער... ער איז אַ בעל רחמים..."

פּלוצלונג האָב איך זיך ווי פון שלאָף אויפגעכאַפּט. די טריין האָט זיך אַ טרייסעל געטאָן, און איך האָב זיך דערמאָנט, אַז זייט דאַן זיינען שוין דרייסיג יאָהר פארשוואונדען. מיין פאָטער, דער ריז, איז געפאלען אין קאַמף מיט'ן טויט, און גאָט איז ניט גוט געווען צו איהם. ער האָט ניט דערלעבט זיינע קינדער ווידער צו זעהן, און מיט די ווערטער: „מיינע דערוויי טערטע קינדער, איך שטארב" האָט ער זיינע אויגען אויף אייביג געשלאָסען.

איך האָב ווידער אָנגעהויבען ארויסצוקוקען דורכ'ן פענסטער, און די פעלדער און וועלדער און בערג און טאָלען זיינען אָנגעקומען און זיינען פארשוואונדען. דער לאָקאָמאָטיוו האָט זיך געטראָגען און האָט מיט זיין אָפטען פייפען אָנגעזאָגט, אַז ער קומט...

און די שטומע נאכט איז אַזוי טרויעריג געווען.

* * *

עס האָט אָנגעהויבען צו שפּראָצען אויף טאָג. איך בין געזעסען אין סמוקינג־קאַר און איך האָב ארויסגעקוקט דורכ'ן פענסטער.

עס איז שעהן צו זעהן ווי אַזוי אַ פריהלינגס־טאָג ווערט געבאָרען!

בלוי איז דער הימעל געווען. אין מזרח־זייט האָבען זיך אָנגעהויבען צו ווייזען רויטע פעדים און זיי האָבען זיך געשפּונען אין דער בלויקייט. די דונקעלע שאָטענס פון דער נאַכט, וועלכע זיינען נאָך איבערגעבליבען, האָבען זיך אלץ ווייטער און ווייטער אוועקגערוקט אָט ווי פארשעהמטע מחנות, וועלכע זיינען באַזיגט געוואָרען; די גרינע פעלדער זיינען, אַ דאַנק דעם לייכטען טוי, פאַרשטויבט געוואָרען מיט ברילִיאַנטען. די וועלדער זיינען גע־

שטאנען שטיל, און זיי זיינען נאך געווען אביסעל איינגעהילט אין שאטענס, און זיי האבען זיך מסתמא צוגעהערט צו דעם פרעהלי־כען און אנגענעהמען גערויש פון די וואסערען, וועלכע זיינען זיי פארבייגעפלאסען. דערנאך האבען זיי פון זיך די שאטענס ארונ־טערגענומען, און זיי זיינען געבליבען שטעהן אין זייער גרינעם פראכט, זיך צוקוקענדיג ווי אזוי די זון האט מיט איהרע שטראה־לען אויפגעקליבען דעם בריליאנטען־שטויב, וועלכער האט די גרינע פעלדער באדעקט.

און זי, די זון, האט זיך אליין העכער און העכער געהויבען. פריהער איז זי געווען רויט, ווי פלאם. דערנאך האט זי זיך אנ־געהויבען מיט דעם בריליאנטען־שטויב אויסצופוצען, און זי האט אנגעהויבען צו שיינען און צו גלאנצען.

שעהן איז דער געבורט פון א פריהלינגס־טאג, און ער האט אין מיר ארויסגערופען לעבען און באגייסטערונג. יענעם פריה־מארגען האב איך יעדענפאלס געפיהלט זיך גליקליך, און יעדע זאך האט אין מיר ארויסגערופען נייע געדאנקען און שטראמען גע־פיהלען.

און קוקענדיג אויף די ביימער און אויף די גראזען און אויף די בלומען, האב איך זיך געטראכט: ווי שעהן, ווי גרויס עס איז א מוטער־הארץ..

א מענשען־הארץ קען אפטמאל שטארבען.

א מוטער־הארץ שטארבט קיינמאל ניט!

ווינטער איז געווען און דער פראסט האט געברענט, און די ווינטען האבען געשניטען, און די שנעען האבען אלעם און אלעמען באדעקט. אומעטיג איז געווען; די ביימער זיינען געווען הויל און נאקעט, די וועלדער זיינען געווען פוסט און די פעלדער זיינען גע־ווען פארפרארען און אזוי פארטרויערט! איצט אבער — די מור־טער־ערד האט איהרע קינדער געהאלטען צוגעטוליעט צו זיך. אין איהר בוזעם האט זי זיי געהאלטען. און זי האט געזאגט צו זיי: „קינדערלאך מיינע, איצט איז נאך ווינטער, און דער פראסט ברענט, און דער ווינט שניידט אזוי אונ׳רחמנות׳דיג; אין דרויסען איז

אומעטיג... ליגט איצט איבער מיין ברוסט און אייך וועט גוט זיין! באלד וועט דער שעהנער פריהלינג קומען.

און דער פריהלינג איז געקומען, און די בוימער און די גראַזען און די בלומען און אלע אנדערע קינדער פון דער מוטער־ערד האָבען אויפגעלעבט, ווייל א מאמע האלט איהר פארשפרעכען; א מאמע פארגעסט ניט איהרע קינדער... שעהן האָט זי אויסגעפוצט די קינדער איהרע, וועלכע געפינען זיך אין פעלד און אין וואלד און אויף בארג און טאָל... די אַלטע, קוים לעבעדיגע בוימער, זייגען פון איהר ניט פארגעסען געווארען; זיי האָבען אויפגעלעבט, און זיי זיינען שטאָלצער געווארען און זיי קוקען אין דער הויך ארויף, און אלע בוימער אין וואלד און אלע גראזען און בלומען אין פעלד קוקען אוים ווי שוועסטער און ברידער, און זיי טוליען זיך איינע צו די אנדערע, און די מוטער־ערד זארגט פאר אלעמען. זי היט זיי אפּ אין פעלד, און אין וואלד, און איבעראל, וואו זיי געפינען זיך; און ווען עלענדע גרעזעלאך און בלומעלאך מיט ווענינער מזל ווערען פארווארפען אין איינזאמקייט, צווישען שטיינער און פעלזען אפילו, זארגט די מוטער־ערד אויך פאר זיי מיט ליבע און צערטליכקייט, ווייל א מוטער קען אנדערש ניט זיין; אלע קינדערלאך איהרע האָט זי ליב, און פאר אלע איהרע קינדער קלאפט איהר הארץ מיט ליבע און באגייסטערונג...

איך בין געזעסען פארטיפט אין געדאנקען וועגען דאס גרויסע און רייכע הארץ פון א מאמען. פלוצלונג האָט דער לאָקאָמאָטיוו דערלאנגט א שטארקען פייף, און איך האָב ערוואכט פון מיינע געדאנקען. איך האָב א קוק געטאָן אויפ׳ן זייגער, און — באלד, באלד בין איך שוין דאָרטען, אין דער שטאָדט, וואוהין מיין הארץ האָט זיך אזוי געריסען און וואו מיין גוטע מאמע און גוטע שוועסטער, ברודער און אנדערע ליבע און טייערע געפינען זיך... ניט מעהר ווי א שטונדע נאָך צו פאהרען, און מיין נשמה האָט געשטורעמט... אָט וועל איך באלד דער מאמען זעהן... וואס טוט יעצט די מאמע? וואס טוען איצט אלע מיינע דארטען? קלאַפּען זייערע הערצער אויך, ווי מיינע? איך וויים ניט, מסתמא יא; באלד וועלען זיך אָט די שטראמען פון פרייד באגעגענען,

נאָר וואָרט, ווי אַזוי קוקען זיי איצט אויס? מיט אַכט יאָהר צו־ריק האָב איך מיין מוטער געזעהן, און זי האָט דאַן אויסגעקוקט אַזוי מיד, אַזוי צובראָכען און אַזוי שוואַך... אַכט יאָהר זיינען זייט דאַן פאַרשוואונדען. יעדער טאָג לאָזט א שפּור נאָך זיך; יעדער טאָג רייסט אָפּ א שטיקעלע לעבען, און — אַכט יאָהר! אָט דער געדאַנק האָט מיך געשראָקען; טרויעריגע געדאַנקען האָבען זיך אין מיין קאָפּ געוועבט...

און מיינע שוועסטער און מיין ברודער און די שוואָגערס און די קינדער... איין שוועסטער האָב איך ניט געזעהן אַכצעהן יאָהר; די צווייטע גאַנצע פיער און צוואַנציג יאָהר. די לעצטע האָב איך איבערגעלאָזען, ווען זי איז נאָך גאָר א קינד געוועזען, און זי איז געוועזען אַזוי שעהן... איצט אָבער... פיער און צוואַנציג יאָהר.. ווי־פיל שטורעמס עס זיינען זייט דאַן שוין פאַרביי, און יעדער שטורם פון דער צייט רייסט עפּעס אָפּ, צושטערט עפּעס, פאַרניכטעט עפּעס... וועל איך זיי דערקענען? ווי אַזוי קוקען איצט אַלע אויס?..

מיינע שרעקען זיינען אָבער באַלד אַריבער, און פרייד און געפיהלען פון גליק האָבען מיך ווידער באַהערשט. דער לאָקאָמאָ־טיוו פייפט אַלץ אָפטער, און דאָס איז א סימן, אַז מיר זיינען שוין ניט ווייט פון שטאָדט. איך האָב שוין אָנגעהויבען פאַרטיג צו מאַכען מיין טעטשעל און מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דער טעטשעל פיהלט זיך אויך גוט; מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ער איז עפּעס א לעבעדיגע זאַך מיט א האַרץ און מיט א נשמה... ער פאָהרט אויך אין שיקאַגאָ... ניט געטרוימט אַפילו דערפון, ניט געהאָפט, און ער האָט גאָרניט געהאַט קיין שמערצען פון פאַר־לאָרענע האָפנונגען, פון צובראָכענע פאַנטאַזיען.. פּלוצלונג איז ערשינען פאַר מיר א שוואַרצער מיט א בערשטעל אין האַנד. איך דיזען מאָמענט האָב איך איהם ליב געקראָגען, ווייל, ווען א שוואַר־צער קומט מיט א בערשטעל אין האַנד, איז דאָס א סימן, אַז די טריין איז שוין גאַנץ נאָהנט צום שטאָדט, און ער קומט דאָס אָפּ־פוצען די קליידער און די שיך — ער וויל פאַרדינען עטליכע סענט. ער איז געוועזען פריינדליך, האָט גערעדט ליב און זיס, און ער האָט

מיר געזאָגט, אז באַלד, באַלד וועלען מיר שוין זיין אין שטאָדט, אין לאַסייל דעפּאָט. איך האָב ארייגעשטעקט די האנד אין קעשענע און איהם אָוועקגעגעבען די גאַנצע קליינגעלד וואס איך האָב דאָרטען געהאט... דער שווארצער האָט מיך אָנגעקוקט פאַרוואונדערט. איך האָב איהם אבער ליב געהאט אין דיזען מאָמענט און ארויפלעגענדיג מיין האנד אויף זיין שולטער, האָב איך אנהם דערצעהלט, וואוהין איך פאהר, און וועמען איך וועל דאַרפען טרעפען. צוליב וואס האָב איך עס איהם דערצעהלט? איך וויים ניט; אזוי האָב איך געפיהלט צו זאגען! איך האָב זיך ניט געוואלט קיין חשבון אפּגעבען וועגען מיינע רייד אדער וועגען מיינע טאַטען אין דיזען מאָמענט. דער שווארצער האָט א שמייכעל געטאָן און ער האָט געזאָגט, אז דאס איז גוט און אז דאס איז פיין...

ס'האָבען זיך אָנגעהויבען צו באווייזען הייזער און קוימענס פון פעקטאָרים און פּרעכטיגע בילדינגס. דאס איז שוין שיקאגא! אַלעס איז מיר געווען ליב. איך האָב געפיהלט עפּעס אזוי מאָדנע — איך בין ווי א קינד געוואָרען, און ווי א קינד האָב איך געפיהלט... וואס ווייטער מיר זיינען געקומען, האָט די טריין אַלץ לאנגזאמער אָנגעהויבען צו געהן, אָבער דערפאַר האָט מיין הארץ אָנגעהויבען אַלץ שטארקער צו קלאַפּען. איך בין ווי א קינד געוואָרען, און האָב געקוקט דורך די פענסטער, באטראַכט די מענשען, וועלכע קליבען זיך שוין די טריין צו פארלאזען, אבער דער גליקליכסטער בין איך געווען! קיינעם איז אזוי גוט, ווי מיר, ניט געווען...

„נעקסט סטאָפּ לאַסייל דעפּאָט!” — האָט פּלוצלונג דער קאָנדוקטאָר אויסגעשריען, ווען ער איז אריינגעקומען אין דער קאר, וואו איך האָב זיך געפונען.

ווי הערליך דיזע ווערטער האָבען פאר מיר געקלונגען! זיי האָבען מיך ארומגעכאפּט מיט פלאַמען פון גליק. איך בין פון גליק נערוועז געוואָרען; מיין גאנצער קערפּער האָט אָנגעהויבען צו ציטערען פון פרייד. ווען די טריין האָט זיך אריינגעצויגען אין לאַסייל דעפּאָט, האָט דער דאַך פון דעם סטיישאָן פאר מיר אויסגעקוקט ווי א שעהנער הימעל... ענדליך האָט די טריין גע־

סטאַפּט, און מיר האָבן אַלע אָנגעהויבן צו פֿאַרלאָזן די קאַרס, איך בין געגאַנגען, ניין, איך בין פֿון א געהיימע קראַפֿט געטראָגן געוואָרן... אָט בין איך שוין אַרונטער, און אָט בין איך שוין אויף מײַן וועג אַהין, אַהין...

ברויזענד זײַנען די גאַסן געווען. טויזענטער מענשן האָבן זיך געטראָגן אין אַלע ריכטונגען, און דער הימעל איז געווען קלאָר, און די זון האָט געשטראַהלט אַזוי ליב און צערטליך. אַלע מענשן זײַנען אַזוי גוט געווען און אַלעמענס פּנים'ער האָבן אויסגעדריקט ליבע, צערטליכקייט און גאַסט־פֿרײַנדליכקייט... מײַנע ערינערונגען האָבן זיך אָנגעהויבן צו וועבן אין קאָפּ אַזוי ווי נעצען, און איך האָב דערקענט די גאַסן, וועלכע איך האָב אַזוי פֿיל יאָהרען ניט געזעהן, אבער, ווי אַלעס האָט זיך געענדערט! דיזעלבע גאַסן, און דאָך ניט דיזעלבע; אַלעס האָט זיך געביטען אַזוי מאָדנע...

אָט בין איך שוין אויף'ן עלעווייטעד און איך פֿאָהר... איך פֿאָהר אַהין, וואו מײַנע רייכע טרוימען, וואו אַזוי פֿיל רייכע פֿאַנטאַזיעס עס וועלען פֿאַרווירקליכט ווערען. אַלע ווײַלע סטאַפּט דער עלעווייטעד און דאָס מאַכט מיך נערוועז; איך בין עפּעס ווי אין כעס געוואָרען אויף די יעניגע, וועלכע האָבען געדאַרפֿט אַרונטער און אַרויף געהן אויף איהם. מײַן כעס האָט אָבער לאַנג ניט אָנגעהאַלטען, ווײַל איך בין שוין געווען נאָהענט צום סטיישאָן, וואו איך האָב געדאַרפֿט אַרונטערגעהן, און — אָט איז דער סטיישאַן... איך געה, דאָס האַרץ קלאַפּט, די נשמה ברענט פֿון פֿרייד, און געהענדיג האָבען פֿאַר מײַנע גייסטיגע אויגען אָנגעהויבען פֿאַרבייצושוועבען די פֿאַרשוואונדענע פֿיער און צוואַנציג יאָהר. פֿיער און צוואַנציג יאָהר! וויפֿיל שטורעמס, וויפֿיל בענקעניש, וויפֿיל וועהען און שמערצען עס האָבען דורכגעשטראָמט דורך אונזערע לעבענס! אבער איך האָב לאַנג טראַכטען ניט געקענט; קיין צייט ניט געווען...

איך האָב געוואוסט די אַדרעסע פֿון מײַן שוועסטער. וואו מײַן מוטער איז, אָבער, האָב איך זיך אײַנגעקוקט אין ביכעלע צו זעהן אויף ריכטיג, און איך לעז: „דיוועסי און וואַיפּעל"... עס

איז געשמאַק צו קוקען אויף די דריי ווערטער, און — אָט בין איך שוין אַזוי נאָהענט... אָט איז דאָס הויז... איך שטעל זיך אָפּ, איך באַטראַכט איהר מיט טויזענד בליקען. דאָס איז דער טעמפּעל, וואו עס געפינען זיך אַלע מיינע ליבע... דאָ וועלען באַלד אַלע אונזערע האָפנונגען ווערען אַ ווירקליכקייט; דאָ וועלען באַלד גרויסע און הייליגע שטראָמען זיך צוזאַמענגיסען — שטראָמען פון אמת'ער פרייד... ווי שנעל דאָס הארץ קלאַפּט, און ווי שטורמיש די געפיהלען זיינען געוועןן... אָט דאָס איז דאָס הויז...

* * *

שטעלט זיך פאָר: איהר זייט זעהר דורשטיג. אייער יעדער גליד ברענט אייך פון דורשט און איהר זייט נאָהענט צו אַ קוואַל, וועלכער שטראָמט פון זיך אַרויס פרישע און ערקוויקענדע וואַסער. איהר בויגט זיך איין און איהר ווילט דערגרייכען דעם קוואַל און לעשען אייער דורשט, אָבער איהר קענט ניט. אַ פעסטע האַנד האַלט אייך צוריק. איהר שטרענגט אָן אַלע אייערע קרעפטען צו דערגרייכען אייער ציל, אָבער אומזיסט.

אַזוי האָב איך געפיהלט, ווען איך בין צוגעקומען צו דער הויז וואו מיין מוטער, שוועסטער און די איבעריגע פון מיין פאַמיליע געפינען זיך. אָט שטעה איך שוין ביים טיר און אָט איז די הענטעל פון דער טיר, איך דאַרף בלויז אָן עפען טאָן און פאַר מיר וועלען ערשיינען אַלע מיינע טרוימען, אַלע מיינע האָפנונגען פון אַזוי פיל יאָהרען, פאַרווירקליכטע! אָבער עפּעס האַלט צוריק; איך בין געשטאַנען ווי אַ צוטומעלטער, באַוועגונגסלאָז; פאַר עפּעס האָט מיר דאָס הארץ געשראַקען, וואָס איז דער „עפּעס"? איך ווייס ניט... מיט גוואַלד האָב איך די טיר געעפענט און אָט בין איך שוין אין קאָרידאָר לעבען די טרעפּ, וועלכע פיהרען צום צווייטען פלאָר, וואו אַלע מיינע געפינען זיך... איך בליק אַרויף אין דער הויך און איך זעה: אויבען, ביי די ענדע פון די טרעפּ, שטעהט מיין מוטער מיט אַ שטראַהלענדען פּנים; לעבען איהר שטעהט מיין אינגערע שוועסטער, וועלכע איך האָב ניט דערקענט, אָבער איהר גליקליכער פּנים, איהרע שטראַהלענדע בליקען זיינען געוועןן אַזוי שוועסטערליך... דאָס איז זי... איך לויף אַרויף די

טרעפּ, און ווען איך בין אביסעל צו זיך געקומען, האָב איך זיך געפונען אין זייערע אָרעמס.

„מיין זוהן!" „מיין ברודער!" — האָבען זיך פאַרוויינטע שטימען דערהערט — „מיין קינד!"

איך האָב אויך געוואָלט עפּעס זאָגען, אבער איך האָב ניט געקענט; איך האָב עפּעס ווי פאַרלאָרען דעם לשון; מיינע ווערטער זיינען ביי מיר אין האַלז געבליבען ניט אַרויסגערעדטע... איך בין אריין אין פראָנט צימער, און איך בין אריינגעפאַלען אין א שטוהל; מיינע אויגען זיינען מיט טרעהרען אנגעפילט געוואָרען אזוי, אז איך האָב עטליכע מינוטען קיינעם און קיין זאך ניט געקענט זעהן.

און לעבען מיר איז מיין מוטער געזעסען און געקוקט אויף מיר. איהרע אויגען זיינען געווען פול מיט טרעהרען און איהרע בליקען — קיינמאָל וועל איך זיי ניט פאַרגעסען: ווי שטראַהלען האָבען זיי געלויכטען און זיי האָבען מיין נשמה אזוי געוואַרעמט!

און נעבען איהר איז געזעסען מיין אינגערע שוועסטער, און שטיל איז זי געזעסען און מיט מאָדנע בליקען געקוקט אויף מיר, און איהרע בליקען זיינען פון טרעהרען פאַרנעצט געוואָרען... ווי שטיל עס איז געווען! נאָר די הערצער האָבען געקלאַפּט. און וויפיל שעהנע לידער האָט דיזע שטילקייט אויסגעזונגען! וויפיל נשמה'דיגע מעלאָדיען האָבען עס די הערצער פון זיך אַרויסגעגעבען!

„מיין קינד", — האָט די מאַמע ענדליך אַרויסגעזאָגט, — „מיין זוהן"...

און זי האָט זיך צוגעבויגען צו מיר און זי האָט מיך אַרומגענומען און זי האָט מיך צום האַרצען אזוי פעסט געדריקט; אַ הייסען, א גליהענדען קוש אויף מיין שטערען אָפּגעזיגעלט...

„מאַמע" — האָט איך ענדליך געזאָגט, און ווען איך האָב „מאַמע" אַרויסגעזאָגט, האָב איך שוין געפיהלט פרייער, ווייל דאָס וואָרט „מאַמע" באַגייסטערט, רופט אַרויס די הייליגסטע געפיהלען, עפענט אויף פאַרשלאָסענע הערצער, צושמעלצט פאַרפראָרענע נשמות...

און די מינוטען זיינען געפלויגען. מאָדנע מינוטען זיינען דאָס געווען...

און איין שטראָם פון פרייד נאָכ'ן צווייטען זיינען געקומען. אָט ערשיינט מיין עלטערע שוועסטער, וועלכע איך האָב אכצעהן יאָהר ניט געזעהן; אָט ערשיינט פאר מיר מיין ברודער, מיינע שוואגערס און די קינדערלאך זייערע, צווישען וועלכע איך האָב מאנכע ניט געקענט. עס שטורמען הערצער. די שטראָמען פון פרייד ווארפען אונז ארום ווי א פילקע פון איין הימעל אין דעם צווייטען... ווי קינדער זיינען מיר געווארען, און די מאמע — איהר פנים האָט געשטראהלט; אין דיזען מאָמענט איז זי יונג געווארען, און פון איין קינד צום צווייטען איז זי געלאָפען — געלאפען, ניט געגאנגען — און צו אלעמען האָט זי גערעדט, אלעמען האָט זי גע־האט עפּעס צו דערצעהלען... איהרע אויגען זיינען געווארען ווי פאָנטאַנען וועלכע האָבען געשפּריצט מיט טראָפּענס פון פרייד... אויף די העלזער פון די קינדער פאלט זי און קושט אלעמען, און די אייניקלעך דריקט זי צום ברוסט, און זי רעדט צו זיי — אין אידיש רעדט זי צו זיי, — און זיי פארשטעהען איהר, טראָץ דעם וואס ניט אלע קענען פארשטעהן אידיש אזוי גוט, אבער אביסעל אידיש האָבען זיי זיך אויסגעלערענט, אום צו קענען מיט דער באָ־בען ריידען, און דאָס איבעריגע וואס זיי קענען ניט פארשטעהן, פארשטעהען זיי יעדענפאלס... זיי זאגען איהר ליבע ווערטער און שאָקלען מיט די קעפּלאך, און זיי קושען איהר, און זיי קוקען איהר אין די אויגען מיט אזוי פיל ליבע, מיט אזוי פיל צערטליכקייט... זי איז ביזי, די מאמע; אין איהר הארצען איז א גרויסער יום טוב; איהר נשמה יובעלט...

פינף און דרייסיג יאָהר זיינען פארשוואונדען זייט איהר ערש־טער קינד איז אוועק פון איהר, און דערנאָך זיינען איהרע אנדערע קינדער אוועק פון דער היים; און דאס איז דאָס ערשטע מאָל אין פינף און דרייסיג יאָהר וואָס זי איז מיט אלע איהרע קינדער צו־זאמען... זי איז נאָך קיין פינף און דרייסיג יאָהר ניט אלט געווען, ווען איהר הארץ איז פארוואונדעט געוואָרען דאן, ווען איהר ערש־טע קינד איז אוועק פון איהר, און דאן האָט זי נאָך דריי וואונדען

געקראַנגען... און זיי האָבען איהר אַזוי ווערה געטאָן... ווען זי איז געקומען אַהער, זיינען ניט אַלע קינדער געווען צוזאַמען, און זי האָט געוואַרט אויף דער צייט ווען אַלע וועלען זיך צוזאַמענקומען; זי האָט געטרוימט פון דיזען מאָמענט, זי האָט געוואַרט אויף איהם, און איצטער — איצטער איז זי מיט אַלע קינדער צוזאַמען... איהר פּנים לייכט ווי א זון, און ער שטראַהלט, און ער מאַכט ליכטיג אַלעמען אין די הערצער... פון איינעם צום צווייטען געהט זי, און אַלע ווײלע זאָגט זי ווי צו זיך אַליין: „מיינע קינדערלאַך"...

איך בין געזעסען און האָב באַטראַכט די מאַמען, און מיר האָט זיך אויסגעדוכט אַז אַלעס איז ניט מעהר ווי א שעהנער, ווי א ריי־כער חלום... די מאַמע קוקט אוים מיט א סך יאָהרען איינגער ווי איך האָב איהר געזעהן מיט אַכט יאָהר צוריק און זי איז אַזוי פרעה־לאַך, אַזעלכע יונגע באַוועגונגען מאַכט זי... איידער איך האָב איהר געזעהן, האָט די פאַנטאַזיע געמאָהלען פאַר מיר אַזעלכע ניט־פרעה־ליכע בילדער; איך האָב זיך געשראָקען פאַר דער באַגעגעניש... איצטער אָבער — איצטער איז דאָס א שעהנער חלום?... עפּעס האָט מיך געשראָקען דאָס האַרץ פאַר אַן ערוואַכונג... אָבער ניין, א ווירקליכקייט איז דאָס געווען, א הערליכע ווירקליכקייט, ווייל אַלע ווײלע פלעגט די מאַמע צוגעהן צו מיר, מיך ביים קאָפּ גלעטען און צו מיר ריידען אַזוי זיס און אַזוי ליב...

און אָפּטמאָל האָב איך געפיהלט ווי פאַרשעהמט... איך, וועמעם האָר זיינען שוין דורכגעוועבט מיט ווייסע פעדים, און וועלכער האָט שוין אַן 18 יעהריגעם קינד, זאָל ווערען געצערטעלט אַזוי... מיך זאָל מען „מיין קינד" רופען! אָבער א מאַמע ווייס ניט פון צייט און פון יאָהרען ווען עס האַנדעלט זיך פון ליבע צו א קינד... ביי א מאַמען מאַכען די יאָהרען קיין אונטערשיד ניט; א מאַמע'ס האַרץ איז אימער יונג; א מאַמע'ס האַרץ איז אימער פריש, און איהר ליבע איז אימער רייך, ווי דער פריהלינג, ווי דער מאַי...

* * *

דאָס איז געווען א דאַרנערשטאַג אָבענד. א יום טוב'ל איז געמאַכט געוואָרען; א פאַמיליען יום טוב. אַלע אונזערע זיי־נען זיך צוזאַמענגעקומען, און עס איז געווען אַזוי פרעהליך אין

הויז, אזוי פרעהליך אין די הערצער. די איינציקלעך האָבען גע־שפּילט אויף פאַרשידענע אינסטרומענטען און די מאמע איז גע־זעסען צווישען אַלעמען, און — ווער קען שילדערען וואס ביי איהר אין הארצען איז דאַן פאָרגעקומען! אויף אַלעמען האָט זי מיט אזוי פיל ליבע געקוקט! צו אַלעמען האָט זי אזוי הארציג גערעדט!
פּלוצלונג, ווען די טענער פון מוזיק האָבען זיך געטראָגען פון דער פּיאַנאָ און פון דער ווייאָלין, איז זי, די מאַמע, געבליבען זיצען פאַרטראַכט, און עס האָט אויסגעקוקט, אַז זי האָט קיינעם ניט גע־זעהן פאַר זיך; עפּעס האָט איהר פאַנטאַזי איהר ערגעץ פאַר־טראַגען אין אַנדערע וועלטען. אַלע האָבען עס באַמערקט, אָבער קיינער האָט איהר ניט געשטערט פון איהרע געדאַנקען.
פון וואס האָט די מאמע געטראַכט? וועלכע פאַנטאַזיען האָבען זיך געוועבט ביי איהר אין קאָפּ?
די פּיאַנאָ איז שטיל געבליבען און די ווייאָלין האָט אויפגע־הערט אַרויסצולאָזען די זיסע טענער. די מאַמע איז אָבער אַלץ פאַרטראַכט געווען און זי האָט קיינעם ניט געזעהן, און קיין זאַך ניט געהערט... בין איך צוגעגאַנגען צו איהר, און מיט צערטליכ־קייט אַרויפגעלייענדיג מיין האַנד אויף איהר שולטער, האָב איך געזאָגט צו איהר „מאַמע“... ווי פון שלאָף האָט זי זיך אויפגע־כאַפּט, און זי האָט זיך אַרומגעקוקט ווי אַ צוטומעלטע...
— וואס האָסטו געטראַכט, מאַמע? — האָב איך איהר גע־פרעגט — מיט וואס זיינען דיינע געדאַנקען אזוי פאַרנומען גע־ווען?
— אוי, מיין קינד — האָט זי געזאָגט, מיך אַרומנעמענדיג — מיין קינד, איך האָב איצטער געטראַכט...
און פון איהרע אויגען האָבען זיך אָנגעהויבען צו גיסען טרעה־רען, און זי האָט זיך עפּעס ווי ווידער פאַרטיפט...
— מיין קינד, — האָט זי אָנגעהויבען, — איך האָב געטראַכט פון דעם, וואס דער טאַטע האָט דעם נחת ניט דערלעבט... אָט בין איך מיט אַלע קינדער צוזאַמען, און מיר איז אזוי גוט.... ער אָבער.... ער האָט ניט דערלעבט... איך בין איצטער אַרומגערינגעלט פון אַלע אונזערע קינדער, פון איינציקלאַך, און ער — ער האָט אפילו

איין קינד ניט זוכה געווען צו זעהן נאָך אמאָל.. כאָטש איין קינד וואָלט ער געזעהן, וואָלט איהם ניט געווען אזוי שווער צו שטאַרבען... פאַר'ן טויט האָט ער געזאָגט צו מיר: דו וועסט נאָך אונזערע קינדער זעהר אמאָל, דו וועסט זיך נאָך פרעהען מיט זיי... אבער איך שטאַרב אזוי עלענד... אזוי, מיין קינד, האָט דער טאַטע געזאָגט צו מיר איידער ער איז געשטאַרבען.

און זי האָט זיך ווידער פאַרטראַכט, און א כוואַליע פון אומעט, פון טרויער האָט איין הויז דורכגעוועהט...

„דו ווייסט — האָט זי ווייטער אָנגעהויבען אין א פאַרטראַכטער פּאָזע צו דערצעהלען — דו ווייסט, מיין זוהן, אז אַלע שבת און אַלע יום טוב פלעגט דער טאַטע אויסשטעלען אויפ'ן טיש אייערע אַלעמענס בילדער איידער מיר פלעגען געהן עסען... אייערע קינדערלעך פלעגט ער אויסשטעלען לעבען זייערע טאַטע־מאַמע... דער טאַטע האָט אייערע בילדער געהאַלטען איינגעוויקעלט אין קאַמאד... דאס איז דאָך אַלץ וואס אונז איז געבליבען פון אונזערע קינדער... ער פלעגט קוקען אויף זיי און זאָגען: „גוט שבת, מיינע קינדער! גוט יום טוב אייך... צו יעדען קינד און צו יעדען אייניקעל פלעגט ער אזוי זאָגען... ניט איינמאָל, מיין קינד, פלעגען מיר זיך צואוויינען ביים עסען אז מיר האָבען זיך דערמאָנט אז מיר זיינען אזוי ווייט פון אייך...

„דער טאַטע פלעגט זאָגען צו מיר: „גאָט ווייסט אויב איך וועל נאָך דערלעבען דעם נחת צו זיין מיט די קינדער צוזאמען... גאָט ווייסט... מיר האָבען אבער קיינמאָל ניט פאַרלאָרען די האָפענונג... מיר האָבען זיך איינע די אַנדערע געטרייסט אז גאָט איז א גוטער און אז ער וועט אונז נאָך צוזאמענפיהרען..."

דאן האָט זיך די מאַמע אויפגעהויבען, אָנהאַלטענדיג אן מיר און זי האָט אויסגעווישט איהר פאַרוויינטע אויגען, זאָגענדיג אין דער שטיל אזוי ווי צו זיך אליין: „מען טאָר די שמחה ניט צושטערען... אזוי האָט גאָט געוואָלט... גאָט איז גערעכט און זיין משפּט איז גערעכט."

* * *

עס איז געקומען דער מאָמענט פון שיידען זיך, און — ווידער

טרעהרען! דיזע מינוט איז געווען די ענדע פון דער פארווירק־ליכטער פאנטאזיע און דער אָנפאנג פון א נייער בענקעניש... ווי שווער יענע מינוט איז געווען...

„מיין קינד" — האָט מיין מוטער געזאָגט צו מיר, ווען מיר האָבען זיך געזעגענט — „מיין קינד, װעלען מיר זיך נאָך אמאָל זעהר?..."

און טרעהרען האָבען זיך געגאָסען פון איהרע אויגען.

— יע, מאמע, — האָב איך געזאָגט צו איהר, — מיר וועלען זיך נאָך זעהן... מיר וועלען זיך נאָך זעהן...

און מיר דוכט זיך, אז אלע גוטע מענשען, אלע נשמה'דיגע מענשען און די הימלען האָבען דאַן „אמן" געזאָגט...

# דאָס לעבען.

אין הויז האָט זיך וועלטען געקעהרט! די עלטערען פון דער פערשוואונדענער מיידעל האָבען געוויינט, זיך די האָר פון קאָפּ געריסען; געבעטען זייערע קרובים און אזוי באקאנטע, אז זיי זאָל העלפען זייער טאָכטער אויפזוכען. געזאָגט האָט מען, אז זי איז געפאנגען געוואָרען פון ווייסע שקלאפען הענדלער, און איהרע עלטערען האָבען עס אויך געגלויבט, ווייל דער יונגער מאן מיט וועמען זי פלעגט אָפטמאָל ארויסגעהן, און וועלכער פלעגט איהר גאנץ אָפט ערוואַרטען ביים שאָפּ נאָך דער ארבייט, איז געווען א פאַרדעכטיגטע פערזאָן; מענשען האָבען געמורמעלט, אז מען האָט איהם געזעהען אין טענדערלאָין דיסטריקט זיך ארומדרעהענדיג מיט געפאלענע פרויען, און מאנכע האָבען זאָגאר פארזיכערט, אז ער האָט שוין עטליכע מיידלאך פארפיהרט, א. ז. וו.

דאָס איז געווען אין אָבענד. די שעהנע, אכצעהן יאָהריגע טאָכטער זייערע האָט זיך אָנגעטאָן אין איהרע בעסטע קליידער, און איהר שעהנסטע הוט, געזאָגט האָט זי אלעמען, אז זי געהט אין א מואווינג פיקטשור טעאטער. די הויזיגע האָבען איהר אָבער ניט געגלויבט; זיי האָבען עפּעס פארדעכטיגט; זיי האָבען זיך פאָרגעשטעלט, אז איהר יעצטיגער אוועקגעהן איז ארומגערינגעלט מיט א געהיימניס. אויף איהר פּנים האָט מען געקאָנט באמערקען, אז מאָדנע געדאנקען פלאָנטערען זיך ביי איהר אין קאָפּ, און אז טרויעריגע געפיהלען שטורמען ביי איהר אין הארצען.

איהרע עלטערען האָבען זיך געבעטען ביי איהר, אז זי זאָל ניט געהן. ווען זי האָט מיט א פעסטען טאָן אָבער ערקלעהרט, אז זי וועט יאָ געהן, האָבען איהרע עלטערען זיך געבעטען ביי איהר,

אז איהר שוועסטער, וועלכע איז געווען עלטער פון איהר, זאָל איהר באגלייטען; האָט זי זיך אנטזאגט מיט איהר שוועסטער צו גיהן, און — אליין איז זי אוועק.

שטונדען זיינען פארביי, און זי איז צוריק אין דער היים ניט געקומען. איהרע עלטערען האָבען אָנגעהויבען צו ווערען פאר־צווייפעלט; ביז שפּעט אין דער נאַכט זיינען זיי געזעסען, און ווען די זון האָט שוין אין זייער פענסטער אריינגעשטראַלט, האָבען זיי נאָך אלץ מיט אַן אויג ניט צוגעמאַכט; זיי האָבען געשיקט זייערע גוטע פריינד אין פּאָליציי דעפּאַרטמענט צו מעלדען וועגען דעם; מען האָט זיך געווענדעט צו די צייטונגען, אז מען זאָל וועגען דעם שרייבען.

איך בין אוועק אין יענער הויז זיך צו ערקונדיגען וועגען דעם שיקזאַל פון דער מיידעל, אָבער קיינער האָט קיין אויסקינפטע ניט געקענט געבען. די עלטערען האָבען געוויינט, און מיט זיי צוזאַ־מען האָבען אויך געוויינט אנדערע, וועלכע זיינען אין הויז געקו־מען, און האָבען געמאַכט אַ פארזוך די פארצווייפעלטע צו טרייס־טען.

יום כיפּור איז אין הויז געווען.

אין אַ ווינקעל, ביי אַ פענסטער, איז דער פארשוואונדענער'ס שוועסטער געשטאַנען פארטיפט אין געדאַנקען. זי האָט צו קיינעם ניט גערעדט. פון צייט צו צייט פלעגט זי נאָר ווארפען צושראָ־קענע בליקען אויף איהרע עלטערען און אויף די אַנדערע, וועלכע האָבען זיך געפונען אין הויז.

איך בין צוגעגאַנגען צו איהר, און איך האָב איהר עפּעס גע־פרעגט. זי האָט מיר אָבער ניט געוואָלט ענטפערען.

„איך ווייס ניט — האָט זי אויף אלע מיינע פראַגען גע־ענטפערט — „פון וואַנען זאָל איך וויסען? איך בין דען געגאַנ־גען מיט איהר? האָט זי ניט געזאָלט געהן... ווער איז איהר שולדיג?"

איך האָב איהר ערקלעהרט, אז איך בין אַ צייטונגס מאַן, און

אז איך וועל וועגען איהר שוועסטער׳ס פארשווינדען שרייבען, דערפאר וויל איך וויסען מעהר איינצעלהייטען.

דאָס וואָס איך האָב איהר ערקלעהרט אז איך וועל וועגען דעם שרייבען אין צייטונג, האָט איהר ווי פון שלאָף אויפגעוועקט; זי האָט אויף מיר געגעבען א רחמנות׳דיגען בליק, און ארייגנעהענדיג מיט מיר אין אנאנדער צימער, האָט זי ארויפלייגענדיג איהרע הענט אויף מיינע שולטערען, געזאָגט:

„איך בעט אייך, מיסטער, דרוקט ניט די נייעס וועגען מיין שוועסטער׳ס פארשווינדען; טוט עס ניט, איך בעט אייך.״

איך האָב איהר אָנגעקוקט פארוואונדערט.

— ווארום? — האָב איך געפרעגט, איהר ארייגקוקענדיג אין די אויגען — ווילט איהר דען ניט, אז מען זאָל אייער שוועסטער געפינען?

„יעס... יעס״ — האָט זי אָנגעהויבען ווי צו שטאמלען — „אָבער... מיסטער... ווען איהר וועט דרוקען די נייעס וועל איך זיין אן אונגליקליכע...״

איך האָב איהר ניט געקענט פארשטעהן, און די נייגעריגקייט אויסצוגעפינען דעם סוד איז ביי מיר אלץ געשטיגען. איך האָב איהר ערקלערט, אז עס איז איהר פליכט צו העלפען געפינען איהר שוועסטער, און ניט צו פארלאַנגען, אז די נייעס וועגען איהר פאר־שווינדען זאָל ניט געדרוקט ווערען.

„מיסטער״ — האָט זי זיך אָנגעהויבען צו בעטען ביי מיר — „איהר וועט מיך מאַכען אומגליקליך, אויב איהר וועט עס דרוקען... טוט עס ניט, איך בעט אייך... פארשטעהט איהר מיר... מען זאָגט אז מיין שוועסטער איז ארומגעגאנגען מיט א שלעכטען מענשען... מען זאָגט, אז ער האָט איהר אוועקגעפיהרט אין א שלעכטע הויז... דערפאר טאָר מען וועגען דעם ניט שרייבען...

האָב איך איהר ערקלעהרט, אז דאָן איז די פליכט פון איהר, און פון יעדען מענשען, איהר שוועסטער ארויסצוראטעווען פון דאָרטען, און אז ווען מען זאָל דרוקען איהר שוועסטער׳ס בילד אין

די צייטונגען, דאן קען מען האפען אויסצוגעפינען וואו זי געפינט זיך.

האט זי א ציטער געגעבען פון מיין ערקלעהרונג, און זי האט זיך ביטער צואויינט. זי איז געוואָרען שרעקליך נערוועז.

„פליז מיסטער, שרייבט ניט וועגען איהר" — האט זי זיך ווידער אָנגעהויבען צו בעטען — „איך ליב מיין שוועסטער, אָבער אויב זי איז שוין אומגליקליך, טאָ וואָרום זאָל איך אויך אומגליקליך ווערען."

איך האָב מיט איהר אָנגעהויבען צו ריידען מיט א פעסטערען טאָן.

און זי האָט מיר דערצעהלט:

„פארשטעהט איהר מיר... מיין שוועסטער, זאָגט מען, איז אוועק געפיהרט געוואָרען אין א מיאוס'ע הויז... איך בין א כלה און ביי מיר דארף קירצליך זיין די חתונה... ווען זיינע עלטערען, שוועסטער און ברידער וועלען זיך דערוויסען וואו מיין שוועסטער געפינט זיך, דאן וועלען זיי איהם, מיין חתן, צווינגען, אז ער זאָל דעם שידוך אָפּלאָזען; זיי וועלען זיך שעהמען צו טאָן א שידוך מיט אונז... טאָ פארוואָס זאָל איך זיין אומגליקליך צוליב מיין שוועסטער? איהר ווייסט דאָך, אז ווען מען גיט אריין עפעס אין צייטונגען, געפינט מען א סך מאָל אוים זאכען... אפשר וועט זי אליין קומען..."

* * *

צוויי טעג זיינען פארביי. דער קערפער פון א יונגע מיידעל איז געפונען געוואָרען אין דעלאוועער ריווער. די צייטונגען האָבען מיט איינצעלהייטען באשריבען, ווי אזוי זי איז געפונען געוואָרען, און וועלכע קליידער די אונגליקליכע האָט געטראָגען. די נאכריכט האָט דערגרייכט די עלטערען פון דער פארשוואונדענער מיידעל, און זיי האָבען אין איהר דערקענט זייער יונגע טאָכטער. איהר קערפער איז אין איהר היים געבראכט געוואָרען. גרויס איז די טראַגעדיע געוועזען, אָבער קיינער האָט ניט געוואוסט די סודות וועלכע האָבען די טראגעדיע ארומגערינגעלט. און דיזע אונבאוואוסטקייט

האָט נאָך מעהר געבראָכען די הערצער פון די, וועלכע האָבען איהר אזוי געליבט. איבער'ן אָרון האָבען זיי זיך געוואָרפען, און ביטער געוויינט האָבען זיי. דער אָרון האָט אָבער קיין סודות ניט דער־צעהלט.

און ביטער געוויינט האָט אויך די שוועסטער איהרע, די כלה. איהרע אויגען זיינען רויט געווען פון וויינען, און איהרע הענט האָט זי פארבראָכען געהאלטען.

און ווען זי האָט מיך דערזעהן, האָט זי זיך ווי פארשעמט. זי איז א ווײַלע שטיל געשטאנען, און זי האָט די אויגען געהאלטען ארונטערגעלאָזען. אין עטליכע מינוטען שפּעטער האָט זי מיך אָבער געבעטען מיט איהר אין אַן אנדער צימער ארייננגעהן.

„נו, וואָס זאָגט איהר אויף אונזער אומגליק?" — האָט זי מיך געפרעגט, נאָך אַלץ האַלטענדיג די אויגען ארונטערגעלאָזען — „איך האָב שוין ניט מעהר קיין שוועסטער"...

— האָט מען עפּעס אויסגעפונען וועגען אייער שוועסטער'ס טויט? — האָב איך א פרעג געטאָן.

„ניין" — האָט זי געזאָגט, אין א פארטראַכטער פּאָזע — „ניין, מען האָט גאָר ניט אויסגעפונען... גאָר ניט, און — עס איז אפשר גלייכער...

# ראש השנה אין שוהל.

אמאָל, ראש השנה, בין איך אריינגעגאנגען אין שוהל, און איך בין דאָרטען באלד פארפראָרען געוואָרען...

פון די הערצער האָט געיאָגט א שרעקליכע קעלט; פון די נשמות האָט געבלאָזען א שניידענדער דעצעמבער ווינט, און אפילו די זילבערנע עטרות האָבען געגלימצערט ווי פארפראָרענע שנעעע אין א גרויסען פראָסט...

איך ליעב די ימים נוראים'דיגע ניגונים ניט דערפאר ווייל איך בין פרום און גלויב אין גאָט. דיזע געפיהלען זיינען ביי מיר שוין טויט, לאנג, לאנג געשטאָרבען. די ימים נוראים'דיגע ניגונים ליעב איך אָבער. זיי הויבען פאר מיר אויף דעם פאָרהאנג פון דער פארגאנגענהייט, און איך זעה דאָרטען מיין פארגאנגענע קינדהייט; עס הויבען פאר מיר אָן צו שוועבען יענע אומפאַרגעסליכע, אייביג ליכטיגע, אייביג צויבערישע בילדער פון דער היים. מיין הארץ ווערט אינגער און מיין נשמה ווערט פרעהליכער ווען איך הער זיי!

בין איך אריינגעגאנגען אין שוהל מיט דער האָפנונג, צו הערען יענע ניגונים, וועלכע ערוועקען אין מיר אזוי פיל ליעבע און באַגייסטערונג און — איך בין דאָרט באלד פארפראָרען געוואָרען...

שוין גלייך ביים אריינקומען האָט מיר אָנגעהויבען צו קלאפּען א צאָן אָן א צאָן, דערזעהענדיג דעם גראָבען פּאָליסמאַן שטעהענדיג ביים טיר, קיינעם ניט אריינלאָזענדיג, סיידען מען ווייזט איהם א טיקעט.

איך האָב איהם געוויזען דעם טיקעט, און ער האָט מיר ער־לויבט אריינצוגעהן דאַוונען...

דער חזן האָט געזונגען און די זינגער האָבען איהם באגלייט... כמעט אלע זיינען געווען איינגעוויקעלט אין טליתים, כמעט

אלע האָבען זיך געשאָקעלט דאווענענדיג, און — פון אלעמען האָט געיאָגט א קעלט...

ראש השנה אין דער היים איז א הייליגער יום טוב. אלע פיהלען אנדערש, ווערען אנדערש, ווי א גאַנץ יאָהר, ווען ראש השנה קומט; יעדערער פיהלט דעם הייליגען מאָמענט, ווען די שפורען פון אַוועגר זאָגען אָן, אז דער נייער יאָהר קומט אָן.

און די הערצער קלאַפּען פון הייליגקייט און מורא.

מיט די טליתים אונטער די אָרעמס לויפען די פאָטערס אין שוהל, פיהרענדיג די קינדערלאך ביי די הענט...

די מוטערס דאָס זעלבע.

קומענדיג אין שוהל פאַרגעסט מען אָן אלעס, וואָס עס איז וואָכעדיג... יעדערער ווערט באַלויכטען פון א הייליגען פייערעל. יעדערער שטעלט זיך אויף זיין „שטאָדט". יעדערער עפענט זיין מחזור, מען הויבט אָן צו זאָגען... די הערצער ווערען פאַרוואַנדעלט אין קוואלען פון זיפצען, און די אויגען הויבען אָן צו גיסען מיט ווארימע טרערען.

און די שוהל ווערט ווי איין הארץ, וואָס קלאַפּט פאַר אלעמען, און יעדעס הארץ ווערט ווי איין שוהל, וואָס פיהלט מיט אלעמען.

און יעדער טאָן, וואָס דער חזן לאָזט ארויס, רופט ארויס נייע שטראָמען פון טרערען, און די טרערען זיינען ווארימע און הייליגע.

יעדעס מאָל ווען איך דערהער דעם ניגון פון ימים נוראים, שוועבען פאַר מיר יענע בילדער, יענע הייליגע בילדער, פון הארץ און נשמה, און איך פיהל ווי מיין קאָפּ צו בויגען פאַר יענע מענשען, וועלכע דענקען ניט ריכטיג, וועלכע פיהלען אָבער דאָס, וואָס זיי זאָגען, און זאָגען דאָס, וואָס זיי פיהלען.

ווי פאַרשידען אָבער איז ראש השנה דאָ!

די הערצער זיינען פאַרפראָרען, די נשמות זיינען פאַרגליווערט פון קעלט אזוי, אז מיר דוכט זיך, אז פון שוהל הויבט זיך אָן דער גייסטיגער נאָרד־פאָל.

אריינגעהענדיג אין האָל פון שוהל, נאָכדעם ווי דער פּאָליסמאַן האָט מיר ערלויבט אריינצוגעהן דאווענען, האָט מיך „שטורמיש" באַגעגענט א באַקאַנטער איד, זאָגענדיג: „העללאָו... וואָס טוסטו

דא? גלויבסט שוין ווייטער אין רעליגיאן?" און נאכדעם ווי ער האט געענדיגט זיין „באגריסונג", האט ער מיר געגעבען א פרעהלי־כען קלאפ אין פלייצע, עפעס אזוי ווי ער וואלט דערמיט געוואלט זאגען: „זעהסטו, איך קאן אויך קיבעצען!"...

איך האב זיך פון איהם אפגעקערט מיט עקעל, און פאר מיר זיינען געשטאנען א קופקעלע מיטעל־יעהריגע אידען און גערעדט פון ביזנעס... איינער פון זיי האט געהאלטען א גרויסע ליסט פון פראפערטים... ער האט זיך געהיצט, געוואלט באווייזען, אז ער איז גערעכט, אז דאס וואס ער זאגט איז אמת, און — אין זיין יעדעס ווארט האט געקלונגען ליגען...

איך האב געפיהלט, אז דיזע קופקעלע ביזנעס־מענשען זיינען א באליידיגונג פאר דער שוהל, און פאר די מענשען, וועלכע זיינען געקומען אין איהר בעטען גאט... איך האב געפיהלט ווי צו פאר־גיסען א פאר טרערען אויף דיזע לעסטערער פון מענשליכע געפיה־לען; איך האב זיך אבער צוריקגעהאלטען, ווייל איך האב ניט געוואלט, אז מאנכע זאלען מיינען, אז איך בין געווארען א בעל־תשובה. און — איך בין אריינגעגאנגען אין שוהל.

דער חזן האט געזונגען. די זינגער האבען איהם באגלייט, און מאנכע האבען זיך געשאקעלט, ווערענד דער גרעסטער טייל מענשען האבען אויטאמאטיש געפלאפעלט מיט די ליפען...

נאר די גרויסע ברענענדע לייכטער און דער ארון קודש האבען מיך דערמאנט אן דעם „אמאל"...

איך האב זיך געוואלט פארטיפען אין דעם חזן'ס ניגונים... מיינע פאנטאזיען זיינען אבער גלייך צובראכען געווארען... זיינע ווערטער זיינען געווען פוסטע, זיין שטימע האט גארניט געזאגט, גארניט געמיינט; זי איז בלויז געווען צוזאמענגעקלעפט פון די עטליכע הונדערט דאלער, וואס ער קריגט פאר'ן דאווגען... נאר די שטימע פון אלמעכטיגען דאלאר האט געזונגען...

מיינע בליקען האבען אנגעהויבען צו וואנדערען; איך האב אנגעהויבען צו באטראכטען די אין טליתים איינגעהילטע מענשען...

ניט ווייט פון ארון קודש איז געשטאנען א מאן, א הויכער, געזונטער מענש איז דאס געווען. א גאנצען יאהר זאגט ער ליגען;

פאר׳ן דאַלאַר וועט ער פּאַרקויפעןׅ זיין טאַטע־מאַמע; ער איז אַ מאַנופעקטשורער, און ער שינדט פון טויטע און פון לעבעדיגע, קיין זאַך אין דער וועלט קאָן איהם ניט אָפּהאַלטען פון צו טאָן אַלעס, אַזוי לאַנג ווי ער קאָן דערביי געלט מאַכען. וועגען פרומ־קייט איז אָפגערעדט. ער רויכערט שבת, פאָהרט אום שבת, עסט אַ „העם־סענדוויטש" יעדעס מאָל ווען ער געפינט זיך צווישען גוים; מאַכט זיסע חנ׳דלאַך צו פרעמדע פרויען, זיך פאַרגעסענדיג, אַז ער האָט צוויי אייגענע... ער שטעהט נאָהענט ביים ארון קודש און שאָקעלט זיך, הויבט די אויגען צום הימעל... מאַכט פרומע מינעס... אַלע ווײַלע הויבט ער אויף דעם טלית פון איבער׳ן קאָפּ, קערט זיך אום מיט׳ן פנים צום טיר... גיט אַ פרומען קרעכץ... קערט זיך ווידער אום מיט׳ן פנים צום וואַנט, און הויבט זיך ווידער אָן צו שאָקלען...

אַ ביסעל ווייטער פון דעם פּלאַץ, וואו איך בין געשטאַנען, איז אַריינגעקומען אַ יונגער מאַן. זיינע אויגען האָבען געקאָכט... זיין פנים האָט געהאַט אַ רויטליכען קאָליר. אויב די רויטקייט פון פנים איז איהם געקומען פון „פרומקייט", ווייס איך ניט. פון שאַנדע געוויס ניט, ווייל דיזען אַרטיקעל האָט ער ניט... ער איז געקומען אין שוהל בעטען גאָט... זיך קלאַפּען אין האַרצען „חטאתי".

און אויב ער איז ווירקליך געקומען אין שוהל „זיך קלאַפּען אין האַרצען", און בעטען מחילה, האָט ער, דוכט מיר, געדאַרפט זיין האַרץ צוזעצען... ער האָט, דוכט מיר, קאָנאָנען געדאַרפט אָנ־שטעלען אויף איהר און מיט זיי קלאַפּען! אַזוי זינדיג איז ער...

אַזוי שנעל ווי ימים נוראים געהען אַוועק, געהט ער אויך אַוועק — אין דער ווייטער, ברייטער וועלט. איך וואָלט אייך אפילו געוואָלט זאָגען זיין נאָמען, נאָר גלויבט מיר, אַז זיין ריכטיגען נאָמען ווייס איך ניט, ווייל אַלע ווײַלע האָט ער אַן אַנדערען... אין יעדער שטאָדט וואו ער קומט האָט ער אַן אַנדער נאָמען: און אַזוי ווי זיין נאָמען, אַזוי איז אויך זיין פּנים... אַמאָל טראָגט ער אַ בערדעלע, אַמאָל אַ באָרד, און אַמאָל אַ באַקען־באָרד... זיין ביזנעס איז איינצוקויפען סחורה אין יעדער שטאָדט וואָס ער קומט און די סחורה הייסען צושיקען אויף אַ געוויסען פּלאַץ און — מעהר

זעהט מען איהם אין די אויגען ניט אָן... „די בעסטע רעקאָמענ־דאַציעס” האָט ער, ווען ער קומט צו אַן אָרימען ביזנעס־מאַן אָדער אין אַ האָלסייל פּלאַץ... ער שטעלט זיך פאַר אַלס דער איינקויפער פון די גרעסטע געשעפטען... ער קלייבט די וואַרע... מען שיקט זיינע אָרדערס פּינקטליך ארויס... ער קומט צו דעם פּלאַץ וואו מען האָט די וואַרע געשיקט... נעמט עס אַראָפּ פון טריין... פיהרט עס אריין אין אַן אָקשען און באַלד ווערט עס פארקויפט... ער נעמט אָפּ די עטליכע דאָלאַר... פיקסט צו זיין בערדעלע, גיט זיך אַן אַנדער נאָמען, און פאָהרט ווידער „מאַכען אַ לעבען”...

און פילע אַזעלכע אידען האָב איך דאָרטען געזעהן! מיט פארגלאָצטע אויגען זיינען זיי געשטאַנען; פרומע מינעס האָבען זיי געמאַכט, און פון זייערע הערצער האָט אַ שרעקליכע קעלט געיאָגט...

איך וואָלט אפשר דאָרטען פארפרארען געוואָרען, ווען ניט דאָס וואַרעמע הארץ פון אַן אַלטען אידעלע, וואָס איז געשטאַנען ביים טיר און געזאָגט אַ תפילה.

איך האָב זיך אָפּגעשטעלט נעבען דיזען אַלטינקען און זיך צוגעקוקט צו איהם. זיין קאָפּ איז שוין געווען וויים. זיין פּנים און זיינע הענט זיינען געווען דאַר און אין גאַנצען האָט ער אויסגעקוקט ווי אַ סקעלעט. ער איז געשטאַנען איינגעוויקעלט אין זיין טלית, וועלכער, ווי עס האָט אויסגעקוקט, געדענקט נאָך דעם ערשטען טאָג פון דעם אַלטינקענס חתונה. ער איז שוין געווען שוואַרץ און דורכ־גענעצט פון שוויים.

און דער אַלטינקער איז געשטאַנען פארטיפט און געזאָגט פון מחזור. נאָר פון צייט צו צייט פלעגט ער נעמען אַ שמעק טאַבאַק, און נאָך יעדען שמעק טאַבאַק פלעגט ער געבען אַ קרעכץ...

דאַכט זיך אַזוי איינפאַך געזאָגט, און דאָך האָט יעדעס וואָרט מיין הארץ געריהרט... איך האָב אָנגעהויבען צו דערזעהן יענע בילדער פון דער היים, וועלכע ווירקען אַזוי אויף מיר... מיין קינד־הייט האָט אָנגעהויבען פאַר מיינע אויגען שוועבען... ימים נוראים־דיגע ניגונים האָבען פאַר מיר אָנגעהויבען צו קלינגען... איך האָב געפיהלט, ווי דיזען אַלטינקען ארומצונעמען, איהם צום הארצען

דריקען, און איהם דאנקען, פאר וואס ער האט מיר צוריקגעגעבען דאס, וואס אנדערע האבען צובראכען אין מיר...

און ארויסגעהענדיג האב איך געפיהלט, ווי צו צומאכען די אויגען, אום ניט צו זעהן די רעליגיעזע „אייז־בערג"... שווימענדיג אין ים פון באטרוג...

# דער אַלטער בייגעל־פאַרקויפער.

„עט", — האָט ער, דאָס אַלט אידעלע, דער בייגעל פאַר־קויפער פון מאָנטרעאַל, אזאָג געטאָן צו מיר, א מאַך געבענדיג מיט זיין רעכטער אויסגעדאַרטער האַנד, — „קינדער צו האָבען איז זעהר גוט, אָבער אָנצוקומען צו זיי זאָל קיין מענש ניט דאַרפען".

און דער אַלטינקער האָט זיך אביסעלע פאַרטראַכט און אין א פאַרטראַכטער פּאָזע איז ער געבליבען זיצען נעבען מיר א ווײַלע.

באַגעגענט האָב איך איהם אין א שטונדע שפּעטער נאָכדעם ווי איך בין אָנגעקומען אין מאָנטרעאַל. עס איז געוועזען ביטער קאַלט יענעם אָוועגט; די גאַסען זיינען געוועזען באַדעקט מיט שנעע. און מאַנכע פון די פאַרבייגעהער האָבען זיך געריבען די הענד זיי צו דערוואַרעמען.

„קאַלט!" האָט מען אַלע ווײַלע געהערט זאָגענדיג, — „קאַלט!"...

ער, דער אַלטינקער, איז געגאַנגען אביסעל געבויגען. אויף דער רעכטער האַנד האָט ער געטראָגען א גרויסען קאָרב, וועלכע איז געוועזען צוגעדעקט מיט עפּעס. די לינקע האַנד האָט ער גע־קלאַפּט אָן זיך; מסתמא געפיהלט קאַלטליך אין די פינגער. זיי־נע אויגען, וועלכע זיינען שוין כמעט האַלב אויסגעלאָשען, האָ־בען אָנגעקוקט אַלע אָנקומענדע, און פון צייט צו צייט האָבען זיי נאָך א שפּריץ געגעבען ווי מיט פונקען.

„פרישע בייגעל, אידעלאַך" — האָט ער געזאָגט עפּעס אזוי ווי צו זיך אַליין — „קויפט פרישע בייגעל... איהר וועט זיי עסען געזונטערהייט... קויפט".

און ער איז פאַרשוואונדען געוואָרען צווישען די שטראָמען מענשען וועלכע האָבען זיך געפונען אין סענט לאורענס בולוואַרד.

און אַ שווערער, שווערער זיפץ האָט זיך פון מיין האַרצען אַרויסגעריסען און ער האָט איהם באַגלייט...

אין אַ פּאָר אווענטען שפּעטער האָב איך איהם ווידער באַ־גענעגט אין דער זעלבער גאַס. איך בין דאַן געווען אין אַ לאָנטש רום און האָב עפּעס געגעסען. פּלוצלונג איז דער אַלטינקער ווי־דער ערשינען פאַר מיר; ווידער מיט דעם קאָרב אויפ'ן האַנד. ער איז אַריין אין לאָנטש רום, האָט באַטראַכט אַלעמען, האָט אַלע־מען באַגריסט פריינדליך, אינטים; דערנאָך האָט ער אַוועקגע־שטעלט זיין קאָרב אין אַ ווינקעל פון צימער, איז צוגעגאַנגען צום קאַונטער, האָט אָפּגעשניטען אַ פּאָר שטיקלעך ברויט פון לעבעל וועלכער איז אויפ'ן קאַונטער געלעגען, און איז אַוועק אין קיך.

ווער איז דער אַלטינקער? ווער איז ער, וועמען דער ביי־זער שיקזאַל טרייבט עס אַרום אין די פראָסטיגע נעכט, אין די שניידענדע ווינטען?

און איך האָב זיך פאַרטראַכט וועגען איהם.

לאַנג, לאַנג צוריק איז ער אַ קינד געווען, האָט אַ יוגענד געהאַט, און די קינדהייט לאַכט און די יוגענד פאַנטאַזירט... ווי אַזוי איז זיין געלעבטער פאַרקלונגען געוואָרען? מיט וואָס האָ־בען זיך זיינע פאַנטאַזיען אויסגעלאָזען? האָט זיין יוגענד זיך געפרעהט אָדער געוויינט? האָט זי געטאַנצט אָדער געטרויערט? ווער ווייסט... יעצט אָבער איז ער אַלט; יעצט קוקט ער אויס ווי אַ לעבען, וועלכער צאַפּעלט זיך אין אַ פּעקעל הויט און ביינער און זיינע אויגען מאַכען דעם איינדרוק ווי זיי וואָלטען געווען די לעצטע צוויי כמעט אויסגעלאָשענע פונקען פון אַן אַמאָליגען וואול־קאַן...

אַ ווײַלע שפּעטער איז דער אַלטינקער אַרויסגעקומען פון קיך און ער איז שוין געווען פרעהליכער, געווען אַביסעל דערוואַרעמט. ער איז פאַרביי מיר געגאַנגען מיט אַ שמייכעל אויף זיין אויסגע־דאַרטען פּנים.

„קומט, זיידעלע, זעצט זיך נעבען מיר אַוועק; לאָמיר אַביסעל פּלוידערען" — האָב איך געזאָגט צו איהם.

„ניין, ניין" — האָט דער אַלטינקער געזאָגט, — „ניין, איך

דאנק אייך... ווי קום איך צו אייך?.. וואס קען איך רעדען מיט אייך, הא?"...

און ער האט געמאכט א פארזוך ווייטער צו געהן.

„קומט, אלטינקער, זעצט זיך נעבען מיר" — האב איך איהם ווידער געבעטען — „אט, מיר וועלען שוין האבען פון וואס צו ריידען, געוועזער מיינד, קומט, זעצט זיך נעבען מיר".

דער אלטער בייגעל פארקויפער האט זיך ארומגעקוקט. איך האב געפיהלט אז ער וואלט זיך וועלען אוועקזעצען, אבער עס האט אויסגעקוקט ווי ער וואלט מורא געהאט אז דער אייגענטימער פון דער לאנטש רום וועט ניט וועלען ליידען דאס, וואס ער באַ־לעסטיגט קאסטומער. פארשטעהענדיג אז דאס איז די אור־זאכע ווארום ער וויל נעבען מיר זיך ניט זעצען, האב איך איהם פארזיכערט, אז ער וועט פאר מיר קיין לאסט ניט זיין. איז ער איינגעגאנגען אויף מיין פארלאנג און ער האט זיך אוועקגעזעצט נעבען מיר עפעס ווי זיך האלטענדיג אימער פארטיג אויפצו־הויבען.

„וועט איהר עפעס עסען? טרינקען עפעס, אלטינקער?" — האב איך איהם געפרעגט.

„ניין, ניין, איך דאנק אייך" — האט ער געזאגט צו מיר מיט א זעהר דאנקבארען שמייכעל — איך דאנק... איהר פארשטעהט, מיסטער, אט די מענשען פון דאנענט זיינען זעהר גוט צו מיר, לאנג לעבען זאלען זיי... אט קום איך מיר אריין דא און איהר האט געזעהן, ווי איך האב זיך אליין אפגעשניטען א פאר שטיקלעך ברויט? איך נעהם זיך אליין ברויט; דערנאך בין איך מיר אריינגעגאנגען אין קיטשען און דארטען האט מען מיר געגעבען אביסעלע זופ און נאך עפעס.. אביסעלע זופ איז זעהר גוט אין די קאלטע וועטערען, איהר פארשטעהט... אביסעלע זופ צוואווארימט די אלטע ביינער... זאלען זיי לאנג לעבען; גוטע מענשען..."

און אין דער צייט ווען ער האט אזוי גערעדט, האב איך צייט געהאט איהם אביסעל צו באטראכטען. א היטעל האט ער געטראַ־גען א ווארעמע, וועלכע האט אויך באדעקט א טייל פון זיינע אוי־ערען. דער „קאזשיראק" פון דער היטעל האט כמעט פארדעקט זיין

שטערען און צוליב דעם וואָס די היטעל האָט אַזוי צוגעדעקט זיין קאָפּ, האָט מען קוים געקענט באַמערקען די ווייסע האָר זיינע. זיין באָרד איז געווען וויים און צווישען באָרד און היטעל האָט זיין פּנים אויסגעזעהן זעהר קליין און דאַר.

ער איז געווען זעהר שוועך אָנגעטאָן. זיין ראָק פארשמאָלצען; אונטער דעם אויבערשטען שווערען ראָק האָט ער געטראָגען אַ צווייטען און דוכט זיך אַז אונטער דעם צווייטען האָט ער אויך געטראָגען אַ דריטען ראָק... זיין האַלז איז געווען ארומגעוויקעלט מיט אַ דיקען שאַאל וועלכער געדענקט נאָך געווים זיין חתונה. זיינע שיך זיינען געווען גרוים, שווער און אַלט.

„איהר פארשטעהט, מיסטער — האָט ער אָנגעהויבען זאָגען — איהר פארשטעהט? איך האָב אפילו קינדער זאָלען לעבען. צוויי קינדער האָב איך דאָ און צוויי קינדער האָב איך אין קאַליפאָרניא, אָבער איך וויל צו די קינדער ניט אָנקומען; איהר הערט, קיין מענש זאָל ניט דארפען אָנקומען צו קינדער... איך מאַך מיר, אַ דאַנק גאָט, אַליין אַ לעבען: איך צאָהל 6 דאָלאר פאַר אַ רום און אָט אַזוי לעב איך מיר... גאָט זאָל מיר נור העלפען, אַז איך זאָל צו קינדער ניט דארפען אָנקומען אַזוי לאַנג ווי איך וועל לעבען"...

„אָבער, אַלטינקער, זאָגט מיר, איך בעט אייך, — האָב איך איהם געפרעגט — עס איז דאָך אין דרויסען אַזוי קאַלט און עס איז דאָך שוין אַזוי שפּעט, פאַרוואָס געהט איהר ניט אַהיים זיך אָפּרוהען?

„האַ, האַ, האַ, — האָט ער זיך קינדעריש צולאַכט — האַ, האַ, איך וועל געהן איצטער אַהיים? וואָס רעדט איהר מיסטער!?... איהר ווייסט, איך געה אַזוי אַרום ביז דריי אַזייגער ביינאַכט און איך פאַרקויף די בייגעל... אַזוי לאַנג ווי מען זעהט מענשען אין גאַס, קען מען נאָך עפּעס טאָן ביזנעס, און מען קען נאָך עפּעס פאַרדינען... אבי צו קינדער ניט אָנצוקומען... זעהט איהר, ביי־טאָג לייג איך זיך צו אַביסעלע, רוה זיך אוים און איך געה ווידער טאָר ביזנעס... וואָס זאָל מען טאָן, אַ לעבעדיגער מענש דאַרף האָבען".

אַזוי ווי מיר זיינען אַזוי געזעסען און גערעדט איז צו אונזער

טישעל צוגענגאנגען דער אייגענטימער פון לאַנטש רום און, איהם דערזעהענדיג, האָט דער אַלטינקער זיך עפּעס אָנגעהויבען ווי צו פאַרטיידיגען פאַרוואָס ער האָט זיך נעבען מיר אַוועקגעזעצט.

„איהר זעהט, הא, — האָט ער אָנגעהויבען, — איהר זעהט, מען שעהמט זיך נאָך מיט מיר ניט... אַט האָט מיך דער מיסטער געבעטען זיך אוועקצוזעצען נעבען איהם.. ער האָט געזאָגט, אַז ער וויל מיט מיר עפּעס ריידען... איהר פאַרשטעהט. איך האָב זיך אַליין ניט געוואָלט אוועקזעצען נעבען איהם, נאָר אַז ער האָט מיר שטאַרק געבעטען האָב איך זיך אוועקגעזעצט... אַט רעדען מיר זיך אַזוי.. איהר זעהט, הא, עס זיינען דאָ מענשען וואָס ווילען נאָך רעדען מיט אַן אַלטען מאַן, ווי איך בין"...

דער אייגענטימער האָט איהם אויף אַ זעהר פריינדליכען אופן געזאָגט אַז עס איז „אָל־רייט" און דער אַלטער בייגעל פאַר־קויפער האָט פרייער אָפּגעאָטעמט.

„ווי אַלט זייט איהר, אַלטינקער?" — האָב איך איהם אַ פרעג געטאָן.

„ווי אַלט איך בין, פרעגט איהר? ווי אַלט איך בין? — האָט ער מיר אָנגעהויבען צו ערקלערען — איך ווייס... ביי מיין ברית בין איך אפילו געווען, אָבער ווען דאָס איז געווען געדענק איך ניט.. איך ווייס? איך בין אַן אַלטער מאַן"...

„שעהמט זיך ניט, זאָגט דעם מאַן ווי אַלט איהר זייט — האָט דער אייגענטימער איהם מיט פריינדליכקייט געבעטען — ער איז דאָך אַ פריינדליכער מענש...

„אַט, אַט, טאַקע אַ פריינדליכער מענש — האָט דער בייגעל פאַרקויפער געזאָגט מיט אַ שמייכעל — איהר פאַרשטעהט מיס־טער... ניט אַלע ווילען זיך אוועקזעצען טענה'ן מיט אַן אַלטען מאַן ווי איך בין.. די אַלטע מענשען, פאַרשטעהט איהר, זיינען שוין אויסגעוועבט אביסעלע... דער יונגער דור, פאַרשטעהט איהר, איז אַנדערש... נאָר איהר פרעגט מיר ווי אַלט איך בין, הא?.. אַט, אַזוי ווי איהר זעהט מיך, בין איך שוין אַ דאַנק גאָט, אַ פינף און אַכציגער... יע, איך בין שוין פינף און אַכציג יאָהר אַלט, אַ דאַנק דעם בורא עולם"...

„קומט איהר צו אייערע קינדער?"

„אַט... וואָס דען? ווי געהט מען דאָס ניט צו קינדער?... א דאנק גאָט, איך דארף אָבער צו זיי ניט אָנקומען... איך האָב מיר אַ רום ביי באַקאַנטע מענשען, און אַזוי לעב איך מיר... איך האָב אייניקלאך זאָלען לעבען, איך שפּיל זיך מיט זיי אַז איך קום און אַט אַזוי לעבט מען זיך אָפּ די עלטערע יאָהרען"...

„אַט... אלעמאי זאָל איך לייקענען פאר אייך — האָט ער ניט זעהר גערן אָנגעהויבען צו דערצעהלען — איך האָב מיר אַ פּאָר הונדערט טאָלער... איך ריהר זיי אָבער ניט אָן... איהר פארשטעהט, מיסטער, מען דארף זיך צוגרייטען אויף תכריכים, אויף אַ קבר... מען איז דאָך אַן אַלטער מאַן... איך זאָל אפילו וויסען ווער ווייסט ניט וואָס... איך וויל צו קיין קינדער ניט אָנקומען. און איך וויל צו קיין מענשען ניט אָנקומען אַזוי לאַנג ווי גאָט וועט מיך האַלטען אויף דער וועלט"...

און דער אַלטינקער האָט זיך אויפגעהויבען, האָט מיר גע־דאנקט פאר דעם כבוד וואָס איך האָב גערעדט מיט איהם און האָט מיר זיין דארע האַנד דערלאַנגט, זאָגענדיג:

„אַ גוטע נאַכט, מיסטער, אַ גוטע נאַכט, גאָט זאָל אייך העל־פען אין אַלע אייערע דרכים"...

און ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען מיט זיין קאָרב אויף דער האַנד האָט מיר אין האַרצען אַ דריק געגעבען. דאָס איז ער גע־גאַנגען צוריק אין די קאַלטע גאַסען בייגעל פארקויפען. ער איז געגאַנגען זוכען וואו עס איז ערגעץ אַ חתונה אָדער אַן אנדער יום טוב'ל, דאָרטען צו קאָנען פארקויפען בייגעל. אַמאָל נעהמט מען איהם אויף גוט; און אַמאָל שפּאַסט מען פון איהם, אָבער, ער, דער אַלטער בייגעל פארקויפער פון מאָנטרעאַל, געהט זיך זיין וועג, ווערט אַמאָל אין כעס'לעך, בייזערט זיך אָן אויף די שפּאַסמאַכענדע קאָסטומער, אָבער ער לאָזט זיך גלייך איבערבעטען ווען מען קויפט ביי איהם אַ פּאָר בייגעל... ער ווינשט דאַן אַן אַל־דאָס־גוטס...

און אַזוי געהט ער אַרוים סיי טעג און סיי נעכט אין די ערג־סטע היצען און אין די ביטערסטע פרעסט און רעגען און אין שנעע. ווען איך בין אין גאַס אַרוים האָט דער פראָסט געברענט. אַ

ווינד האָט אין פּנים געשניטען און איך האָב געטראַכט: אַלטינקער, געבויגענער, אָבער שטאָלצער בייגעל פאַרקויפער, וואו ביזטו איצטער? אין וועלכע קאַלטע גאַסען וואַנדערסטו אַרום?...

און מיר דוכט זיך, אַז דער קאַלטער ווינד האָט מיר אָן ענט־פער געבראַכט:

„אַבי צו קינדער ניט אָנצוקומען!"

# אַ מאַמע

אַ פרוי איז צו מיר אין אָפיס אַריינגעקומען, און זי איז געווען אין דרייען געבויגען. זי האָט אויסגעקוקט צו זיין זעהר צושראָקען, איהרע אויגען זיינען געווען רויט; דער פּנים פּייכט פון טרערען, אָרים געקליידעט, און זי האָט אָנפאַנגס ניט גע־רעדט; זי האָט זיך בלויז אַרומגעקוקט. דערנאָך האָט זיך מיך געפאָלגט און זי האָט זיך אוועקגעזעצט נעבען מיין שרייב־טיש, די הענט פאַרבראָכען, און זי האָט זיך צעוויינט.

* * *

זי איז געווען יונג — העכסטענס אַ יאָהר דרייסיג.

„איך בין געקומען צו אייך — האָט זי אָנגעהויבען צו דער־צעהלען — „איהר פאַרשטעהט... איך בין אַן אומגליקליכע מאַמע און —

ווען זי האָט „מאַמע" אַרויסגערעדט, האָבען זיך שטראָמען טרערען פון איהרע אויגען אָנגעהויבען צו גיסען, און באַלד האָט זי אויסגעבראָכען אין אַ היסטערישען געוויין.

איך האָב ניט געוואוסט די אורזאַכע פון איהר וויינען. איך האָב אָבער פאַרשטאַנען, אַז אין הארצען שפּילט זיך אַ טראַגעדיע אָפּ... איך קען איבערהויפּט קיין טרערען ניט פאַרנעמען, אָבער טרערען פון אַ מאַמען — זיי מאַכען מיר שווידערען; זיי רייסען מיין הארץ, און שניידען מיין נשמה... ווען אַ מאַמע לאַכט, מוז איך מיטלאַכען; ווען אַ מאַמע וויינט, מוז איך מיטוויינען, ווייל, דאָס געלעכטער פון אַ מאַמען איז ניט קיין געוועהנליכער געלעכ־טער, און דאָס געוויין פון אַ מאַמען איז ניט קיין געוועהנליכער געוויין...

איז זי אַזוי געזעסען און זי האָט היסטעריש געוויינט. דער־נאָך האָט זי זיך אַביסעל בארוהיגט, און זי האָט אָנגעהויבען ווייטער צו דערצעהלען:

„איך בין אַן אומגליקליכע, מיסטער, זעהר אַן אומגליקלי־כע... איהר פארשטעהט... מיין מאַן איז געשטאָרבען, און איך בין איבערגעבליבען מיט צוויי קליינע קינדערלאַך... איין קינד איז נאָך גאָר אַ בייבי, אין גאנצען זעקס מאָנאַט אַלט... מוטשע איך זיך... פארדינען קען איך ניט, ווייל, איך קען די היים ניט פאר־לאָזען, און איבערלאָזען די קינדער האָב איך ניט וואו. דעם על־טערען אינגעלע וואָלט איך נאָך ערגעץ געקענט איבערלאָזען וואו עס איז, אבער די בייבי... ווער וויל זיך עס באדערען מיט אַ זעקס מאָנאַט אַלטע בייבי... האָב איך באַשלאָסען — אָ, מיסטער, ווי שלעכט מיר איז עס ארויסצוריידען!...״

און ווידער האָבען שטראָמען טרערען אָנגעהויבען פון איהרע אויגען צו גיסען; זי איז ווידער געוואָרען היסטעריש. שפּעטער אווייליע האָט זי זיך ווידער אביסעל בארוהיגט, און זי האָט ווידער אָנגעהויבען צו דערצעהלען:

„פארשטעהט איהר מיר... אפשר ווייסט איהר פון אַ פּלאַץ וואו מען נעהמט פאר אומזיסט צו האָדעווען אַ קינד?... איך בין אַן ארימע מאמע, אָבער אַ מאמע בין איך... וואָלט איך געוואָלט מיין קינד ערגעץ־וואו אין אן אנשטאַלט אוועקגעבען... שווער זיך צו שיידען מיט אַ בייבי, אָבער, ביי מיר ליידט עס דאָך אזוי פיל... מיר געהען באלד אַלע אוים פון הונגער... איך מיין, מיסטער, אויב איהר ווייסט עפּעס פון אַ פאמיליע, וואָס וואָלט וועלען נעמען מיין קינד?... איהר פארשטעהט, מיסטער, פאר אונז אַלעמען וועט זיין בעסער... ניין, איך וועל אַלע מאָל זיין אומגליקליך... עס איז ניט קיין קלייניגקייט פאר אַ מאמען, אַ קינד אוועקצו־געבען... אַן אָרימע מאמע, אָבער אַ מאמע בין איך... נאָר איך מיין, אז פאר'ן קינד וועט עס זיין בעסער... עס וועט האָבען אַ היים, און די, וועלכע וועלען איהם צונעמען פון מיר, וועלען זיך אויך פיהלען גליקליך... וואָלט איהר נאָר געזעהן, מיסטער, וואָס פאר אַ קינד דאָס איז! שעהן, ווי די ליכטיגע זוהן, איז ער... אַ געזונט קינד... מיר האָט גענוג געזונט געקאָסט איידער איך האָב איהם אויפגעהאָדעוועט... וויפיל נעכט איך האָב עס ניט געשלאָ־פען, אבי איהם זאָל זיין גוט!... איצטער איז ער אַ געזונט קינד,

א שעהן קינד; ער וועט זיין א ברכה אין א הויז; ער וועט פרעה־ליך מאכען אלע ווינקעלאך... איהם וועט אויך זיין בעסער... ווייסט איהר עפעס פון אן אנשטענדיגער פאמיליע, וועלכע וואלט וועלען מיין קינד נעהמען?"

זי איז שטיל געבליבען, און — א שווערער זיפץ האט זיך פון מיין הארצען ארויסגעריסען. ענטפערען האב איך איהר אבער ניט געקענט, ווייל איך האב געפיהלט, אז אין דיזען מאמענט האט אן אומזיכטבארע האנט מיינע ליפען פארזיגעלט, און אין מיין הארצען האבען שטורעמס אנגעהויבען צו בושעווען...

א מאמע וויל איהר קינד אוועקשענקען... איך האב זיך פאר־טיפט אין דער טראגעדיע... מיינע נערוועון האבען אנגעהויבען זיך צו באוועגען, און —

פלוצלונג האט זי געזאגט צו מיר:

„זאל זיין דערווייליע, מיסטער, זאל זיין... אפשר וועט גאט העלפען... גאט איז דאך א בעל רחמנות..."

און זי האט זיך לאנגזאם אויפגעהויבען, האט זיך ענטשולדיגט פאר וואס זי האט מיך „געבאדערט" מיט איהר אומגליק.

„זאל זיין, מיסטער — האט זי לאנגזאם ארויסגעהענדיג פון מיין צימער, אנגעהויבען צו ריידען צו זיך אליין — איך וועל מיין קינד ניט אוועקשענקען קיינעם... ווי גוט איהם זאל זיין אנ־דערשוואו, ביי דער מאמען וועט איהם זיין בעסער.... א קינד דארף א מאמען האבען... ביי מיר וועט ער זיין... קיינעם, קיינעם וועל איך מיין קינד ניט אוועקגעבען... ביי א מאמען וועט איהם זיין בעסער.... אן ארימע מאמע, אן אומגליקליכע מאמע, אבער ביי א מאמען וועט איהם בעסער זיין... ביי מיר, מיין קינד, וועסטו בלייבען... ביי מיר."

און אזוי ריידענדיג איז זי ארויס פון מיין אפיס און איהר הארץ האט פעסטער אנגעהויבען צו קלאפען, און איהרע אויגען האבען אנגעהויבען העלער צו לייכטען... זי האט אנגעהויבען אלץ שנעלער, שנעלער צו געהן און איך האב איהר ענדליך אין גאנצען פון מיינע בליקען פארלארען...

## צווישען טויטע און לעבעדיגע.

די הונדערטע קרבנות פון א שרעקליכען עקספּלאָזיאָן זיינען אין פארשידענע צימערען פון מאָרג, וועלכער איז געווען אוי־סערען שטאָדט, געווען אין שמאטעס איינגעדעקט, מאנכע זיינען אין גאנצען צוגעדעקט געווען און ביי פילע, פילע האָבען זיך קעפּ און טיילען פון זייערע פיס ארויסגעזעהן. אויף די, וועלכע זיינען געווען אין גאנצען צוגעדעקט, זיינען געווען צוגעשפּילעט צע־טעלעך און אויף די צעטעלעך האָבען זיך געפונען נעמען, און דאָס האָט געמיינט, אז מען האָט זיי שוין דערקענט; אז מען ווייסט שוין ווער זיי זיינען. די אנדערע האָט מען נאָך דערקענען גע־דארפט, און — מען האָט געקוקט אויף זיי... א סך, א סך מענשען האָבען זיי אין די פּנים'ער געקוקט, אָבער אומזיסט; קיינער האָט ניט געוואוסט ווער זיי זיינען; צו וועמען זיי געהערען, ווייל זייערע פּנים'ער זיינען געווען שרעקליך צובראָכען, צולעכערט, שווארץ, און פילע, פילע פּנים'ער זיינען געווען רויט, אָט עפּעס ווי פלאמען וואָלטען אויף זיי פארגליווערט געוואָרען... ביי מאנכע זיינען געווען די אויגען האלב אָפען, און זייערע טויטע בליקען האָבען א שוידער געשליידערט; געלעגען דאָרטען א קליין „בער־געלע" אין שמאטעס געהילט, און פון דאָרטען האָבען די פיס ארויסגעשטעקט. איין קניע איז געווען אביסעל איינגעבויגען, און די אָדערען פון דער קניע זיינען געווען געפּלאצטע, און זיי האָבען אויסגעזעהן ווי צובויגענע פארברענטע דראָט; דער אנדער פוס איז געווען רויט ווי א פלאם...

געלעגען איז דיזער בערגעלע אין „פרויען אָפּטיילונג" — גע־ווען מסתמא א יונגע מיידעלע, וועלכע איז אין דער געוועהר פאב־ריק געגאנגען ברויט פארדינען, און — מעהר קיין הונגער וועט זי שוין ניט ליידען, די גליקליכע.. זי וועט שוין מעהר ניט דארפען

זאָרגען, זי וועט שוין מעהר ניט דארפען מורא האָבען פאר קיין הונגער און פאר קיין קעלט; איהר היים וועט שוין זיין א היים פון פרידען... נור ווער איז זי? ווער וועט איהר אין איהר נייער היים באַגלייטען? ווער וועט איבער איהר קבר א טרעהר פאר־גיסען? אָבער צו וואָס דארף זי טרעהרען... שוין מסתמא גענוג טרעהרען אויף איהר לעבען געזעהן...

* * *

א שעהן געקליידעטע יונגע פרוי איז איבער א קערפער פון א פרוי געשטאַנען און זי האָט אין דעם צוברענטען פנים פון דער פרוי געקוקט. געזוכט א פריינדין איהרע, וועלכע האָט אין דער געוועזענער פאבריק געארבייט, און וועלכע איז ערקלעהרט געוואָרען אלס איינע וועלכע „האָבען געפעהלט"... ניט געקענט דערקענען פון פנים, האָט זי אָנגעהויבען צו קוקען אויף די קליידער, אָבער די קליידער זיינען אויך געוועזען צוברענט...

„וואַרט, — האָט זי געזאָגט צו א מאַן, וועלכער האָט איהר געהאָלפען דעם קערפער דערקענען — וואַרט נור, מען דארף זוכען דעם לאקעט, וועלכען זי האָט אויף איהר האַלז אימער געטראָגען... סעם האָט איהר דעם לאקעט געגעבען, און זי האָט איהם אימער געטראָגען... מען דארף זוכען דעם לאקעט..."

און מיט די פינגער האָבען זיי אָנגעהויבען פאַנאַנדערנעהמען די פארברענטע קליידער ארום האַלז, אום אויסצוגעפינען אויב דער לאקעט געפינט זיך ערגעץ דאָרטען... ניט געוועזען דער לאקעט, האָט די פרוי געזאָגט אַז מען דארף זוכען אין איהרע קליידער שליסע־לעך, צווישען וועלכע עס האָט זיך געפונען אָנגעטשעפעט א געוויסע מטבע, אָבער אומזיסט; זי איז ניט דערקענט געוואָרען. האָט זי זיך אויפגעהויבען.

„זעה נור ווי איך האָב איינגעשמוצט מיין דרעס", — האָט די פרוי אין דער שטיל מיט ערגערניש געזאָגט, און זיי זיינען אוועק־געגאַנגען אין א צווייטען צימער זוכען איהר געוועזענע פריינדין...

אלע ווייל האָט זיך דערהערט א שרעקליכער ברום פון צווי־שען די פרויען, וועלכע האָבען זיך אין מאָרג געפונען, און פון

צייט צו צייט האָט זיך דערהערט אַ היסטערישער געוויין, וועלכער האָט געקענט שטיינערנע הערצער ברעכען.

עס זיינען אריינגעקומען עטליכע מענשען מיט „קעסקעטס" און מען האָט אַ פּאָר שוין דערקענטע קערפּערס אין זיי אריינ־געלעגט.

„מאכט פּלאַץ" — האָט איינער פון די אויפזועהער געזאָגט צו די אנוועזענדע, וועלכע האָבען פארשטעלט דעם דורכגאנג — „מאכט פּלאַץ, און לאָזט ארויסטראָגען די קערפּערס".

אַ שווערער קרעכץ האָט זיך פון אלעמענס הערצער ארויסגע־ריסען, ווען מען האָט די קערפּערס ארויסגעטראָגען.

„מאכט פּלאַץ" — האָט זיך אין אַ ווײַלע שפּעטער דערהערט ווידער אַ שטימע. מען האָט פּלאַץ געמאכט, און מען האָט אין מאָרג אריינגעטראָגען אַ קעסקעט, וועלכער איז געבראכט געוואָרען פון איינעם פון די האָספּיטעלער, וואו די הונדערטער פארוואונ־דעטע געפינען זיך, און מען האָט איהם אוועקגעשטעלט. דערנאָך האָט מען דעם קערפּער פון קעסקעט ארויסגענומען און מען האָט איהם אוועקגעלייגט צווישען די אנדערע קערפּערס און מען האָט איהם מיט שמאַטעס איינגעדעקט.

פילע האָבען זיך איבער דיזען קערפּער אנגעהויבען אריבער־צובויגען אום איהם צו דערקענען. קיינער האָט איהם אָבער ניט דערקענט. אלע ווײַלע זיינען אנדערע צוגעקומען צו איהם און האָבען זיך אין פּנים זיינעם איינגעקוקט, אָבער אומזיסט..

„מאכט פּלאַץ!" — האָט זיך ווידער דערהערט אַ שטימע און מען האָט ווידער אַ קעסקעט אריינגעבראכט...

און דער „מאכט פּלאַץ!" האָט מיך נערוועז געמאכט, און ער האָט נערוועז געמאכט די אלע אנדערע, וועלכע האָבען זיך דאָרטען געפונען, ווייל דער „מאכט פּלאַץ" האָט געמיינט, אז אַ לעבען איז ווידער אויסגעלאָשען געוואָרען; אז אַ נייער קבר וועט מוזען געגראָבען ווערען...

שווערע מאָמענטען זיינען דאָס געווען. יעדע סעקונדע האָט אויפגעשווידערט; צושרויפט די נערוווען...

פון איין צימער אין צווייטען בין איך געגאנגען און איך האָב

פרובירט די קרבנות צעהלען, אבער איך האב אלע ווילע דעם חשבון פארלארען, ווייל אלע ווילע האט זיך דער „מאכט פלאץ!" דערהערט; אלע ווילע האט מען אן אנדער קרבן אריינגע־בראכט...

* * *

איבער א שרעקליך צוברענטען קערפער איז א פרוי פון א יאהר 45 געשטאנען אריבערגעבויגען און זי האט געקוקט; געוואלט דערקענען וועמען עס איז. איין האנט פון דעם קרבן פון פלאמען איז געווען אין אן איינגעבויגענער פאזיציע האלטענדיג איהר אין דער הויך אויפגעהויבען; מסתמא געהויבען די האנד צום הימעל און רחמנות געבעטען, און — אין דיזער געבויגענער פארמע איז איהר האנד פארבליבען.

שטעהענדיג איבער דעם צוברענטען קערפער שטארק איינ־געבויגען, האט די פרוי פלוצלונג ארויסגעלאזען א גרויסען געשריי „דזשיזוס!", און זי האט זיך אינסטינקטיוו האסטיג צוריקגעצויגען אריינפאלענדיג אין די ארעמס פון א מאן וועלכער איז הינטער איהר געשטאנען. איהר פנים איז געווארען בלייך ווי קאלך און עטליכע מינוטען האט זי קיין ווארט ניט געקאנט ארויסריידען. ווען זי איז אביסעל צו זיך געקומען, האט זי מיט שרעק אויף דעם קערפער געקוקט און מיט שווידער האט זי דעם מארג פארלאזען.

אין צימער, וואו דאס האט פאסירט, איז קיין פלאר ניט געווען. האט מען אויסגעלייגט ברעטער דארטען, און אויף דיזע ברעטער האט מען עם די טויטע אויסגעלייגט. ווען די פרוי האט זיך אריבערגעבויגען איבער דעם קערפער, האט זי ארויפגעטראטען אויף א ברעט, אויף וועלכע א טייל פון דעם קערפער איז געלעגען. האט די ברעט זיך אביסעל ארונטערגעלאזען, און דער קערפער האט זיך אנגעהויבען ווי צו באוועגען... אזוי ווי די פרוי איז געווען שטארק איינגעבויגען און די איינגעבויגענע האנט איז גע־ווען נאהענט נעבען איהר האלז, איז זי פון דער האנד ארומגענו־מען געווארען... זי האט געמיינט אז דער מת האט איהר געשלעפט צו זיך און — זי האט „דזשיזוס" אויסגעשריען...

און די ארומשטעהענדע האָבען, זיך דערוויסענדיג די אור־זאכע פון איהר געשריי, זיך הארציג צולאַכט טראָץ דעם וואָס דער טויט האָט איבער אלעם און אלעמען געשוועבט...

* * *

איך האָב דעם שרעקליכען פּלאָץ פאַרלאָזען מיט א הארץ פול מיט טרויער. איך האָב זיך געזעצט אין א קאר און בין געפאהרען אהיים.

עס האָבען זיך אָנגעהויבען צו באַווייזען פעלדער מיט גראָזען און מיט בלימעלאך, און איך האָב געזעהן בוימער, וועלכע האָבען שוין קנאָספּען געטראָגען אויף זייערע צווייגען, און איבער זיי האָט די פריהלינגס־זון געשטראהלט און אלעס באלעבט און באַגייסטערט. דער דופט פון די גרינע פעלדער און וועלדער האָט זיך דורכ'ן פענסטער אין קאַר אריינגעטראָגען, און עס איז געווען געשמאַק צו אָטעמען.

און ארום די היימען פון די פארם הייזער האָבען קינדערלאך זיך געשפּילט, און זיי האָבען לעבען געוועקט, און לעבען האָט געוועקט די גאנצע נאַטור, וועלכע האָט זיך פארטיג געמאכט פאר'ן קומענדען מאי; וועלכע האָט זיך אין די שעהנסטע קליידער פון פריהלינג שוין אָנגעהויבען אָנצוטאָן.

איך האָב זיך פארגעסען אין דיזען מאָמענט פון וואנעט איך פאָהר; איך האָב זיך פארגעסען אין דיעזען מאָמענט אָן די שוידערליכע בילדער, וועלכע איך האָב ניט לאנג צוריק געזעהן; איך האָב זיך פארגעסען אָן דער גרויסער טראגעדיע, וועלכע האָט מיליאָנען מענשען אויפגעשווידערט; איך האָב זיך פארגעסען אָן די געבראָכענע הערצער פון פאָטערס און מוטערס, פון שוועסטער און ברידער, וועלכע האָבען זייערע ליבע און טייערע צווישען די „בערגעלעך" אין שמאַטעס געהילט... דער פריהלינג מיט זיין צויבער האָט מיך אין אַנדערע וועלטען פארטראָגען, און ער האָט אין אַנדערע וועלטען אויך אַנדערע פארטראָגען... דאָס לעבען האָט צום לעבען גערופען; דאָס לעבען האָט געהייסען לעבען און געניסען, און — ווי שטאַרק דאָס לעבען איז! ווי מעכטיג איז ער! דער טויט פאַכעט מיט'ן שווערד און דאָס לעבען זינגט זיין ליד פון

טריאומף; דער טויט שניידט יונגע לעבענס, און דאָס לעבען
שפּיגעלט זיך מיט זיינע פרישע פריהלינגס־בלומען...
„מאכט פלאץ!" — שרייט דער טויט...
„מאכט פלאץ!" — שרייט דאָס לעבען...

# די לעצטע מינוטען

טרויעריג, הערצרייסענד איז צו זעהן ווי אזוי א מענש שטארבט.

אויף אן אייזערנע, וויס־באצויגענע בעטעל, איז ער געלעגען. זיין פנים איז געווען בלאס; זיינע באקען איינגעפאלען; זיינע אויגען זיינען געווען האלב אפען, און בלויז א קליינער טייל פון זייערע שווארץ־אפלען האבען זיך ארויסגעזעהן. דורך די וויסלען האבען זיך דורכגעצויגען דינינקע, שוין אפגעבלאקירטע אדערלאך, און צוזאמען מיט זיין עטוואס אפגעוואקסענע בארד האט זיין פנים אויסגעדריקט שרעקען.

ער איז געלעגען ווי באוואוסטלאז, און האט געסאפעט. פון צייט צו צייט פלעגט ער ווערען קראמפפהאפט. די ווייסע דעקע, מיט וועלכער ער איז געווען צוגעדעקט, האט זיך לאנגזאם אנגעפאנגען צו הויבען העכער, העכער... זיין פנים האט זיך פארקרימט, און די אויגען עטוואס מעהר געעפענט. זיי האבען אבער קיין זאך ניט אויסגעדריקט, קיין זאך ניט געזאגט... זיינע הענד, וועלכע האבען אויסגעקוקט ווי צוזאמענגעשרויפטע, טרוקענע ביינער, פלעגען זיך לאנגזאם, לאנגזאם הויבען און זיין גאנצער קערפער פלעגט ווערען צוזאמענגעדרעהט ווי א האלבער רייף. א מינוט איז פארביי און ער איז געווארען רוהיגער, שטילער... זיין קערפער האט זיך ווידער גענומען אויסציהען. זיינע הענד זיינען מאכטלאז אריבערגעפאלען איבער די ווענטלאך פון בעט, און ער האט לאנגזאם דעם אטעם געצויגען.

ביי זיין בעטעל זיינען, עטוואס איבערגעבויגען, געשטאנען צוויי נוירסעס, און האבען מיט די גרעסטע זארגזאמקייט זיין יעדע

באוועגונג באָבאַכטעט... פיל, זעהר פיל צערטליכקייט האָבען זיי איהם נעוויזען. דער שוויס פון זיין פנים האָבען זיי איהם אלע ווײלע אָפּגעווישט, צורעכט געמאַכט די קישען, אויף וועלכע זיין קאָפּ איז געלעגען, געטוליעט איהם, און אַלעס, אַלעס געטאָן אום איהם זיינע לעצטע מינוטען צו פאַרגרינגערען.

די לעצטע מינוטען פון א שטערבענדען האָבען אין מענשען דאָס העכערע, דאָס שעהנערע ארויסגערופען... אך! ווי שעהן, ווי אָנציהענד איז דער מענש, ווען ער איז מענשליך! ווי ערהאבען ער איז אין די מאָמענטען, ווען ער פיהלט מיט די ליידענדע, די קרעכצענדע, ווען זיין נשמה איז אָנגעזאַפּט מיט רחמנות!...

אַט ליגט א מענש... אָהן אהיים און אָהן פריינד... קיינער פון די, וועלכע זיינען געווען ארום איהם, קען איהם ניט... זייערע הערצער קלאַפּען אָבער פאַר איהם... זיי פיהלען זיינע וועהטאָגען, און מיר דוכט זיך, אז באוואוסטלאָזערהייט האָט ער בעסער, לייכטער געפיהלט דורך זייער צערטליכקייט וואָס זיי האָבען איהם געשאָנקען...

אין ווייסען געקליידעט איז דער דאָקטאָר אריינגעקומען אין צימער, און ער האָט פרעגענדע בליקען געוואָרפען צו די נוירסעס. זיי האָבען קיין וואָרט ניט געזאָגט. זיי האָבען בלויז מיט די קעפּ געשאָקעלט... דער דאָקטאָר האָט דעם שטערבענדען׳ס האנד אָנגענומען און זיך צוגעהערט צו דעם פּולס. ער האָט דעם קאָפּ א שאָקעל געטאָן; געוואָרפען א פאַרשענדען בליק אויפ׳ן קראַנקען; זיך צוגעבויגען צו איהם און אריינגעקוקט אין זיינע אויסגעלאָשענע אָבער שרעקענדע אויגען...

„באלד, באלד" — האָט ער גאַנץ שטיל געזאָגט צו די נוירסעס, און וואַרפענדיג א בליק איבער׳ן גאַנצען רום, איז ער לאַנגזאם ארויסגעגאַנגען.

און דער שטערבענדער האָט געאַטעמט שווער. דער אטעם איז געוואָרען אַלץ קירצער און קירצער... אַט ציהט ער דעם אטעם... שטעלט זיך אָפּ... ציהט ווייטער, ציהט, ציהט און ציהט... אביסעלע מעהר לופט... ווידער ציהט ער זיך צוזאַמען ווי א קנויל...

זיין גאַנצער קערפּער הויבט אָן צו צוקען, לאָזט אָפּ דעם ניט דער־צווינגענעם אָטעם און בלייבט ליגען שטיל.

די נוירסעס וואַרפען בליקען איינע צו די אַנדערע. שטומע, אָבער פיל־זאָגענדע, פיל־דערצעהלענדע בליקען... נעהמען אָן זיינע, ווי וואַקס־געלע, הענד, לייגען זיי אַוועק ביי די זייטען פון זיין קערפּער... זיי צוקען, די הענד, זיין גאַנצער קערפּער צוקט...

און אָט מאַכט ער זיין שטאַרקסטען פאַרזוך, קלייבט צוזאַמען זיינע לעצטע קרעפטען; די אויגען ווערען ביסטרע! — די הענד, די פיס, דעם קאָפּ — אַלעם רופט ער צו הילפע... ער ציהט דעם אָטעם. שרעקליך, שרעקליך איז זיין אָנשטרענגונג... ער ציהט; און צוזאַמען מיט'ן אָטעם ציהט ער אַלע זיינע גלידער, זיין גאַנ־צען אויסגעמאַטערטען קערפּער. זיינע הענט הויבען זיך אָן שטאַר־קער, מעכטיגער צו הויבען, צום מויל טראָגט ער זיי, און — — —

ער אָטעמט ניט מעהר.

זיין פּולס האָט שוין מעהר ניט געשלאָגען; זיין האַרץ האָט שוין מעהר ניט געקלאַפּט; זיין קערפּער איז אַלץ קעלטער גע־וואָרען...

און אָט איז דער מענש... דער מענש וואָס האָט געלעבט, געשטרעבט, געהאָפט, געלאַכט, געליבט, געקעמפט, פאַרשפּאָטעט די ניפּטיגע פיילען, וועלכע דער בייזער שיקזאַל האָט אין זיין האַר־צען געיאָגט... אָט איז ער, דער העלד, דער ריז, דער דענקער, דער קעמפער געגען די שוואַרצע נאַכט פון לעבען... ער האָט קיין כח ניט געהאַט אַביסעלע מעהר לופט אריינצוציהען... ער ליגט בלאַס, טויט.

און אַרום איהם ליגען די צובראָכענע שערבלעך פון זיינע האָפ־נונגען, פאַנטאַזיען און זיסע חלומות...

און די הענד, וועלכע האָבען זיך פאַרמאָסטען געגען די אונ־גערעכטיגקייטען פון דער וועלט, ליגען מאַכטלאָז...

און די אויגען זיינען צוזאַמענגעקלעפּט... אַלעס איז שטיל, רוהיג... ער האָט אין עלענד געלעבט און איז אין עלענדקייט גע־שטאָרבען... קיין קרעכץ, קיין טרעהר פאַר איהם...

גור פון ווייט, ווייט, דוכט מיר, האָב איך דערהערט דעם הערצ־רייסענדען געוויין פון א יונגען יתום׳על...

און מיר דוכט זיך, אז פון די אויסגעלאָשענע אויגען פון דעם פארשטאָרבענעם האָבען די לעצטע צוויי טרעהרען ארויסגעשפריצט.

אויף א הוילע, נאַקעטע אייזערנע בעטעל האָט מען איהם אוועקגעלייגט, און ווען מען האָט איהם פון צימער ארויסגעפיהרט, האָבען פאר מיר ווידער די ווערטער געקלונגען:

— אָט איז דער מענש... דער מענש, וואָס האָט געלעבט, געשטרעבט, געהאָפט, געלאַכט, געליבט און געקעמפט.

און איך האָב אויפ׳ן לעבען א טרעהר פארגאָסען...

# אלל־רייטניקעס.

דער נאָמען „אללרייטניק" איז געוואָרען איינער פון די פּי־קאַנטעסטע און באַדייטענדסטע ווערטער אין דער אידישער שפּראַך אין אמעריקא, און אויב איך מאַך קיין טעות ניט, איז אב. קאַהאַן געווען דער יעניגע, וועלכער האָט איהם גע־שאַפען און אין דער אידישער שפּראַך אריינגעבראַכט. אויב דער ערפינדער פון דיזען מערקווירדיג געלונגענעם נאָמען האָט געמיינט מיט איהם צו באַטיטלען אַלע אידען, וועלכע האָבען זיך אין אמעריקא ארויפגעארבייט, אָדער בלויז אַ געוויסען סאָרט פון דיזע אויפגעקומענע אידען, ווייס איך ניט. דער אַלגעמיינער עולם פאַרשטעהט אונטער דעם נאָמען „אללרייטניק" אַ מענשען, וועלכער איז געקומען אין אמעריקא אָרים, און איז דאָ אויף פאַרשידענע אופנים רייך געוואָרען.

עס זיינען דאָ פילע אַזעלכע אידען, וועלכע זיינען געקומען אין אמעריקא אָרים און זיינען דאָ רייך געוואָרען... מען קען זיי אָבער כאַראַקטעריסטיש ניט אָפּטיילען פון קריסטליכע אויפגעקו־מענע גבירים. ווען זיי זיינען געווען אָרים, האָבען זיי מיט אָרי־מע מיטגעפיהלט; ווען זיי זיינען געוואָרען רייך, האָבען זיי אָנ־געהויבען צו פיהלען און האַנדלען ווי אַלע רייכע; זיי פאַר־טיידיגען זייערע אינטערעסען פונקט ווי די אויפגעקומענע קרים־טען. קיין ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט ציהען זיי אָבער ניט, צי זיי זיינען פּערזענליך גוטע מענשען אָדער שלעכטע.

עס זיינען ווידער דאָ אַזעלכע „אללרייטניקעס", וועלכע ציי־כענען זיך אויס מיט זייער אַרט לעבען; צום ביישפּיל: זיי זיינען קאַרג; זיי אינטערעסירען זיך ניט מיט וואָהלטעטיגע אנ־געלעגענהייטען, און זיי גיבען זעהר ווייניג צייט אויף אַלגעמיינע

אינטערעסען; זיי זיינען מענשען פאר זיך אליין, און בלויז ווע־גען זייער „איך" באקימערען זיי זיך. מעג די גאנצע וועלט ברענען ארום זיי, אזוי לאנג ווי זיי אליין זיינען אויסער געפאהר, און זייערע אינטערעסען ווערען נים אַנגעריהרט, וועט עס זיי נים ארען, ווייל זיי פיהלען און דענקען, אז נאָר זיי זיינען אַלעס, און די „איבריגע טייל וועלט" האָט קיין ווערט נים.

וועגען אזעלכע נפשות קען זיך יעדער מענש האָבען זיין מיי־נונג. זיי האָבען אָבער קיין ספּעציעלעס נים, ווייל אזעלכע מענ־שען געפינען זיך אויך צווישען קריסטען. אויב זיי האָבען פאר־דינט פארדאמונג פאר אזא סאָרט פיהרען זיך, האָבען זיי אָבער קיין ספּעציעלע פארדאמונג נים פארדינט.

מיר וועלען אָבער נים רעדען וועגען די אויבענדערמאָנטע. מיר וועלען בלויז רעדען וועגען א ספּעציעלען סאָרט טיפּ פון דיזע „אַללרייטניקעס", וועלכער האָט זיך פאר די לעצטע פּאָר צעהנדליג יאָהרען אנטוויקעלט אויף דעם אמעריקאנישען באָדען, און ער ציהט נרוים אויפמערקזאמקייט איבעראל, וואו ער געפינט זיך. און טראָץ דעם וואָס דיזער טיפּ קען שרייבען גרויסע „טשעקלעך", גיט ער זעהר וועניג כבוד דעם פּאָלק, צו וועלכען ער באַלאנגט.

דיזען סאָרט אַללרייטניקעס קען מען געפינען צווישען סטאָר־קיפּערס און אנדערע ביזנעסלייט. מייסטענס אָבער זיינען זיי מאַ־נופעקטשורערס. זיי צו דערקענען איז זעהר לייכט, ווייל כמעט אַלע פון דיזען סאָרט זיינען גראָבע יונגען, אונוויסענדע קעץ, און עס איז שווער זיך מיט זיי צוזאמענצורעדען, נים דערפאר ווייל זיי זיינען שטאמלער, נאָר דערפאר ווייל, ערשטענס, קענען זיי נים גוט קיין אידיש, און נאָך וועניגער ענגליש; צווייטענס, באזיצען זיי נים קיין פונק אינטעליגענץ און קיין ברעקעל טאקט. אין דער היים זיינען זיי געווען זאמד־טרעגער, וואסער־פיהרער, געטאָן אנדערע עהנליכע ארבייטען. ארבייט איז קיין שאנדע נים. עס מאכט נים אוים וואָס מען טוט, ווייל נים די ארבייט מאכט צו שאנד דעם מענשען, נאָר דער מענש מאכט אָפט צו שאנד די ארבייט. יעדער פון אונז קען לאנדסלייט, וועלכע זיינען אין דער היים געווען באשעפטיגט ביי עהנליכע ארבייט, אָבער זייער מענש־

ליכע ווירדע האָט דערפון גאָר ניט געליטען. זייער שיקזאַל האָט אזוי געוואָלט, אז זיי זאָלען דארפען שווער ארבייטען אום אן עהר־ליכען שטיקעל ברויט צו פארדינען. זיי זיינען אָבער מענשען מיט הערצער, מיט נשמות, און זיי קריגען די פארדינטע אכטונג פון זייערע מיטמענשען, טראָץ דעם וואָס זיי זיינען אָרים און שווערע ארבייטער.

ניט אזוי איז אָבער דער פאַל מיט דעם ספּעציעלען סאָרט „אַלרייטניקעס", וועגען וועלכען מיר רעדען דאָ. זיי זיינען אין דער היים געווען ווילד אין זייערע באַנעהמונגען, און פונקט אזוי ווילד און צולאָזען זיינען זיי געבליבען ווען זיי זיינען געקומען אי אַמעריקאַ. זיי האָבע די אַמעריקאנער פרייהייטען, העכערע שטרעבונגען און פּריווילעגיעס ניט אויסגענוצט צו גוטען; אין געגענטייל, זיי האָבען עס אויסגענוצט נאָך מעהר צו ענטוויקלען זייערע נידעריגע אינסטינקטען, וועלכע זיי האָבען געבראַכט אהער.

דער ערשטער און שטאַרקסטער איינדרוק האָט אויף זיי גע־מאַכט דער אַמעריקאנער דאָלאַר. אין איהם האָבען זיי דערזעהן דעם העכסטען אידעאַל, און פאר איהם דאָבען זיי אָנגעהויבען צו קניען און בוקען זיך. זיי האָבען זיך פאר קיין זאַך ניט אָפּגע־שטעלט אום צו מאַכען דעם דאָלאַר, ווייל עטוואָס העכערעס האָבען זיי ניט פארשטאַנען, און קיין עדעלערעס האָבען זיי ניט באַגריפען. זיי זיינען געווען גייסטיג בלינד, און זייענדיג דערצו מאָראַליש פארדאָרבען, האָבען זיי זיך א יאָג געטאָן נאָך דעם דאָ־לאַר, ווי א טיגער נאָך זיין רויב... אַלעס וואָס זיי איז אין וועג געשטאַנען, האָבען זיי אָפּגעשטויסען פון זיך אָדער גאָר אין גאַנצען פארניכטעט און ניט האָבענדיג דעם געפיהל פון שאַנדע און אויך ניט דעם פונק פון רחמנות האָבען זיי קיין שטערונג אין זייער וועג ניט געהאַט... וואָס ווייטער זיי זיינען געגאַנגען, אַלץ נעהענטער זיינען זיי צו זייער ציל געקומען.

און זייער ציל האָבען זיי עררייכט. זיי זיינען רייך געוואָ־רען; זיי האָבען זיך ערהויבען, שטעלענדיג זיך אויף די קברים פון אַנדערע, וועלכע זיינען געפאַלען פאר דער צייט.

„געלד!" דאָס איז זייער גאָט. ניטאָ קיין העכערעס פאַר זיי ווי געלד; ניטאָ פאַר זיי קיין זיסערע מוזיק ווי דער קלאַנג פון דעם דאָלאַר; ניטאָ פאַר זיי קיין שעהנערעס בילד ווי דער אויסזעהן פון אַ דאָלאַר, און נאָר נאָך די צאָהל פון דאָלארס וואס מען האָט, שעצען זיי אָפּ אַ מענשען... זיי קוקען ניט אריין אין הארצען, און זיי פרעגען זיך ניט נאָך אויף אַ נשמה, ווייל זיי ווייסען גאָר ניט, אַז אַזעלכע זאַכען זיינען נויטוועגדיג פאַר אַ מענשען צו האָבען, און טאַקע פון אייגענע פּראַקטיקע ווייסען זיי, אַז מען קען לעבען אָהן זיי און טאַקע פיל, פיל גליקליכער ווי מיט זיי... האָבען זיי „אַזעלכע זאַכען" אין דר'ערד און זיי באַטראַכטען זאָגאַר פאַר אונגליקליכע, פאַר קריפּעלס די יעניגע, וועלכע האָבען עס יאָ...

ווילט איהר זיי אַמאָל טרעפען אין זייער לעדיגער צייט, דאָס הייסט, ווען זיי זיינען ניט פאַרנומען אין זייערע געשעפטען, זאָלט איהר זיי ניט זוכען אין קיין לייברערים, ווייל זיי קענען ניט לעזען; איהר זאָלט זיי אויך ניט זוכען אין קיין לעקטשור־האָללס, ווייל זיי פאַרשטעהען קיין לעקטשורס ניט. איהר קענט זיי אָבער אַמאָל יאָ טרעפען אין אַן אָפּערא הויז, אָבער ניט דערפאַר, ווייל זיי ליבען און פאַרשטעהען מוזיק, נאָר דערפאַר, ווייל זיי ווילען זיך ווייזען דאָרטען מיט זייערע טייערע קליידער, דימענטענע רינגען, און עס איז פאַר זיי אַ כבוד ווען ארויסגעהענדיג פון אָפּערא הויז וואַרט אויף זיי זייער אויטאָמאָביל און באַקאַנטע און לאַנדסלייטע זעהען עס. אין אָפּערא הויז קען מען זיי גלייך דערקענען דורך זייער באַנעהמונג. זיי זיצען מיט זייערע יענטעס אויסגעלעגט ווי גאָט אין פראַנקרייך, און זיי האַלטען זייערע הענד אַזוי, אַז אַלע זאָלען קענען באַמערקען זייערע דימענטענע רינגען... מייסטענס אָבער קען מען זיי דערקענען דורך זייערע „אייגענע מוזיקע" — דורך זייער כראָפּען. זיי כאַפּען זיך אויף ווען דער עולם אַפּלאָדירט די זינגער... זיי רייבען אויס די אויגען און הויבען אויך אָן צו אַפּלאָדירען.... מען קען דאָך אין אָפּערא קיין חזיר ניט זיין... מען מוז פּאַטשען, כדי דער עולם זאָל מיינען, דאָס זיי זיינען אויך מענשען, וועלכע פאַרשטעהען אַ שטיקעל גוטע מוזיק. אין אמת'ען אָבער ערוואַרטען זיי שוין די מינוט ווען די „מאַכע־

רייקע" וועט זיך ענדיגען. ערשט דאַן, ווען זיי קומען אין דער היים, הויבט זיך אָן זייער לעבען; די טישען ווערען געדעקט און טייערע שפּייזען ווערען דערלאַנגט, און דאָ ווייזען זיי ארוים זייערע אמת'ע כחות... מען נעהמט זיך דאַן צו אַ קערטעל, און מען שפּילט ביז אין טאָג אריין. ביים שפּילען קען מען זיי אַם בעסטען דערקענען... זיי זיינען צווישען אייגענע מענשען און מען שעהמט זיך ניט: מען רעדט גראָבע רייד; מען דערצעהלט זיך מעשה'לאך וועגען זאכען, פון וועלכע ביי אנשטענדיגע מענשען וואלטען די באַקען רויט געוואָרען. און וואָס גרעבער, ציניש[ע]ר די מעשה'לעך זיינען, אלץ מעהר ווערען געשעצט און געאַכטעט די יעניגע וואָס דערצעהלען זיי... פּשוט אלס גדולים ווערען זיי באטראכט...

איהר קענט דיזע אַללרייטניקעס אָפט אויך טרעפען אויף בעלער, זאָגאר אויף טשאַריטי בעלער. צוזאמען מיט זייערע פרויען קומען זיי אהין אויסגעפּוצטע אין עסיג און אין האָניג: די קליידער קלעפּען זיך ניט אויף זיי, און זייער גאַנצער אויסזעהן קוקט אוים אומגעלומפּערט. אויסער דעם איז זייער באַנעהמונג טראַני־קאָמיש... אויף טשאַריטי־בעלער קומען אויך געבילדעטע מענשען, מענשען מיט ווירדע און טאַקט, מיט אינטעליגענץ. דיזע זיינען מייסטענס איינפאַך אין זייער קליידונג און באַנעהמען; זיי גרופּירען זיך ארום זייערע אייגענע מענשען, און זיי פאַרברענגען די צייט אין פאַרשידענע געשפּרעכען ארום אַ טיש. די אַללרייטניקעס אָבער, דער ספּעציעלער טיפּ פון די אַללרייטניקעס, וועגען וועלכע מיר רעדען דאָ, ווערען אָפטמאָל איינגעלאַדען צו אַזא טיש, וואו עס געפינען זיך געבילדעטע מענשען אָבער ניט דערפּאַר, ווייל עס איז אַ כבוד זיי ביים טיש צו האָבען, נאָר ווייל מען וויל פון זיי אַ פּאָר דאלאר... מען הויבט אָן פאַרקויפען אַ באטעל שאמפּאניער, צום ביישפּיל, אום דאָס געלד זאָל געהן פאַר אַ וואָהלטעטיגען צוועק. די ארומזיצענדע הויבען אָן צו שטייגען אין פּרייז, און דאָ קען מען גלייך דעם ספּעציעלען טיפּ דערקענען... דאָ קענען זיי זיך ארויסצייגען אלס העלדען; זיי האָבען געלד און זיי קענען אריינשטייגען די פלאַש ווין ביז אַ זעהר גרויסען פּרייז... דער עולם אָבער אמוזירט זיך דערביי זעהר שטאַרק פון זייער רע־

דען און באַנעהמונג... זיי, דיזע אַללרייטניקעס, פיהלען עס אָבער ניט, זיי באַגרייפען ניט זייער אייגענע טראַגי־קאָמעדיע...

ווי געזאָגט זיינען די מייסטע פון דיזען ספּעציעלען טיפּ אַלל־רייטניקעס — מאַנופעקטשורערס. און אַך און וועה איז צו די יעניגע, וואָס מוזען ארבייטען ביי זיי. אין זייערע פעקטאָרים זיינען זיי די בעלי־בתים און זיי האָבען זיך ניט פאר וועמען צו שעהמען, גראָב זיינען זיי פון דער נאַטור און זייער גראָבקייט קענען זיי דאָרטען ארויסצייגען אונגעשטערט צו זייערע ארביי־טער; דאָרטען צולאָזען זיי זיך אויף דעם ריכטינגען לשון: זיי שילטען און זידלען זייערע אַרבייטער ווי מארק־ווייבער, און זיי באַנוצען אויך זייערע ציינישע אויסדריקע אין דער אנוועזענהייט פון מיידלאך און פרויען, וועמען די נויט צווינגט צו ארבייטען ביי זיי...

האָבענדיג גענוג געלד און געניסענדיג אַלע סאָרטען קערפּער־ליכע פּארגעניגענס, זוכען זיי אויך כבוד, און אויף אַ זעהר גראָבען און וואולגארען אופן. זיי רוקען זיך אין לאָדזשעס, כדי דאָרטען צו קענען ווערען פּרעזידענטען; זיי רוקען זיך אין וואָהלטעטיגע אנשטאַלטען אום דאָרטען צו ווערען ערוועהלט אַלס די קעפּ, אַלס די פיהרער, און פילע פון זיי ווערען טאַקע ערוועהלט צו דיזע עמטער. אָבער דיזע עמטער פּאַסען זיך צו זיי פּונקט ווי גאָ־לאָנדלעך אויף אַ מאַסקיטאָ. זיי ווערען אָבער ערוועהלט, ווייל זיי קענען שרייבען גרויסע טשעקס פאר די אינסטיטושאָנס... און אַז מען דאַרף דעם גנב, נעהמט מען איהם פון דער תליה...

דיזע אַללרייטניקעס האָבען ליב זייערע נעמען צו זעהן אין די צייטונגען, און אַ דאַנק זייער געלד געלינגט עס זיי אויך אַמאָל. דעם שרייבער פון דיזע צייל[ע]ן איז אַמאָל אויסגעקומען צו זיין אויף אַ מיטינג פון אַ וואָהלטעטיגע סאָסייעטי. אַזוי שנעל ווי איך בין אריינגעקומען, האָבען אַ פּאָר פון דיזען טיפּ אָנגעהויבען צו רעדען וועגען די וויכטיגקייט צו העלפען אָרימע און געדריקטע, און זיי האָבען גלייך אָנגעהויבען צו שטעקען די הענד אין די קעש־ענעס, און טאַקע גאַנץ שעהנע נדבות געגעבען... זיי האָבען גע־וואוסט, אַז איך בין אַ צייטונגס־מאַן און זיי האָבען זיך געלעגט

אין דער לענג און אין דער ברייט צו ציהען אויף זיך מיין אויפ־מערקזאמקייט. זיי האבען זיך זאגאר ערלויבט מיר צו דערלאנ־גען זייערע קארטלעך, כדי מען זאל אין זייערע נעמען ניט פאר־געסען. דאס איז אבער געוועזען איבריג, ווייל איך האב זיי געקענט. איך האב געוואוסט ווער זיי זיינען, און טאקע דערפאר זיינען זיי־ערע האפנונגען געוועזען אומזיסט. און נאך יעצט זיינען זיי דער־פאר אין כעס אויף מיר...

ווי איך האב שוין אויבען דערמאנט, זיינען דא אין אמעריקא אידען, וועלכע זיינען רייך געווארען, און אלס אזעלכע פארטייי־דיגען זיי זייערע אינטערעסען פון זייער קלאס און גאנץ אפט דורך זעהר ניט קיין שעהנע מיטלען. פערזענליך זיינען אבער פילע פון זיי אנשטענדיגע מענשען און אפט טוען זיי זאכען פאר'ן כלל מיט'ן גאנצען הארצען. עס זיינען ווידער פאראן אנדערע, וועלכע זיינען ענגהערציג, שלעכט, און זיי באקימערען זיך ניט וועגען קיינעם; אזוי לאנג ווי זיי געניסען די פארגעניגענס פון לעבען, פיהלען זיי זיך גליקליך און צופרידען. אזעלכע געפינען זיך אויך צווישען קריסטען, און זיי האבען קיין ספעציעלעס ניט, וואס זאל ציהען אויפמערקזאמקייט. דער דריטער קלאס אבער — דער ספעציעלער טיפ — פון די אללרייטניקעס, ציהען אויפ־מערקזאמקייט אויף יעדען טריט און שריט, און עס כאפט א ניט־גוטקייט, ווען מען דערמאנט זיך אן זייערע „ספעציעלע" באנעה־מונגען און „ספעציעלע" טאטען, און זיי גיבען זעהר, זעהר ווענינ כבוד די אידען פון אמעריקא...

## אין טעמפעל פון פינסטערניש.

מאָנטרעאל איז רייך אין שעהנע געגענדען און ברייטע אָנ־ציהענדע גאסען און פּרעכטיגע געביידעס, און מאגנעטישע נאטור־בילדער, און מאָנטרעאל איז אויך א לעבעדיגע, א פרעהליכע און ליכטיגע שטאָדט, אָבער זי איז אויך רייך אין גייסטיגע פינס־טערניש.

וואו מען גיט זיך א דיהר און א קעהר, קען מען זעהן קאַ־טוילישע קירכען. שעהנע, רייכע און פּרעכטיגע קירכען זיינען מאנכע פון זיי אין דער הינזיכט פון ארכיטעקטור, און אינערליכע באפּוצונגען. דעם רייכסטען, דעם שעהנסטען פון דיזע טעמפּלען פון פינסטערניש, האָב איך באזוכט. איך בין דורכגעגאנגען זיינע לאַנגע, זיינע ברייטע אלייען; האָב באטראכט זיינע גרויסע און קליינע אַלטארען, זיינע קאָסטבארע „היילגטימער" און איך האָב געזעהן זיינע שניצונגען, וועלכע זיינען שטיקער קונסט, און מיט וועלכע די אלטארען זיינע באפּוצט; איך האָב געזעהן זיינע רייכע און אמת'ע קונסט סטאַטוען, זיינע טורעמס פון דרויסען און אויך פון אינווענינ, וועלכע מאכען דעם איינדרוק עפּעס ווי זיי וואָלטען זיך אין די הימלען געטראָגען. איך בין אפילו דורכ־געגאנגען זיין „קדשי קדשים", וועלכער איז אפּגעזונדערט פון דער קירכע.

ווען מען קומט אריין אהין פיהלט מען עפּעס מאָדנע; מען ווערט עפּעס ארומגעכאפּט פון א רעליגיעזע אטמאָספערע און דער איינדרוק איז א געוואלדיגער. די קאטוילקען זיינען אימער גע־ווען קינסטלער אזא אטמאָספערע צו שאפען. די קאטוילישע גלחים און די „פּרינצען" פון דעם קאטוליציזם ווייסען, ווי אזוי צו

שאפען רעליגיעזע שטימונגען, ווי אזוי צו פלאנצען דעם גלויבען אין די הערצער פון זייערע נאכפאלגער.

און ניט בלויז אין זייערע קירכען ווייסען זיי ווי אזוי איינ־צוהילען אלעס און אלעמען אין א רעליגיעזער שטימונג, זאנדערען אין די גאסען אפילו מאכען די גלחים א מאדנעם איינדרוק ווען זיי וואנדערען ארום. אין מאנטרעאל קען מען אט דיזע גלחים זעהן אויף יעדען טריט און שריט. זיי געהען אנגעטאן אין לאנגע קאפאטעס און אונטער די אויבערשטע קאפאטעס טראגען זיי נאך לייגערע אונטערשטע קאפאטעס. זיי טראגען מאדנע קאפעלושען און זיי געהען שטענדיג די אויגען ארונטערגעלאזען און פארטראכט, עפעס ווי זיי וואלטען אין די טיפסטע און הייליגסטע געדאנקען געווען פארטיפט. זיי וואנדערען פאר־וויזז איבער די גאסען פון מאנטרעאל און פאר־וויזז קען מען זיי זעהן שפאצירענדיג אויף די ברייטע וועגען פון מאונט ראיאל, וועלכע פיהרען צו דעם שפיץ פון דיזען מערקווירדיגען מאגנעטישען בארג. זיי ריידען ניט, און טאמער ריידען זיי יא, איז דאס שטיל, קוים הערבארה. זיי געהען געקליידעט שווארץ און — ווי שווארצע נייםטער קוקען זיי אויס...

די נאטר־דאם קירך — די קירך וועלכע איך האב באזוכט איז פריי פאר אלעמען ארייינצוגעהן, און ארייינגעהן אהין קענען א סך, א סך — ארום פופצעהן טויזענט מענשען קאנען ארייינגעהן אהין. אויסערליך איז דיזע קירך ניט אזוי רייך; זי מאכט ניט אזא געוואלדיגען איינדרוק. איהר ארייינגאנג איז א סך טיפער ווי די גאס איז וואו דער ארייינגאנג געפינט זיך. ביידע קארנערס פון דעם פראנט פון דער נאטר־דאם האבען צוויי גרויסע טורעמס. די טורעמס זיינען 277 פוס הויך; אין דעם וועסטליכען טורעם געפינט זיך א גלאק, וועלכע איז די גרעסטע אין אמעריקא. זי וועגט 28,780 פונט און מען קלינגט מיט דיזער גלאק בלויז אין אויסערגעוועהנליכע פעלע, ווי צום ביישפיל: ווען א פאפסט שטארבט, אדער ווען איינער ווערט אלס פאפסט געקרוינט. צעהן גלאקען געפינען זיך אין דעם צווייטען טורעם און אויך רייזינע.

די טיר, דורך וועלכע מען גערט אריין אין קירך איז אן איינפאכע, א הילצערנע. דערנאָך געפינט זיך א צווייטע טיר און א דריטע — דיזע טירען זיינען אויך איינפאך. קומט מען אָבער אריין אינוועניג דאן הויבט אָן צו בלענדען אין די אויגען, און די בליקען הויבען אָן צו וואנדערען פון איין זאך אויף דער צווייטער און מען הויבט אָן צו פיהלען אז מען געפינט זיך גאָר אין אן אנדער וועלט. די בילדער פון קריסטוס'ען, פון מערי, פון די אפאָסטאָלען און פון אנדערע הייליגע קען מען איבעראל זעהן און זיי מאכען א מערקווירדיגען איינדרוק. אין די זייטען פון די זעהר לאנגע אלייען געפינען זיך קליינע אלטארען ביי וועלכע עס שטעהען פרומע מענער און פרויען אויף די קניע און „פרעפּ־לען", זאָגען תפילות אין דער שטיל. אויף די אלטארען ברענען ליכט, און — עפּעס אזוי אומעטיג ברענע זיי! עס קוקט אוים ווי די פלאמען זייערע וואָלטען געשטיקט געווארען פון אימיצען... אין פילע פּלעצער קען מען זעהן ליכטער ברענען אין פלאכע טאַ־צען. פון די טאצען שטעקען ארוים טשעוועקעס, וועלכע קוקען אוים ווי קליינע שפּיציגע טורעמלאך. אונטער די טאצען געפינען זיך אנדערע טאצען אויף וועלכע עס ליגען ליכטער מיט לעכער אונטען, כדי זיי זאָלען זיך קענען אויסשטעלען אין די טורעמלאך, יעדערער, ווער עס וויל פארדינען א מצוה קען ארײנשטעקען אַ ליכט, איהר אָנצינדען און זאגען עפּעס א תפילה. געוועהנליך שטעהט לעבען יעדער טאץ א פּושקע, וואו, ווען מען האָט חשק, און ווען מען האָט געלט, מען קען ארייננווארפען עטליכע סענט.

אויף די ביינק פון די לאנגע אלייען זיינען געזעסען מענ־שען — פיל מענשען זיינען געווען דאָרטען ווערהרענד איך האָב די קירך באזוכט. הויפּטזעכליך זיינען זיי געווען פרויען. זיי זיינען געזעסען שטיל, פארטראכט; מאנכע פון זיי האָבען געהאלטען די אויגען פארמאכט און זייערע ליפּען האָבען זיך באוועגט. אנ־דערע זיינען געזעסען און געקוקט דאָרטען צו דעם הויפּט אלטאר וואו מען האָט געקענט זעהן צלמים, ביבלישע בילדער און סצענעס און אנדערע זאכען וועלכע דערמאָנען אָן קריסטוסען, אָן זיין גע־בורט, און אָן זיין קרייציגונג. שפּיציגע גרעסערע און קלענערע

גאָלדענע, אָדער באַגאָלדעטע טורעמס האָבען זיך פון דאָרטען ווי געטראָגען אין דער הויך ווי זיי וואָלטען געוואָלט דערגרייכען עפּעס... דער „נר תמיד” האָט געברענט מיט א רויטען פלאם און אַלעם פון דעם אלטאר געפינט זיך ווי אונטער א האלב רונדען טייל פענסטער מיט די פארשידענע בילדער און ווייס באַגאָלדעטען הימעל.

און די הויכע לאנגע קאָלירטע פענסטער מיט פארשידענע בילדער אויף זיי! זיי ווארפען עפּעס ווי אַן אימה אויף אַלעמען.

און צווישען די אלייען האָב איך געוואנדערט און האָב זיך צוגעקוקט צו די שטילע, שטומע בילדער און סצענעס, וועלכע האָבען זיך דאָרטען אפּגעשפּילט.

אָט שטעהט א יונגע, שעהנע מיידעל און פּוצט אוים די הייליגע טאַצען, וועלכע זיינען פון אויסגעשמאָלצענע ליכט געוועז טיילווייז באדעקט. אין איהרע אויגען האָבען זיך טרעהרען געזעהן און איהרע ליפּען האָבען זיך באוועגט ווען זי האָט געטאָן דאָס וואס פאר איהר איז הייליגע ארבייט געוועז. פון דער זייט האָט זי נאָר א בליק געווארפען אויף די נייע אָנקומענדע און האָט דעם בליק שנעל צוריק געכאפּט.

און מיר האָט זיך אויסגעדוכט אז די פלאמען פון איהר הארצען ווערען עפּעס אויך פון אימיצען געשטיקט...

שטעהט א צווייטע פרוי, יונג, שעהן, און ליבענסווירדיג אויף די קניע און האלט איהרע הענט אויסגעשפּרייט צו דעם אלטאר. זי רעדט ניט, זי קוקט אויף קיינעם ניט: נאָר צום אלטאר קוקט זי...

קומען אריין עטליכע פרויען אין שווארצען געקליידעט און זיי קניען זיך, זעצען זיך אוועק אויף ביינק און הויבען אָן צו באוועגען מיט די ליפּען; הויבען אָן די הענט צו ברעכען און טרערען באווייזען זיך אין זייערע, שוין כמעט אויסגעלאָשענע אויגען. פארוואס ברעכען זיי מיט די הענט? איך וויים ניט... נאָר מיר דוכט זיך, אז די ליכטער, וועלכע האָבען געברענט דאָרטען, זיינען יאָהר־צייטען געוועזן נאָך זייער יוגענד, וועלכע זיי האָבען הינטער די שטיינערנע ווענט פון א מאָנאסטיר איבערגעלאָזען... האָבען

זיי געוויינט אויף דעם? איך ווייס ניט, אָבער — וויינען האָבען זיי געדאַרפט אויף דעם... ווייל, ווי זאָגט שיללער: „איין מאָל בליהט דער לעבענס מאַי און קיינמאָל ווידער"... און ביי זיי האָט ער שוין כמעט אפּגעבליהט.

פאַרלאָשענע לעבענס! הערצער וואו די קברים פון די יוגענדליכע פלאַמען געפינען זיך...

און די ליכטער דערמאָנען זיי עס מסתמא אָן זיי... ווער ווייסט...

און אָט זיינען טעלעפאָן-ביידלאַך — נאָר ניין, ניטאָ דאָרטען קיין טעלעפאָנס... דיזע ביידלאַך זיינען הייליגע פאַר די פרומע קאַטוילעקען. אימער קען מען זעהן צוויי ביידלאַך צוזאַמען; א טיר נעבען א טיר, בלויז א ווענטעל צושיידט זיי, און אין דער ווענטעל געפינען זיך אזוי ווי גראַטעס, אָבער ניט דורכזיכטבאַרע גראַטעס. קיין בליק קען דורך זיי ניט דורכגעהן, נאָר קלאַנגען קענען דורכדרינגען דורך זיי... אין איינע פון דיזע ביידלעך קומען עס די זינדיגע זיך מתודה זיין אויף זייערע זינד פאַר דעם „הייליגען" וועלכער געפינט זיך אין דער צווייטער ביידעל...

און ווען דיזע ביידלאַך וואָלטען געקענט ריידען, וואָלטען גע־קאָנט דערצעהלען — וויפיל טראַגישע, הארצרייסענדע מעשה'לאַך זיי וואָלטען עס געקאָנט ארויסגעבען...

איך בין אריין אין „קדשי־קדשים" פון דער נאָטר דאַם קירך, אָבער — ווער קאָן שילדערען דעם צויבער און גלאַנץ זיינעם? ווער קען מאָלען וואָס מען קען זעהן דאָרטען! ...

האָב איך פאַרלאָזען דעם הערליכען טעמפעל פון פינסטער־ניש און איך האָב ווייטער געוואַנדערט איבער די גאַסען ביז איך בין ענדליך אָנגעקומען צו סענט סילפּיוס און סענט פּאָול סטריטס, וואו עס איז מיט איבער 2 הונדערט און פופציג יאָהר צוריק גע־בויט געוואָרען א קירך און וואו מען קען נאָך באַמערקען דעם פונ־דאַמענט איהרען. זאָגט מען, אז דאָרטען איז אימער ווינטיג, מאַכט ניט אויס ווי היים עס איז, און די פרומע קאַטוילעקען קומען זיך דאָרטען, ווי מען ערקלערט, אין די הייסע טעג און נעכט

אביסעל אָפּקיהלען. פאַרוואס איז דאָרטען אימער ווינטיג? דער־
צעהלט א לעגענדע:

ווען יענע קירכע איז געבויט געוואָרען, זיינען איהר דאַן פאַר־
ביינעגאַנגען צוויי: דער טייפעל און דער ווינט, זיי זיינען געגאַנ־
גען שפּאַצירען ווי גוטע ברידער. פּלוצלונג האָט דער טייפעל
דערזעהענדיג ווי מען בויט די קירכע, באַמערקט מיט וואונדער:

„וואָס איז דאָס? איך האָב עס קיינמאָל פריהער ניט גע־
זעהן!"

„און דו וועסט ניט וואַגען אין דיזער קירכע אריינצוגעהן" —
האָט דער ווינט צום טייפעל געזאָגט.

„דו זאָגסט אז איך וועל ניט וואַגען? — האָט דער טייפעל
מיט אויפרעגונג א געשריי געטאָן צום ווינט, — דו וואַרט דאָ
אויפ'ן קאָרנער ביז איך וועל פון קירך ארויסקומען"

האָט דער ווינט זיך אוועקגעשטעלט אויפ'ן קאָרנער וואַרטען.
דער טייפעל איז אָבער שוין קיינמאָל פון דאָרטען ניט ארויסגע־
קומען און דער ווינט וואַרט נאָך איצטער אויף איהם... דערפאַר
איז עס אויף יענעם קאָרנער אזוי ווינטיג אפילו אין די גרעסטע
היצען...

זאָגט א ליץ, אז דאָס איז די אורזאַכע וואָרום די קאַטוילישע
קירך איז אזוי טייפליש... דער טייפעל איז נאָך דאָרטען...

## מאַי־בילדער.

דער טאָג איז פאַרגאַנגען,
די נאַכט איז געקומען,
דער וועטער איז ליבליך,
עס דופטען די בלומען,
עס רוישען די טייכלאַך,
עס קוואַקען די פראָשען,
און אַלץ איז מיט ליבע,
מיט צויבער באַגאָסען:
לבנה און שטערן,
באַלייכטען די טאָלען,
זיי צירען די געגענד
מיט זילבערנע שטראַהלען.

ווען דער מאַי קומט, מוז איך זינגען, זיין דופטענדער אַנ־קונפט און בלענדענדער אויסזעהן, שרויפען פונאַנדער מיינע נער־ווען, וויקלען פונאַנדער מיינע פאַנטאַזיען, וועקען אויף מיינע איינ־געשלעפערטע געפיהלען, און מיין גאַנצער קערפער און זעעלע ווע־רען געזעצט אין באַוועגונג. איך ווער עפּעס גאָר ווי אַנאַנדער מענש. ניין, ניט זינגען, נאָר טאַנצען ווילט זיך!...

עס זיינען דאָ מענשען וואָס לאַכען פון די וועלכע עמפּפאַנגען דעם מאַי מיט געזאַנג. איך זאג אייך, אז דיזע מענשען זיינען ווערט באַדויערט צו ווערען! ניט זינגען, ווען דער מאַי קומט, הייסט קיין האַרץ ניט האָבען, און אויב זיי האָבען הערצער, מו־זען זיי זיין פאַרשטיינערטע, פון דער נאַטור, אָדער פון דער ציווי־ליזאַציאָן — פאַרשטיינערט אָבער זיינען זיי! און — ווי באַ־דויערונגס־ווערט!

ווען אַ גאַסט קומט צו אונז, און נאָך אַ ליבער גאַסט, פיהלען

מיר זיך פרעהליכער אויפ'ן הארצען, און דאָך איז דיזער גאסט ניט מעהר ווי א מענש מיט מענשליכע פעהלערען. מיר קענען זיי, מיר ווייסען זיי, און דאָך, וועלען אפילו די וואס לאכען פון די „פריהלינגס־זינגער", ארויסווייזען צופרידענהייט און אָפט־מאָל באגייסטערונג. קומט אבער דער מאַי — ווי פארפראָרען זייערע הערצער זיינען !...

ווען דער מאַי קומט, איז ער ניט אזוי שלעכט ווי די מענשען זיינען, וואס ווייזען נאָר פריינדליכקייט צו זייעריגע... ווען ער קומט, קומט ער צו אלעמען, צו די ארימע, און צו די רייכע; אין די הערליכסטע פאלאסטען און אין די אָרימסטע געצעלטען, מיט פרעהליכקייט און מיט ליבע, מיט טרייסט און מיט האָפנונג...

ווען איך וואנדער דורך די גאסען פון עלענד, און באטראכט די בלאסע פנימ'ער פון די פארשטויסענע און פארוואגעלטע; ווען איך הער זייערע טרויעריגע שטימען און זיפצען, וועלכע קלינגען ווי די טענער פון א טרויער־מארש, דאן דוכט מיר, אז זייערע פנימ'ער וועלען שוין אימער אזוי בלייבען און זייערע שטימען וועלען שוין אימער אזוי קלינגען...

דער ווינטער פארשווינדעט. עס קומט דער פריהלינג, עס קומט דער מאַי, און — ווי פון א צויבער־וואָרט ווערט אלעס גע־ענדערט! די פעלדער און וועלדער, בערג און טאָלען ווערען ווי ניי באלעבט; די בלאסע פנימ'ער קריגען אן אנדער קאָליר. די שטימען ווערען פרייליכער, לוסטיגער, עפּעס אזוי ווי די שטראה־לען פון דער פריהלינגס־זון וואָלטען אראָפּגעשמאָלצען פון זייערע נשמות דעם אייביגען פראָסט פון אומעט און טרויער...

און ווען דער מאַי קומט, קומט ער מיט געזאנג, און יעדער טאָן זיינער קלינגט אָפּ אין די הערצער פון אלע מענשען, פון אלע חיות, פון אלע פייגעל, און פון אלעס וואס לעבט און אָטעמט. איבעראל לאָזט ער זיינע שפורען פון גלאנץ און פרייליכקייט. איבעראל מאָלט ער מיט זיין הימלישען פּינזעל די בילדער פון לעבען און גליק. אויף די קלענסטע שטיקעלע ליידיגע ערד לייגט ער אוועק א גרעזעלע אָדער א בלומעלע און אויף יעדען גרעזעלע, יעדער בומעלע, שרייבט ער אָן:

איך קום פון די שעהנסטע און חערליכסטע וועלטעי
און ברייננ אייך א קוס.
איך האָב זיך געקליידעט אין גלענצענדע פארבען,
פאר אייך צום גענוס!...

* * *

אין אן ענגען, שמוציגען הויף שטעהט אן אלטער בוים. זיין שטאם איז שוין אונטערגעפוילט, די קאָרע אראפגעפאלען. פון זיינע געדיכטע צווייגען זיינען בלויז א פּאָר געבליבען און שטענדיג הייג־גען זיי ארונטער, ווי זיי וואָלטען שוין קיין כח ניט געהאט צום לעבען... יעדעס מאָל וואס איך געה איהם פארביי, באדויער איך איהם. שוין אפגעלעבט — טראכט איך זיך. נאָר איין קליינער ווינטעלע און — זיין לעבען איז געענדיגט. און — איך טראכט פון זיין קבר...

דער מאי איז געקומען, און איך בין דעם אלטען, צודארטען, קויב לעבעדיגען בוים פארבייגעגאנגען און איהם אָנגעקוקט פאר־וואונדערט. דער אלטער, דארער בוים האָט זיך עפּעס ווי אויסגע־גלייכט, זיינע עטליכע צווייגען האָבען זיך מיט גרינינקע בלעטע־לאך אויסגעפּוצט... ער קוקט אוים עפּעס יום־טוב'דיג... איך שטעה און קוק אויף איהם, און מיט מיינע בליקען פרעג איך איהם: אלטער בוימעלע, ווי קומט עס צו דיר?... וואו האָסטו גענומען דיינע גרינינקע בלעטעלאך?... וואו?.

און דער „אלטינקער" ענטפערט:

וואו האָב איך גרינע בלעטעלאך,
גענומען פון דאָס נייע?
אָן מיר האָט ניט פארגעסען נאָך,
דער ליבער, גוטער מאַי!

* * *

עס שפּילען זיך ווינטעלאך, זיי לויפען ארום אהין און אהער, גנב'ענען זיך אריין אין די זילבער־ווייסע בערד פון אלטע אידע־לאך, די אידעלאך גיבען זיך א כאפּ פאר די בערד, עפּעס אזוי ווי זיי וואלטען זיי וועלען כאפּען... כאפּען אראפּ די היטעלאך פון די קליינינקע לויפערס, שפּרינגען אריין אין זייערע געגרייזעל־

טע האָר און פאַרזעען דאָרטען זאַמד, רייסען די פּאַרטוכער פון די ווייבלאַך. איך שטעה און קוק זיך איין אויף די קונדסים־ווינ־טעלאַך. איך וויל זיי פרעגען: ממזרים, וואס שטיפט איהר אַזוי? און נאָך איידער איך ענדיג מיין פראגע, ענטפערען זיי:

דו פרעגסט וואס מיר זיינען יעצט
פרעהלאַך און פריי?
מיר האָבען געטרונקען
די טראָפּענס פון מאי!

*   *   *

אַמ געהט אַן אַלטינקע פרוי און פיהרט אַ קליינע מיידעלע ביי דער האנד. איהרע ווייסע האָר און טיפע קנייטשען פון איהר פּנים דערצעהלען, אַז איהר יוגענד איז שוין לאַנג פאַרביי. טיף געבויגען געהט זי. און הינטער איהר פאַר'גנב'עט זיך דער שטן פון איהר קבר און פאָלגט זי נאָך...

זי פיהרט די מיידעלע ביים האנד. די קליינינקע געהט טאַנ־צענדיג. די אַלטינקע גיט אַלע ווײַלע אַ צערטליכען בליק אויף איהר, גלעט איהר ביים קעפּעלע, בויגט זיך איין און פרעסט אָפּ אַ זיסען קוש אויף איהרע ליפּעלאַך, זאָגענדיג: „מיין פויגעלע".

זיי קומען אין פּאַרק. די אַלטינקע זעצט זיך אַנידער אויף אַ באַנק און וויל איהר אייניקעל אוועקזעצען נעבען זיך. זי רייסט זיך אָבער ארויס פון איהר און לויפט אוועק צו די אַנדערע קינדער, וואס געפינען זיך דאָרטען. מען נעמט איהר גלייך אריין אלס אַ חבר'טע, מען גיט זיך די הענד, און אַלע צוזאַמען טאַנצען און זינגען...

פון וויטען זיצט די אַלטינקע און קוקט און שמייכעלט, פאַר־טיפט זיך אין די קינדערשע שטיפערייען... די קינדערלאַך זינגען, און פאַטשענדיג מיט איהרע בלייבע און דאַרע הענד, הויבט זי אויך אָן צו זינגען... אַן אַלטע, אַלטע לידעלע זינגט זי... איהר פּנים ווערט פרעהליכער, און איהר שוואַכע ברוסט הויבט זיך אָן פעסטער צו הויבען...

איך שטעה און קוק אויף די זעַ צוויי בילדער פון קינדהייט

און עלטער. די קינדערלאך שפּילען זיך, טאַנצען און זינגען. די אַלטינקע העלפט זיי מיט, איהר פּנים ווערט אימער ליכטיגער, די בליקען איהרע צערטליכער... האָט זיך דער פאַרהאַנג פון איהר ווייטער פארגאַנגענהייט אויפגעהויבען? האָט זי איהר אייגענע קינדהייט דערזעהן?...

און דאָס קליינע מיידעלע איז צו די אַלטינקע צוגעשפּרונגען, זיך אויף איהר שויס ארויפגעכאַפּט און — קינדהייט און עלטער האָבען זיך צוקושט...

און איבעראַל זעה איך דעם בליהענדען מאי און איבעראַל דוכט מיר, הער איך זינגען:

אויף די הויכע בערגער שפּיצען,
און אין טיפען טאָל,
לייכטען, שיינען, שפּריצען, בליצען,
גלאַנץ און זונען־שטראַהל —
און אַלע ווײַלע פייגעלאך,
זעהט, פליהען אונז פארביי,
און ווינקען מיט די אייגעלאך,
צו אונזער ליבען מאי.

און די וועלדער־מעלאָדיען
הערט מען שוין צוריק, —
בלומען, שוואלבען, בליהען, פליהען,
וואו מען גיט אַ בליק...
און אויף די צווייגען בלעטעלאך,
זעהט, שפּראָצען פון דאָס ניי —
דאָס זיינען ליבע צעטעלאך
צו אונז פון ליבען מאַי!

## פערמאונט פּאַרק אין דעצעמבער.

שעהן און פרעכטיג איז פעירמאונט פּארק אין מאי מאָנאַט, אָבער אויך הערליך און רייצענד איז ער אין דעצעמבער.

זומער שפּריצט ער מיט לעבען, זיין גרינער צויבער ערוועקט אין אונזערע הערצער פרעהילכקייט; די שאָטענס פון זיינע געדיכט באַבלעטערטע בוימער באשיצען אונז פון צו הייסע זונען שטראהלען; זיינע בערג זיינען פאנטאסטיש, און זיינע טהאָלען זיינען איינגעהילט אין חן; זיינע מורמלענדע קוואַלען רופען אין אונז ארויס עפּעס געהיימניספאָלעס און — זיי שטילען אונזער דורשט, און די בלומען־קוסטען פערפיומירען אונזערע נשמות און זיי צופלעכטען אונזערע פאנטאזיען. אַלעס לעבט און לאַכט אין איהם, און אַלעס רופט אונז צו לעבען און צו געניסען פון לעבען.

* * *

צויבעריש איז פעירמאונט פּארק אויך אין ווינטער. ער לעבט אויך, ער לאַכט אויך, ער שפּריצט אויך מיט חן, און ער אטעמט אויך מיט ליבע. זיין לעבען אָבער איז ווי אָהן פארלאנגען — א הער־ליכע, א פרעכטיגע, אָבער קאַלטע שטיק פּאָעזיע... זיינע לאַנקעס, וועלכע זיינען געווען גרין, האָבען א געלבליכען קאָליר געקראָגען; זיינע מיט בלומע באשפּרינקעלטע בערג האָבען פארלאָרען זייער פאַנטאַסטישען אויסזעהן; זיינע טאָלען ליגען עפּעס ווי פאר־אומערט; זיינע בוימער — נאַקעט און זיינע אַמאָליגע בלומען קוסטען קוקען אויס ווי פארפראָרענע טרויעריגע חלומות.

און פארוויאַנעט און צושפּרייט ליגען די אַמאָליגע גרינע בלע־טער, און אונערבארמליך טראָגט זיי דער ווינד ארום פון איין פּלאַץ אויפ'ן צווייטען, און ער לאָזט זיי אפילו קיין שטענדיגע קברים ניט האָבען...

שטיל איז דער לעבען אין פערמאונט פּארק אין ווינטער צייט! די זינגענדע פויגעלאך האָבען איהם פארלאָזען, און זייערע זיסע געזאנגען זיין פארשוויגען געוואָרען... פון צייט צו צייט זעהט מען פון ערגעץ וואו א פויגעל פליהען; זי שטעלט זיך אָפּ אויף איין בוים און אַ צווייטען, און זי טאנצט אום פון איין צווייג אויף אַן אנדערען; זי „טשיפּטשעט", זי זינגט זיך אונטער, ווי זי וואָלט זיך עפּעס ווען דערמאָנען ווי זי האָט אמאָל געזונגען, אמאָל געדערט, אָט דאָ, ווען אַלעס איז געווען גרין, דופטיג, פרעהליך — אין זומער־צייט... זי זינגט, אָבער איהר געזאנג איז פול מיט בייזקייטן, מיט הארץ קלעמענים... זי בייגט נאָכ'ן פריהלינג, זי גארט נאָכ'ן זומער, ווען זי האָט צווישען די געדיכטע צווייגען אויף איינעם פון דיזע ביימער איהר נעסט געהאט, ווען זי פלעגט מיט געזאנג איינשלאָפען... זי וואָלט זיך וועלען עראינע־רען אויף וועלכען בוים זי האָט אין איהר נעסט אזוי פיל פריידע גענאָסען, אזוי פיל גליקליכע שטונדען מיט איהר ליבע און טייערע פארבראכט...

אויף זיינע ברייטע, מיילען לאנגע אַלעען יאָגען זיך אויטאָ־מאָבילס, און די, וועלכע געפינען זיך אין זיי, אָטעמען איין געווירציגע אָבער קאַלטע לופט. ניטאָ די לעבעדיגקייט, די מילדע ווינטעלאך, וועלכע זיינען זיי אימער אנטקעגען געקומען דאָן, ווען עס איז זומער געווען... קאַלט איז די לופט, און מיט קאַלטע און בייזע ווינטען, וועלכע דרעהען זיך דאָרטען אזוי אָפט ארום צווישען די נאקעטע, אומעטיגע ביימער און אַלעען האָבען די ראָ־לענדע מאשינען צו קעמפען... זיי שניידען די פּנים'ער, זיי רייסען די קליידער... ניטאָ די פרייהייט פון דעם ליבען זומער, ניטאָ די פרעהליכע, די ערפרישענדע ווינטעלאך זיינע...

* * *

יונגע פּאָרלאך שפּאַצירען. זיי פיהלען גוט, זיי פּיהלען גליקליך, אָבער דאָך איז זייער גליק ניט אין גאנצען, ניט פאָלשטענ־דיג; זיי וואַרפען זייערע בליקען אויף די בערג און די טהאָלען,

צווישען די געדיכטע בוימער און ארום די געוועזענע בלומען קוסטען.

אַלעס איז אָבער אזוי אומעטיג הייל, נאַקעט... אמאָל האָבען זיי דאָרטען אזוי פיל פארגעניגען געהאט! שטום איז די ליבע, און שטילקייט, איינזאמקייט איז איהר פארלאנגען.

אמאָל, אמאָל, אין די הערליכע זומער־טעג און אין די פאַנ־טאַסטישע זומער־אבענדען, האָבען זיך די זיסע טענער פון מוזיק געהערט אין פארשידענע טיילען פון דעם פאַנטאַסטישען פער־מאונט־פּארק, און דאָרטען, אויפ׳ן „לעמאָן הילל״, „בעלמאָנט״ און סטראָבערי מענשאָן, פלעגען זיי געהן, פלעגען שטענדיג לאַנג זיך דאָרטען פארברענגען און ווען זיי פלעגען זיך מיט די הימלישע מוזיק אָנזעטיגען, זיינען זיי צווישען די געדיכטע בוימער שפּאַצירען געגאנגען, און זיי פלעגען זיך אוועקזעצען, זייערע הערצער אויס־גיסען איינע פאר די אַנדערע... רייכע פאַנטאַזיען האָבען זיך גע־וועבט אין זייערע געדאנקען, און זייערע הערצער זיינען אין קוואַ־לען פון פריידע און ליבע פארוואַנדעלט געוואָרען... אוועק איז אָבער יענע גליקליכע צייט, און זיי בענקען נאָך יענע זיסע מי־נוטען... זיי וואָלטען זיך אויך יעצט וועלען אוועקזעצען אונטער די בוימער און רעדען פון ליבע און גליק... זייערע הערצער זיינען וואַרים, די ערד איז אָבער קאַלט... אמאָל האָבען די געדיכטע באַבלעטערטע בוימער פון פרעמדע אויגען זיי אויסגעהיט, און זיי־ערע גליהענדע ליפּען האָבען זיך פריי און אונגעשטערט באַגעגענען געקענט... יעצט אָבער —

און עס וואַנדערען אום יונגע פּאָרלאַך מיט בייגקענדע הער־צער ,און ווי טרויעריגע גייסטער טראָגען זיך זייערע זיפצען ארום...

* * *

שעהן איז פערמאונט פּארק אין זומער צייט. אין איהם לאַכט די קינדהייט, ראָמאַנסירט די יוגענד און עס שמייכעלט די על־טער, און די גאַנצע נאַטור שפּיגעלט זיך אין איהם אָפּ, מיט איה־רע אַלע הערליכקייטען און דאָך — דאָך איז ער רייצענד און פאַנ־טאַסטיש אויך אין ווינטער.

זיינע בערג, זיינע טהאָלען, זיינע לאָנקעס און בוימען ווערען מיט א זילבער ווייסען שנעע צוגעדעקט, און ווען די קאַלטליכע, אָבער גאָלדענע שטראהלען פון דער זון באהעפטען זיך מיט דעם זילבער־ווייסען שנעע, דאן ווערט אלעס מיט א דימענטענעם שטויב באדעקט, און אלעס גלענצט פון קעלט, און דער דאָזיגער קאַלטער פערמאונט פארק ווערט אין א פראָסטיגע אָבער גלענ־צענדע שטיק פּאָעזיע פארוואנדעלט.

און אונטער דעם קאַלטען פראכט וועבט די נאַטור נייעם לעבען... פאר'ן פריהלינג מאכט זי פּאָרבארייטונגען...

# אויף דער פרייער נאַטור.

ווען איך בין געקומען אהין, האָב איך שוין דאָרטען די זון נים געטראָפען. איהר פלאַץ האָט פארנומען די האלב רונדע לבנה, וועלכע האָט, ווי אין א פארטראכטע פּאָזע, ארומגעוואנדערט אין אומענדליכען וועלט־רוים און האָט געווארפען איהר בלאַסען שיין אויף דער ערד און אויף אַלעם וואס אויף איהר געפינט זיך. די לופט איז געווען פריש און קיהל און איז געווען אָנגעפילט מיט רייכע געווירצען, פרעהליכע, לוסטיגע ווינטעלאך האָבען זיך שטיפעריש ארומגעדרעהט ארום מיר און ארום אַלעם; די פויגעלאך האָבען באהאַלטענערהייט פון צווישען די געדיכטע צווייגען פון די ריזיגע בוימער, זים געזונגען זייער אָוועגד־ליד, און זייערע צערטליכע, טרוימערישע געזאַנגען האָבען אַלעם און אַלעמען גערופען צו רוה און פרידען.

עס לעבע די פרייע נאַטור!

* * *

די שטאָדט מיט איהר רעש און טומעל, ברויזען און קאָכען, ריזיגע געביידעס און אין רויך איינגעהילטע פאבריקען אין וועל־כע עס קרעכצעט די ליידענדע מענשהייט, איז געווען ווייט פון מיר, און איז ווי א בייזער חלום פון מיינע געדאנקען פארשוואונ־דען געווארען.

אויף דעם בוזים פון דער פרייער נאַטור האָב איך זיך גע־פונען און איך האָב פון איהר ברוסט לעבען געצויגען.

ווי א נייער מענש בין איך געווען, און ווי א גליקליך, זארג־לאָז קינד האָב איך זיך געפיהלט.

יעדע זאך וואָס איך האָב געזעהן האָט מיך באגייסטערט, און

יעדער רויש פון די באבלעטערטע ביימער האָט מיר טיפע סודות דערצעהלט.

* * *

שפעט אין אָוועגט. איך האָב געמאכט א שפאציר איבער די גרינע פעלדער, וועלכע גרענעצען זיך מיט א געדיכטען, עפעס גע־היימניספולען וואלד. אלעס האָט געשלאָפען, און אלעס האָט גע־רוהט, און דאָך — דאָך האָט אלעס געוואכט, געלעבט, געליבט, געטרוימט און געגאָסען פון דאָס לעבען. א גנבה'שער ווינטעל האָט זיך אין וואלד פארקליבען, און ער האָט זיך אלע ווייל־ע מיט די צווייגען פארטשעפעט, עפעס ווי ער וואָלט זיך אונטער דעם שיין פון דער בלאסער לבנה שפילען געוואלט... אלע ווייל־ע פלעגט ער זיי א שאָקעל געבען, און ער האָט זיי שלאָפען ניט געלאזען...

און די בלעטער האָבען זיך באוועגט און די פויגעלעך, וועל־כע זיינען מיט זייערע ליבע, טייערע אין זייערע נעסטען געזעסען, האָבען פון צייט צו צייט א טשיפטשע געטאָן, ווי זיי וואָלטען פראָ־טעסטירט געגען דעם שטיפערישען ווינטעל פארוואס ער שטערט זיי די זיסקייט פון זייער שלאָף.

און דער גריל האָט אומאויפהערליך געגרילצט, און ער האָט דערצעהלט די סודות פון דער נאכט...

און ווייט, ווייט פון די געצעלטען, וואו עס וואוינען די קינ־דער פון דער פרייער נאטור, האָבען זיך ליכטער געזעהן, און ווי קוסטעס פון גליקליכקייט האָבען זיי אויסגעקוקט.

און אלעס איז געוועזן הארמאָניש און — די שטילע נאכט האָט איהר שטומע ליד געזונגען.

# די זון און די וואָלקענס.

דאָס איז אין אַ זומער פריהמאָרגען געוועז,
עס האָבען די וואלקען, די זונן געוואָלט פאַנגען;
געברויזט האָט אין זיי דאן אַ הייסער פארלאַנגען
איהר פינסטער, אין קעלט, אין טומאנען צו זעהן.

קיין שטראַהל זאָל נים שטראַהלען, קיין שפור פון קיין שיין,
און נאַכט זאָל די ערד און די הימלען באַדעקען
און אייביג זאָל הערשען נור טרויער און שרעקען,
און אלעס זאָל גרוילענד און שוידערליך זיין!

* * *

מאָרגען.

דער האָריזאָנט אין מזרח איז געווארען רויט ווי בלוט און אין מערב, צפון און דרום האָבען מחנות וואָלקען געוואנדערט.

און אלץ נעהענטער און נעהענטער זיינען זיי איינע פון די אנדערע געקומען און זיי האָבען זיך איינע מיט די אנדערע בעהעפט.

און ווען די זון איז שוין פון האָריזאָנט עטליכע טריט העכער געוועזן, איז זי געווען רויט — ווי די גאנצע בלוט וואָלט איהר אין פנים אריין, און אין איהרע בליקען האָט מען לעזען געקענט:

„מיין קאמף מיט די וואָלקענס פאנגט זיך אָן".

און די וואָלקענס, די דיקע, גרויע וואָלקענס, זיינען איהר אנטגעגען געגאנגען...

גלוטיג איז דער האָריזאָנט געווען, און ווי אין פלאַמען איז די זון געווען געהילט. מיט ליבע און צערטליכקייט האָט זי אָבער איהרע בליקען אויף דער ערד געווארפען, און דורך זיי האָט זי די מענשען געטרייסט:

ניט שרעקט זיך, מענשען־קינדער פאר די שווערע, גרויע וואָלקענס! זיי ווילען מיר געפאנגען נעמען; זיי ווילען ניט, אז איך זאָל שטראהלען איבער אייך; זיי ווילען מיין ליכט פאר־לעשען און מיין גליהענדע ליבע צו אייך דערשטיקען, און מיט איהרע אימות און גרוילען זאָל הערשען די נאכט.

* * *

א שטונדע איז פארביי, און דער קאמף האָט זיך אָנגעפאנגען.

דער הימעל איז אלץ דונקעלער געוואָרען און די וואָלקענס זיינען געוואָרען אלץ שווערער און שווארצער און זיי האָבען זיך אלץ מעהר איינע מיט די אנדערע באהעפט.

און עטליכע שטיקער וואָלקענס האָבען זיך פון די מחנות אפגעריסען, און זיי זיינען ווי פיקעטען פאראויס געגאנגען.

אבער, אין מזרח זייט האָט די זון געשטראהלט, און זי האָט די מענשליכע הערצער דערפרעהט.

און די שטיקער וואָלקען זיינען איהר פארביי און זיי האָבען זיך אויף אנאנדער זייט הימעל פארקליבען. אנדערע זיינען איהר אנטקעגען געגאנגען, און אויך זיי זיינען איהר פארביי און זיי האָבען א צווייטען זייט הימעל באלאגערט.

און די זון איז אלץ העכער און העכער אין הימעל געשטיגען און מיט ליבע האָט זי, ווי אימער, אויף דער ערד איהרע גאָלדענע שטראהלען געשיקט.

* * *

שרעקליך איז דער הימעל! די גרויע וואָלקענס זיינען שווארץ געוואָרען און זיי האָבען זיך איבער'ן גאנצען הימעל פארשפרייט.

און פינסטער איז אויף דער ערד געוואָרען.

א שוידער איז אויף די מענשען געפאלען און עס האָט זיי דער אָטעם פארכאפט.

„די זון איז געפאנגען געוואָרען" — האָבען זיי געזאָגט.

* * *

און גרויס איז דער קאמף געווען! מיט קראכענדע דונערען האָבען די בייזע, די שווארצע וואָלקענס געקעמפט, און דעם שרעק־ליכען שטורם האָבען זיי צו הילף גערופען, די זון צו באזיגען.

און פון אימה האָט די ערד געציטערט.

* * *

מיט טרויעריגע בליקען האָבען די מענשען־קינדער צום הי־מעל געבליקט.

„פארלאָשען איז די זון!" — האָבען זיי מיט מורא גע־זאגט — „די נאכט וועט שוין אויף אייביג הערשען".

און זייערע הערצער זיינען צוזאמענגעדריקט געווארען פון שמערץ.

* * *

אין מיטען הימעל האָט זיך פּלוצלונג א וואָלקען אָנגעצונ־דען... ליכטיג איז אויף דער ערד געווארען... א גאָלדענער שטראהל האָט די שווארצע קאָרדאָנען דורכגעבראָכען, און אויף איהם זיינען פייערדיגע ווערטער אויסגעקריצט געווען:

„ניט פארלאָשען בין איך! הויך, הויך איבער די וואָלקענס בין איך דאָ און איך לייכט, און איך שטראהל, און איך באַלעב די גאנצע וועלט!"

* * *

מיט די לעצטע כוחות האָט נאָך ווייט, ווייט, ערגעץ א דונער א קראך געטאָן, און אלץ שוואכער און אלץ מאכטלאָזער זיינען די פליגלען פון שטורם געווארען...

די שווארצע מחנות האָבען זייער קאמף פארלאָרען, און פון זייערע טרערען איז געווארען די ערד באדעקט... ווי באזיגטע קריגער זיינען זיי פון מיטען הימעל פארשוואונדען און אלץ טיפער און טיפער זיינען זיי געזונקען. דער דונער האָט צו קראכען אויפגעהערט און דער בייזער שטורם האָט זיך ערגעץ באהאלטען.

און קלאָר איז דער הימעל געווארען, און הויך אין הימעל האָט זיך מאַיעסטעטיש די זון געשפּיגעלט, געלויכטען און געשטראהלט, און זי האָט אלעם באַלעבט און באצויבערט, און די „טרערען" פון די וואָלקענס האָט זי איינגעזויגען...

ווייל אין די טרערען אפילו פון א שונא געפינען זיך בשמים...

און די דונקעלע שאָטענס פון אָווענד האָבען זיך אָנגעהויבען צו ווייזען, און די זון האָט זיך שוין אין געזעגענען געהאלטען.

און ווען זי איז שוין געווען ניט ווייט פון האָריזאָנט, האָט זי זיך מיט א סך אנטלאָפענע וואלקען־מחנות באגעגענט... בלייך, אויסגעמאטערט פון קאמף זיינען זיי געווען... דעם וועג פאר דער זון האָבען זיי אָפגעטראָטען, און אלס אויסדרוק פון רעספעקט צו איהרע באזיגטע שונאים, האָט זי, די אייביג זיגרייכע, די אייביג מאיעסטעטישע זון, זייערע ברעגען פארגאָלדעט...

און זי האָט זיך אין פלאמענדען האָריזאָנט אראפגעלאָזט, אום ווידער צו לייכטען און באלעבען...

# אַ רייזע אונטער דער ערד.

אַן אַמעריקאַנער שטאָדט אין וועלכע עס זינקען מענשען און הייזער — די גאַנצע שטאָדט שטעהט אויף קויהלען מינען — יעדען יאָהר ווערען דאָרטען מענשען פאַרוואונדעט און אָפטמאָל געטוידטעט.

סקרענטאָן, פענסילווייניא, איז אַ מערקווירדיגע שטאָדט אין מאנכע הינזיכטען. זי געפינט זיך אומגעפעהר 5 שטונדען רייזע פון ניו יאָרק, און האָט ביי א 160 טויזענט איינוואוינער. סקרענטאָן איז די גרעסטע פון א גאנצע רייהע שטעדט און שטעדטלאך, וועלכע געפינען זיך אין די הארטע קויהלען־געגענדען פון פענסילווייניא, און זי האָט דעם אנבליק פון א טיפען טעלער. דער לעבעדיגסטער טייל איהרער — דער צענטער פון שטאָדט, געפינט זיך אין א טאָל. געהענדיג פון מיטען דער שטאָדט אין אירגענד וועלכער טייל פון סקרענטאָן, מוז מען געהן בארג ארויף, און ווען מען קומט שוין צו דער ענדע פון שטאָדט, דאן ערשיינען ריזיגע בערג, וועלכע רינגלען איהר ארום און זיי, די בערג, מאכען דעם איינדרוק פון אַ נאַטירליכע פעסטונג.

סקרענטאָן האָט שעהנע און ברייטע גאַסען, אַ שעהנעם פּאַרק, וועלכער געפינט זיך אויף אַ בארג, רייכע רעזידענץ־גאַסען, ריזיגע האָטעלען, געשעפטס־הייזער בילדונגס־אנשטאַלטען, פאַבריקען א. א. וו. סקרענטאָן האָט אויך אַ אידישען קוואַרטאַל — אָדער בעסער געזאָגט: צוויי קוואַרטאַלען. איין קוואַרטאַל באַשטעהט פון אונגאַרישע אידען און ער ווערט גערופען „די פּלעטס", ווייל ער געפינט זיך אין אַ זעהר נידעריגען טייל פון שטאָדט. דער אַנדערער אידישער קוואַרטאַל באַשטעהט פון די אידען, וועלכע קומען פון אַנדערע לענדער. די רוסישע אידען שפּילען דאָרט די הויפּט

ראַלע. ערשטענס געפינען זיך צווישען זיי גבירים, און צווייטענס האַלטען זיי זיך, לויט דער באהויפּטונג פון אונגארישען קווארטאל, פאר די אינטעליגענטען, און פאַלגליך אויך פאר די יחסנים, פאר די פּני. די אונגארישע אידען זאָגען, אז די רוסישע אידען — ליטווישע און אויך פּוילישע אידען אריינגערעכנט — האַלטען זיך שטאָלץ געגען זיי; קוקען אויף זיי פון אויבען ארונטער. דאָס, נאַטירליך, טוט די אונגארישע אידען וועה, און דער רעזולטאט איז, אז ביידע קווארטאַלען זיינען צוויי באזונדערע וועלטלאַך... זיי האָבען זיך אייגענע שוהלען, אייגענע רבנים, אייגענע תלמוד תורה׳ס, און מען באטראכט זיך אלץ שטיף־ברידער... אָבער, די אלע אויבען אויסגערעכענטע זאכען, קען מען אויך אָפטמאָל גע־פינען און זעהן אין אַנדערע שטעדט, און ניט אין דעם באשטעהט די מערקווירדיגקייט פון דער שטאָדט.

שפּאַצירענדיג איבער די גאסען פון סקרענטאָן, קען מען בא־מערקען זאַנדערבארע ערשיינונגען. מען קען דאָרטען זעהן הייזער כמעט גאַנצע פלאָרס געזונקען אין דער ערד. מאנכע הייזער שטע־העען געבויגען אזוי ווי א מענש וואָס האלט אין פאַלען אהינטער. די טיהרען און פענסטער פון אַ סך הייזער קענען זיך ניט צומאַ־כען, ווייל די ראַמען (פריימס) פון די טירען און פענסטער זיינען אלע אויסגעדרעהט, און זיי קענען זיך אין זיי ניט אריינפּאַסען. מען קען שפּאַצירענדיג אויך באמערקען אַ סךליידיגע הייזער, און אַרום זיי, אָדער נעבען זיי, געפינען זיך טיפע און גרויסע גריבער. אָט די ערשיינונג איז פאר א נייעם מענשען אין סקרענטאָן אַן אינטערעסאַנטע. עס האָט מיר אָבער לאנג ניט גענומען און איך האָב אויסגעפונען די אורזאַכע דערפון.

סקרענטאָן געפינט זיך אויף קויהלען מינען, און זעהר אָפט ווערט דער באָדען אונטער די הייזער אזוי אויפגעטרייסעלט פון די אויפרייסענדע מאַטעריאַלען וועלכע מען באנוצט אין די מיינס, אַז די ערד זינקט אונטער זיי. און די הייזער, צוזאמען מיט די מענשען, זינקען אויך... מאנכעס מאָל זינקען איין צעהנדליגע הייזער איינע נאָך די אנדערע, און מאנכעס מאָל זינקען גאָר צעהנדליגע הייזער מיט אמאָל. יעדען יאָהר ווערען

דאָרטען מענשען פארוואונדעט, און עס טרעפט אמאָל אז מענשען ווערען אויך דער׳הרג׳עט, ווערענד זיי זינקען מיט די הייזער. עס טרעפט זיך, אז א הויז זינקט בלויז א פּאָר פוס טיף, און אמאָל טיפער. עס טרעפט זיך אויך, אז די ערד פון אונטער איין טייל הויז זינקט איין און דערפאר בויגט זיך דאָס הויז אָן אויף איין זייט. קענען זיך די טירען און פענסטער ניט צוזאמענפּאסען, ווייל די ראָמען ווערען אויסגעדרעהט. אָט אזעלכע הייזער ווערען מייסטענס אונטערגעשפּארט מיט קלעצער. עס געפינען זיך אויך הייזער אין וועלכע מען וואָהנט ניט, ווייל מען האָט מורא אין זיי צו וואָהנען; עס איז געפעהרליך.

ניט זעלטען גיבען די מינען אייגענטימער צו וויסען די בעלי בתים אָדער די שכנים פון די הייזער, אז אונטער די הייזער זייערע וועט מען אויפרייסען די מינען, און מען הייסט זיי ארויסמופען. מאנכע מופען טאקע ארויס, אנדערע אָבער בלייבען אין די הייזער, האָפענדיג אז דער גאָט פון רחמנות וועט זיי אויסהיטען פון צרות. דער רבונו של עולם פארגעסט זיך אָבער גאנץ אָפט אָן די, וועלכע האָבען אזוי פיל בטחון אין איהם, צוליב די אנדערע קאָפּ דרעהענישען זיינע, און דערפאר איז טאקע ביטער... די הייזער און די מענשען זינקען.

די וועלכע פארבלייבען אין די הייזער, טוען עס, נאטיר־ליך, ניט ווייל דאָס לעבען איז ביי זיי ניט טייער. זיי מוזען אין די הייזער אָפטמאָל פארבלייבען צוליב זייער אָרימקייט, אָדער צוליב דעם וואָס זיי זיינען דאָרטען פארבונדען מיט ביזנעס — זיי האַלטען גראָסערי סטאָרקעס — און, דער רעזולטאט איז, אָפט־מאָל, א זעהר טרויעריגער.

אין סקרענטאָן געפינען זיך אָבער אזעלכע ריזיגע געביידען, אז זיי וואָלטען געוועזן צו שווער, אז דער „רוף" פון א מינע זאָל זיי קענען אויפהאַלטען. ווען מען דארף בילדען אזא ריזיגע גע־ביידע, קויפט מען אָפּ ביים אייגענטימער פון מיין די גאנצע טיף פון מיין ביז׳ן „אונטערשטען פלאָר", און מען הויבט אָן צו בויען דעם פונדאמענט פון דעם „דעק" פון מיין. דערפאר קומט אויס, אז דער פונדאמענט פון מאנכע געביידען פון סקרענטאָן איז

אָפּטמאָל העכער ווי די געביידע גופא, און דערפאר ליגט די הויפּט שוועריגקייטען פון אַזעלכע בילדינגס צו בויען אין די פונדאמענ־טען... עהנליכעס טוט אויך די קאָר קאָמפּאניע, ווען זי דאַרף בויען ליניעס. זי באַפעסטיגט פריהער דעם גרונד, און דאַן הויבט זי אָן לייגען די ראַלסען.

* * *

זייענדיג אין סקרענטאָן, האָט זיך ביי מיר פאַרקליבען אַ חשק צו באַזוכען אַ קויהלען מינע. איך האָב פיל געהערט און גע־לעזען וועגען מיינס, און וועגען די אונגליקען, וועלכע פּאַסירען דאָרטען. האָט זיך מיר פאַרגלוסט צו זעהן אַ מינע מיט „מיינע אייגענע אויגען". די נייגעריגקייט איז ביי מיר פון מינוט צו מינוט געוואַקסען. פילע מענשען האָבען מיר ניט געראַטען אין אַ מינע אַרונטערצוגעהן; זיי האָבען מיר ערקלעהרט, אַז אין די מיינס ווערען יעדען טאָג אַרבייטער פאַראונגליקט, אָדער דער־הרג'עט; אַז איידער מען געהט אַרונטער אַהין, מוז מען „אָפּ־שרייבען" דעם לעבען, כדי די פאַמיליע זאָל פון דער קאָמפּאַניע קיין שאַדענערזאַץ ניט קענען מאָהנען, אין פאַל מען וועט ווערען פאַרוואונדעט אָדער דער'הרג'עט. דערהערענדיג, אַז פאַר מיין נייגעריגקייט קען איך אַמאָל באַצאָהלען מיט אַ האַנד, אָדער פוס, אָדער פיללייכט גאָר מיט'ן לעבען, איז מיר אַביסעל געוואָרען קאַלט אין קאָפּ... אין האַרצען האָט אָנגעהויבען קלאַפּען מיט שרעק... דער שרעק פאַרן טויט האָט אָנפאַנגס אין מיר געטויטעט דעם זעהר אינטערעסאַנטען פאַרלאַנג... מיין נייגעריגקייט האָט אָבער באַלד באַזיגט דעם שרעק פאַר'ן טויט... איך בין געוועזען פאַרטיג צו געהן... איז אָבער געוועזען אַ צרה; מען האָט מיך פאַר קיין פאַל אין אַ מינע ניט געוואָלט אַרונטערלאָזען, ווייל נאָר די, וועלכע זיינען אין די מינען באַשעפטיגט, מעגען דאָרטען זיין. נאָך שווע־רע מיה איז מיר אָבער דאָך געלונגען די ערלויבניס קריגען, און מיר זיינען געפאָהרען עטליכע מייל הינטער'ן שטאָדט, וואו די מיין געפינט זיך.

איך זאָג „מיר", ווייל איך האָב מיטגענומען מיט זיך אַ פריינד — ערשטענס, ער זאָל אויך זעהן אַ זאַך, וואָס איז ווערט געזעהן

צו ווערען; צווייטענס, אויב עס וועט אויסקומען צו שטאַרבען וועט זיין פרעהליכער, און דריטענס, טאָמער בלייבט איינער פון אונז לעבען, דאן זאָל דער לעבעדיגער קענען דערצעהלען די נייעס מיט איינצעלהייטען... ווען מיר האָבען אָבער אונזער רייזע אָנגעהויבען צו דער מינע, האָב איך באַמערקט, אז דער איד האָט אַ היבש ביסעל חשק פאַרלאָרען... אויפ'ן פנים ביי איהם האָבען זיך אַלע מאָל געביטען די קאָלירען... מיר איז, דעם אמת זאָגענדיג, אויך ניט געווען גאַנץ פרעהליך אויפ'ן הארצען. אָבער די נייגעריגקייט האָט מיך ווי מיט קייטען געשלעפּט אהין.

---

**ווי די קויהלען־גרעבער דערוויסען זיך, אַז אין מינען איז דאָ געפאַהר.— די קויהלען „סענדוויטשעס", אָדער קויהלען שיכטען.**

מיר זיינען געקומען צום קויהלען מיין, און מיר האָבען זיך מיט דעם „פערמיט" (ערלויבנים) געווענדעט צום פאָרמאַן פון דער מינע און ער האָט אונז אָנגעהויבען פיהרען. ער האָט אונז אריינגעפיהרט אין א קליין הילצערנע הייזעל, און מיר זיינען דאָרטען געבליבען אַ ווײלע.

קיין אויסערגעוועהנליכעס קען מען אין דעם הייזעל ניט זעהן ווען מען קומט אריין אהין. עס ווערט אָבער אינטערעסאַנט ווען דער פאָרמאַן הויבט אָן מאַנכעס פון דעם הייזעל ערקלעהרען.

אין הייזעל געפינט זיך א גרויסע, פיער־עקיגע ברעט, וועלכע איז אָנגעשלאָגען אָן א וואנד. אויף דער ברעט געפינען זיך הונדערטע געצייכענטע קעסטעלאך. אין יעדער קעסטעלע געפינט זיך א נומער, און אין יעדען נומער איז אויסגעבויערט א קליינע לאָך. נעבען דער ברעט געפינט זיך א הילצערנע קעסטעל, אין וועלכער עס ליגען הונדערטער הילצערנע טשוועקעס.

— אָט פון דעם ברעט — האָט דער פאָרמאַן אָנגעהויבען צו ערקלעהרען — ווייסען די מיינערס צי זיי מעגען געהן ארבייטען אין מיין אָדער ניט. יעדען אין דער פריה, מיט א צייט

פריהער איידער די מיינערס פאנגען אָן צו ארבייטען, ווערען אלע ווינקעלאך פון דער מיין אונטערזוכט פון אינזשינירען, אום אויס־צוגעפינען אויב ערגעץ וואו אין דער מינע איז דאָ א געפאהר; אויב דער „סילינג" איז פעסט; אויב קיין געז האָט זיך ניט אָנ־געזאמעלט, א. ז. וו. אין פאַל זיי געפינען אויס אז אין א געוויסען פּלאַץ איז דאָ א געפאהר, דאן גיבען זיי דעם צייכען פון געפאהר אָט אויף דער ברעט. יעדער ארבייטער האָט א נומער. דער פּלאַץ וואו יעדער ארבייטער איז באשעפטיגט אין דער מינע, ווערט מיט דעם זעלבען נומער באצייכענט. ווען דער פּלאַץ מיט'ן נומער הונדערט, צום ביישפּיל, ווערט געפעהרליך, שטעלט דער אינזשיניר אריין א הילצערנעם טשוואָק אין דער לאָך פון דעם קעסטעלע וואו דער נומער „הונדערט" געפינט זיך. ווען דער מיינער קומט אין דער פריה אָדער פארנאכט צו דער ארבייט, מוז ער פריהער אריין אָט אין דעם הייזעל און א קוק טאָן אויפ'ן ברעט. אויב זיין נומער האָט קיין טשוואָק ניט, מעג ער אין דער מיין ארונטער, אויב אָבער אין „זיין" קעסטעלע געפינט זיך יאָ א הילצערנער טשוואָק, טאָר ער אין דער מיין ניט געהן; ער מוז ווארטען ביז וואנען די אינזשינירען פיקסען אלעס איין, אז דאָרטען זאָל קיין געפאהר ניט זיין.

און אזוי ניט מען דעם צייכען צו אלע ארבייטער, וועלכע זיי־נען אין דער מיין באשעפטיגט.

* * *

דער זייגער איז געווען א פערטעל נאָך 5 פארנאכט. דער פאָרמאַן האָט אונז געגעבען קעראָסין לעמפּלאך, וועלכע מיינערס געברויכען ביי דער ארבייט און וועלכע זיי טראָגען אין ספּעציעלע קעפּס. מיר, אָבער, האָבען אזעלכע קעפּס ניט געהאט און מיר האָבען דערפאר די לעמפּעלאך, וועלכע דער פאָרמאַן האָט צוגע־פיקסט צו שטעקעלאך, אין די הענד געטראָגען. דער פאָרמאַן האָט זיי אָנגעצונדען פאר אונז, און מיר האָבען זיך געלאָזען געהן צום מיין — דאָס הייסט, צום עלעווייטאָר, אויף וועלכען מען לאָזט זיך אין מיין ארונטער.

מיר זיינען געגאנגען, אָבער אונזערע הערצער האָבען שרעק־

ליך געקלאפט... די זון האָט זיך שוין געהאַלטען אין ארונטערלאָזען הינטער די בערג, און טראַץ דעם וואָס זי האָט אַ גאַנצען טאָג געברענט און געבראָטען; טראָץ דעם, וואָס זי האָט אַ גאַנצען טאָג די מענשען געמוטשעט אונערבארעמליך, איז זי מיר אָבער אין דיזען מאָמענט ליב געוואָרען... אַלעס, אַלעס איז מיר עפּעס געוואָרען ליב און טייער... אפילו די שווארצע בערג מיט קויהלען, אָדער די קוילען־שטויב, וועלכע רינגלען דעם מיין ארום, האָבען אין מיינע אויגען חן געפונען... מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז אין דיזען מאָמענט געזעגען איך זיך מיט אַלעס; אַז מעהר וועל איך שוין קיין מאָל קיין זאַך ניט זעהן... די שרעקליכע שילדערונגען פון מיין־אונגליקען האָבען פאר מיינע גייסטיגע אויגען אָנגעהויבען צו שוועבען...

— קומט אויפ׳ן עלעוויטאָר, — האָט דער פאָרמאַן געזאָגט, — אָבער שטעהט גלייך, זייט פאָרזיכטיג.

דער פאָרמאַן האָט געגעבען אַ סיגנאַל צום אינזשיניער דורך אַן עלעקטרישען בעלל, אַז ער זאָל דעם עלעוויטאָר לאָזען געהן, און — דיזען סיגנאַל וועל איך קיינמאָל ניט פארגעסען... מיר האָט זיך אויסגדוכט, אַז דיזער סיגנאַל איז דער אויסגעשריי פון טויזענט טייפלען; אַז דיזער סיגנאַל איז אַ שרעקליכע שטימע פון טויט, וועלכער רופט שוין אין דער אייביגקייט... אָבער, עפּעס האָט מיך געשלעפּט דאָרטען, אונטען, טיף, טיף אונטער דער ערד...

— פייגלינג! — האָט זיך מיר אויסגעדוכט ווי אַ שטימע האָט געשריען צו מיר, — פייגלינג! צעהנדליגער טויזענדער מענשען הונדערטער טויזענדער מענשען פארברענגען טעגליך אין די מיינס און זיי האָבען קיין מורא ניט, און דו — דו ציטערסט...

דער עלעוויטאָר האָט זיך אַלץ טיפער און טיפער ארונטערגעלאָזען. איך האָב אויפגעהויבען מיינע אויגען אין דער הויך, און איך האָב געזעהן ווי די עפענונג פון דער מיין ווערט אַלץ קלענער... דער עלעוויטאָר האָט עפּעס ווי געקרעכצט, און אַלע ווײַלע האָט ער זיך אויך אַ טרייסעל געגעבען... מיר — איך און מיין

פריינד, האָבן זיך געטוליעט איינער צום אַנדערען... מיר האָבען זיך אין די אויגען געקוקט...

— מיר זיינען שוין באַלד אויפ'ן לעצטען פלאָר — האָט דער פאָרמאַן ענדליך געזאָגט צו אונז. און אין אַ פּאָר מינוטען האָבען מיר זיך אויפ'ן „לעצטען פלאָר" געפונען. אָבער, איידער מיר וועלען גערן ווייטער, וועלען מיר זיך אָפּשטעלען ביי די „פלאָרס". מיר וועלען עם דייטליכער ערקלערען:

ווען עם איז דאָ אַ לעצטער פלאָר, דאַרף דאָך אויך זיין אַ ערשטער פלאָר, אָדער מעהרערע פלאָרס. אין פילע קוילען־מיינס זיינען טאַקע דאָ צו עטליכע פלאָרס.

איהר, לעזער, ווייסט דאָך מסתמא, וואָס עס מיינט אַ „סענדוויטש" — אַ זאַך וואָס מען קויפט אין אַ דעליקאַטעסען סטאָר, און וואָס מאַכט אמאָל אָן צרות אין מאָגען... מען נעהמט צוויי דינע שטיקלעך ברויט און מען לעגט צווישען דיזע שטיקלאַך ברויט אריין קעז אָדער פאַרשידענע סאָרטען פלייש, דין געשניטען. אָט דאָס הייסט אַ „סענדוויטש". עהנליך צו אַ סענדוויטש איז אויך די „ערד" וואו מען געפינט קוילען. אין דער ערד געפינען זיך קוילען שיכטען. אזוי ווי צווישען די שטיקלאַך דינע ברויט פון אַ סענדוויטש געפינט זיך דאָס דינע שטיקעל פלייש, אזוי געפינט מען אין דער ערד פון די קוילען־געגענדען „דינע" פּאַסען קוילען, וועלכע ציהען זיך מיילען לאַנג און מיילען ברייט. די דינע פּאַסען קוילען זיינען אָבער היבשלאַך דיקער ווי די דינע שטיקלאַך פלייש, וועלכע מען געפינט אין אַ סענדוויטש... אָפּטמאָל איז די קוילען־„דינקייט" זאָגאַר 10 און 15 פוס דיק, און אמאָל ניט מעהר ווי 2 אָדער 3 פוס דיק.

איצט וועלען מיר ווייטער זעהן.

ווען מען דאַרף אָנהויבען צו גראָבען אַ קוילען־מיין, הויבט מען איהם אָן צו גראָבען, לאָמיר זאָגען, ווי אַ ברונען. די קוילען געפינט מען אָבער ניט גלייך פון אויבען. מען מוז אָפט גראָבען 150 אָדער 200 פוס טיף, איידער מען געפינט די קוילען, און אמאָל דאַרף מען נאָך גראָבען טיפער. און ניט קיין ערד בלויז געפינט מען גראָבענדיג, זאָנדערן אָן ריזיגע פעלזען שלאָגט מען זיך אָן, און מען

מוז געברויכען דינאַמיט די פעלזען אויפצורייסען, אום צו די קוילען צוצוקומען. קומט מען שוין אָבער צו צו די קוילען, הערט מען אויף צו גראָבען אין דער טיף און מען הויבט אָן צו גראָבען אין דער לענג — פון מזרח צו מערב, לאָמיר זאָגען. מען גראָבט קוילען פון צווישען די פעלזען (ווי אזוי מען „גראָבט" די קוילען וועט דער לעזער זיך ערקונדיגען שפּע־טער). אזוי לאַנג ווי מ'קען קוילען געפינען. אין דער ברייט גראָבט מען, לאָמיר זאָגען 15 אָדער 20 פוס. שטעלט זיך פאָר א טונעל און איהר וועט האָבען א שטיקעל באַגריף ווי א מינע זעהט אויס.

אָבער ניט איין „טונעל" גראָבט מען אונטער דר'ערד. מען גראָבט פילע און אין פארשידענע ריכטונגען. ווען די קוילען־שיכטע איז שוין אויסגעגראָבען, דאָס הייסט, מען קען שוין דאָרט מעהר קיין קויהלען ניט געפינען, דאן הויבט מען ווייטער אָן צו גראָבען אין דער טיף, ביז וואנען מען געפינט ווידער א קויהלען־שיכטע. מען גראָבט ווידער די קוילען ווי שוין אויבען געזאָגט. ווען מען ווערט מיט דעם פערטיג, גראָבט מען ווידער טיפער, ביז וואנען מען קען שוין קיין קוילען מעהר ניט געפינען, אָדער די קוילען־שיכטע איז צו „דין", אז מען זאָל דאָרטען קענען ארבייטען.

אָט דיזע אויסגעגראָבענע טונעלען, אָדער קוילען־שיכטען, רופט מען אָן „פלאָרס".

מיר זיינען, אלזאָ, געקומען צום נידעריגסטען פלאָר (דער דריטער פלאָר אין דיזער מינע), 600 פוס טיף אונטער דער ערד און מיר האָבען אָנגעהויבען צו מאַכען אונזער רייזע אין גיהנום.

---

די מאַשין וועלכע שלעפּט צוזאַמען די קאַרס מיט קויהלען פון פארשי־
דענע ווינקלען פון דער מינע. — ווי אַזוי די קויהלען־גרעבער פאַר־
לירען יעדען טאָג שטיקלאך לעבען.

ווען מיר זיינען ארונטער פון עלעווייטאָר, וועלכער האָט אונז ארונטערגעבראַכט אין דער קוילען מינע, האָבען מיר זיך געפונען אין א זעהר גרויסען צימער, אָדער בעסער געזאָגט: אין א ריזיגען האָלל,

וואו עס איז געווען פינסטער ווי די נאכט — ניין, פינסטערער ווי די נאכט. ביינאכט קען מען זעהן דעם הימעל, שטערען; ביינאכט קען מען זעהן ערגעץ וואו ליכט אין א הויז, ווען מען געפינט זיך אפילו אין א מיטען פעלד, און מען באגעגענט זיך מיט א ווינטעל, וועלכער פרישט און באלעבט. ניט אזוי אָבער איז די אייביגע נאכט וועלכע הערשט אין א קוילען־מינע. ניטאָ קיין הימעל דאָר־טען; ניטאָ קיין שטערען; אלעס איז דאָרטען פינסטער, שווארץ. שווארץ זיינען די ווענד, שווארץ איז דער „סילינג", און שווארץ איז דער פלאָר, און ווען מען באגעגענט זיך דאָרטען ערגעץ וואו מיט א ווינטעל, אָדער בעסער געזאָגט: מיט באוועגענדע לופט, דאן איז שווער צו אטעמען, ווייל די לופט איז דאָרטען דורכגעמישט מיט א געז־גערוך און מיט קוילען שטויב, מיט וועלכע די ווענד, סילינג און באָדען זיינען באדעקט. אטעמען אָבער מוז מען, אטעמט מען אריין אין זיך אָט דיזען גערוך פון געז, און די לונ־גען ווערען פול מיט דעם קוילען־שטויב... אויסער דעם מוז מען אויך אריינאטעמען דעם שרעקליכען רויך פון די קעראָסין לעמפ־לאך. די קנייטען פון דיזע לעמפלאך זיינען זעהר דיקע, און דער רויך, ווען ער שלאָגט אין פנים, שטעלט כמעט אָפּ דעם אטעם. נאָכדעם ווי איך בין דאָרטען געווען שוין עטליכע מינוטען, האָב איך באלד געקראגען א קאָפּ־וועהטאָג.

טראָץ דעם וואָס די קעראָסין לעמפלאך גיבען ארויס א גרוי־סען פלאָם, גיבען זיי דאָך ניט קיין פיל ליכט. מען קען בלויז זעהן עטליכע טריט ווייט פון זיי. מען מוז צוגעהן גאנץ נאָהענט צו דער זאך וואָס מען וויל באטראכטען, און אלעס וואָס מען זעהט איז דאָרטען שווארץ. אפילו דער טעלעפאָן, וועלכער געפינט זיך דאָרטען, און וועלכער פארבינדעט דעם מיין מיט אַנדערע קוי־לען מינען, און מיט דעם אָפיס פון דעם אייגענטימער פון דיזען מיין, מאכט א שווארצען איינדרוק — ווען מען רעדט דורך דעם טעלעפאָן, איז די שטימע א פארשטיקטע, און מען פיהלט ווי מען וואָלט ריידען פון א קבר, פון א שרעקליכען קבר, וואו לעבעדיגע מענשען ליגען באגראָבען. אזוי איז די הייל, אין וועלכער מיר האָ־בען זיך געפונען, און אזוי איז די גאנצע מיין...

אין דעם „צימער" געפינט זיך א ריזיגע מאשין — א שלעפּ־מאשין, וועלכע טוט זעהר וויכטיגע ארבייט אין דער מינע. זי שלעפּט צוזאמען אָנגעלאָדענע וואגאָנעס קוילען פון די פאַרשידע־נע ווינקעלאך פון מיין.

פון פריהער זייט איהר שוין באקאנט מיט דעם אויבער־פלעכליכען אויסזעהן פון א קוילען מינע. אין א קוילען מינע געפינען זיך א סך טונעלען, וועלכע ציהען זיך מיילען ווייט אין אלע ריכטונגען פון דער מינע, און מען „גראָבט" אלץ ווייטער און ווייטער. די קוילען, וועלכע מען גראָבט אויס פון די טונעלען, זיינען, נאטירליך, מיילען ווייט פון דער עפענונג פון מיין — וואו דער עלעוויייטאָר געפינט זיך און פון וואנעט מען נעהמט די קוילען ארויף אין דער הויך.

ווי אזוי ברענגט מען אָט די נייע אויסגעגראָבענע קוילען פון די ווייטקייט אין די טונעלען צו דער עפענונג פון מיין? דאָס ווערט געטאָן אויף א גאנץ איינפאכען שטייגער.

איהר זייט דאָך מסתמא ניט איין מאָל, פאָהרענדיג אויף א טריין, דורכגעפאָהרען א טונעל, אדער איהר זייט דאָך שוין מסתמא פילע מאָל שוין געפאָהרען אין א סאָבוויי. פונקט ווי אין א סאָבוויי אָדער טונעלען ליגען אויסגעלעגט רעלסען (טרעקס), אויף וועלכע די טריינס פאָהרען, אזוי זיינען אויך אויסגעלייגט טרעקס אין די טונעלען פון א קוילען מינע. אין מיין געפינען זיך הונדערטע קליינע פראכט־קארס, אין וועלכע מען פיהרט קוילען. אָט די פראכט קארס שטעהען אויף די טרעקס, און זיי ווערען אוועקגעפיהרט צו די פּלעצער וואו מען גראָבט די קוילען. דאָרטען ווערען זיי אָנגעלאָדען, און נאָכהער דארף מען אָט די אָנגע־לאָדענע קארס ברענגען צו דער עפענונג פון מיין. ווי אזוי טוט מען עס?

ווען מען פאָהרט אויף א טריין, אָדער אין א סאָבוויי, ווע־רען די וואגאָנעס געשלעפּט פון עלעקטרישע אָדער סטים אינ־דזשענס. די וואגאָנעס אָדער די פראכט קארס אין א מינע, ווערען פון קיין ספּעציעלע אינדזשענס ניט געפיהרט. עס געפינט זיך א ריזיגער אינדזשען אין מינע — דער אינדזשען, וועלכער גע־

פינט זיך אין דער גרויסער „רום״, נעבען דער עפענונג פון מינע, און דער אינדזשען שלעפט עם די קארס צוזאמען אויף דעם באַשטימטען פלאץ.

איהר זייט דאָך מסתמא שוין אויך געפאהרען אויף א פעררי באוט — א שיף, וועלכע פיהרט פאסאזשירען, לאָמיר זאגען, איבער׳ן האָדסאָן ריוועך פון דזשוירזי סיטי נאָך ניו יאָרק. ווען א פעררי קומט צו צום ברעג, ווערט זי פארטשעפעט פון הוקס, וועלכע זיינען אָנגעטשעפעט אן לאנגע שטריק. די שטריק זיינען ארויפגעוויקעלט אויף אַקסען, אויף וועלכע רעדער זיינען אָנגעטאָן. און דיזע מאשינקע געפינט זיך ביים ברעג פון דער פעררי סטיישאָן. ווען דער הוק איז שוין אָנגעטשעפעט אָן דער פעררי דאן הויבט מען אָן צו דרעהען די רעדער, און די שטריק וויקלען זיך אלץ מעהר ארויף אויף די אקסען, שלעפענדיג נעהענטער צום ברעג די שיף. אָט אויף דעם זעלבען אופן ארבייט אויך די מאַשין, וועלכע געפינט זיך אין דער קויהלען מינע. לאנגע, מיילען לאנגע שטריק פון דראָט געפלאָכטען, זיינען אָנגעטשעפעט אָן די פראכט קארס, וועלכע געפינען זיך מיילען ווייט אוועק, און ווען די מאשין הויבט אָן צו ארבייטען, וויקעלט זי ארויף אויף איהר אַקס די דראָטענע שטריק. וואס מעהר שטריק זי וויקעלט ארויף, אלץ נעהענטער קומען די קארס צו איהר — צום מאשין, אָדער בעסער געזאָגט צו דער עפענונג פון מינע, פון וואנען מען נעמט די קויהלען ארויף אין דער הויך.

די שטריק ליגען צווישען די טרעקס, און זיי זיינען ארייגעפאסט אין „פוגעס״ פון רעדלעך, וועלכע געפינען זיך אין א ליגענדער פאָזיציע. א דאנק דעם, קענען די קארס ניט ארונטער פון די טרעקס, מאכט ניט אוים ווי געדרעהט די טרעקס אָדער די טונעלען זאלען ניט זיין.

מיר האָבען די גרויסע „רום״ פארלאָזען, און מיר האָבען אָנגעהויבען צו מאַכען אונזער רייזע אלץ טיפער אין גיהנום. דער פאָרמאן האָט אויפגעעפענט א גרויסען טויער, וועלכער איז, ווי ער האָט אונז ערקלערט, ספעציעל איינגעריכטעט אזוי, אז דורך איהם זאָל די לופט צירקולירט ווערען אין דער מינע. דער טויער האָט

זיך הינטער אונז אליין צוגעמאַכט, און מיר זיינען געגאַנגען. מיר זיינען געגאַנגען געבויגען — געבויגען אַזוי, אַז מיר האָבען אויסגעקוקט ווי אַ דלת (ד). און אין האַנד האָבען מיר געהאַלטען די לעמפּעלאַך, וועלכע האָבען געוואָרפען פון זיך אַ שרעקליכען רויך אונז גלייך אין די פּנים׳ער אַריין, און די אַנדער האַנד האָבען מיר געמוזט האַלטען אויפ׳ן רוקען, כדי זי זאָל זיך ניט שלעפּען אויף דער ערד. ניט פון פאַרגעניגען וועגען זיינען מיר אַזוי געבויגען געגאַנגען... מיר האָבען געמוזט געהן אַזוי ווייל דער „סילינג" איז געווען זעהר נידעריג. אויסער דעם שטאַרצען פון סילינג אַרויס שפּיציגע פעלזען, אָדער שטיקער קוילען, און וועה איז דעם, וועמעם קאָפּ עס שלאָגט זיך אָן סילינג אָפּ... מיין פריינד, וועמען איך האָב אין דער מינע מיטגענומען, האָט געפיהלט אַ שטיקעל טעם דערפון... ער האָט געוואָלט אויסגלייכען אַביסעל די ביינער, און ער האָט דעם קאָפּ פריי אַביסעלע אַ הויב געטאָן... האָט ער מיר דערצעהלט, אַז אין דיזען מאָמענט האָט ער אַלע שטערען אין הימעל דערזעהן, טראָץ דעם, וואָס צווישען זיינע אויגען און די שטערען האָבען זיך געפונען פעלזען 600 פוס דיק... און נאָכדעם האָט ער אָנגעהויבען צו פיהלען אַ שרעקליכען קאָפּ וועהטאָג... אָט אין יענעם מאָמענט האָב איך געוואונשען צו זעהן אין מעין „אונזערע" אָלרייטניקעס, אָדער אַזוי נפשות, וועלכע האַלטען אימער די קעפּ פאַרריסען... אפשר וואָלטען זיי שטיקלאַך מענשען געוואָרען... נור — מיר זיינען געגאַנגען ווייטער, און דער פאָרמאַן, וועלכער האָט אונז געפיהרט, האָט אונז אַלע ווײַלע געוואָרענט זיך צו היטען פון גריבער; ניט צו פאַרטשעפּען די פיס אָן די שטריק, וועלכע זיינען געלעגען צווישען די טרעקס, אָדער אָן די טרעקס גופא. ער האָט אונז אויך געהייסען ניט אַריינצוקריכען אין גריבער וואַסער, וועלכע האָבען זיך אין טונעל געפונען, און איבערהויפּט האָט ער אונז אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלען געהן וואָס מעהר געבויגען... מיר זיינען אין מאַנכע פּלעצער פון דער מינע שיער אויף די קני געקראָכען — אַזוי נידעריג איז דאָרטען געווען... מיר האָבען געסאָפּעט, קוים דעם אָטעם געקענט אָפּציהען. איך ווייס ניט ווי מיין פריינד, נאָר איך האָב געפיהלט

עפּעס ווי דער רוקען וואָלט זיך ביי מיר געהאַלטען אין ברעכען, און דער שווייס האָט זיך געגאָסען פון מיין פּנים. א דאַנק דעם, איז מיין פּנים אינגאַנצען באַדעקט געוואָרען מיט קויהלען שטויב, ווייל די באַוועגענדע לופט האָט אין מיין פּנים געיאָגט דעם שטויב, און דער שטויב האָט זיך אָן מיין פּנים אָנגעקלעפּט. צוליב דיזען שטויב האָב איך אויך די אויגען ניט געקענט האַלטען אין גאַנצען אָפען, אבער, אָטעמען האָב איך געמוזט, און איך האָב געפיהלט אַז איך קריג צו אין וואַנג — איך האָב קויהלען־שטויב איינגעאָטעמט... איך האָב אַ פרעג געטאָן מיין פריינד ווי אַזוי ער פיהלט, און מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ער האָט שוין קיין כח ניט געהאַט צו ענטפערען... ווען איך האָב זיך אַרומגעקוקט צו זעהן וואָס מיט איהם הערט זיך, האָב איך דערזעהן אַ פּנים פון אַ נעגער אויף איהם... ער האָט געסאַפּעט ווי אַ גאַנץ און —

— שלעכט, ברודער! — האָט ער מיט אַ פאַרצווייפעלטען טאָן געזאָגט צו מיר — איך האָב אין דער ערד די גאַנצע רייזע...

פּלוצלונג האָט זיך די גאַנצע מינע אַ טרייסעל געטאָן. ווייט, ווייט פון אונז האָט זיך דערהערט אַ שרעקליכער קראַך — עפּעס ווי אַ דונער — ניין, עפּעס ווי טויזענדער דונערען וואָלטען מיט איין מאָל געקראַכט. איך האָב געפיהלט אַז מיין האַרץ שטעלט זיך אָפּ פון שרעק. איך בין געוואָרען שרעקליך נערוועז. דער פאַרמאַן, וועלכער האָט אונז געפיהרט, האָט באַמערקט אונזער שרעק, און ער האָט אונז פאַרזיכערט, אַז עס האָט קיין זאַך ניט פּאַסירט, פאַר וואָס מיר דאַרפען זיך שרעקען. ער האָט אונז געזאָגט, אַז אומגעפעהר אַ מייל ווייט פון אונז האָט אַ מיינער אויפגעריסען מיט פּולווער אַ „וואַנד" פון שטיין קויהלען, און אַז עס איז זיך גיטאָ פאַר וואָס צו שרעקען.

מיר זיינען ווייטער געגאַנגען. און מיר זיינען געקומען אין אַ פּלאַץ וועלכער איז שוין געווען הויך גענוג, אַז מיר זאָלען זיך קענען שטעלען גלייך. מיר איז געווען שווער זיך גלייך צו שטעלען פון אָנפאַנג; איך האָב עס געטאָן לאַנגזאַם, אָט פּונקט ווי מען גלייכט אויס אַן איינגעבויגענע שטיק אייזען, אַזוי האָב איך

מיין רוקען געמוזט לאַנגזאַם אויסגלייכען, און דער שמערץ איז געווען גרויס. מיין פריינד האָט דאָס זעלבע געטאָן.

מיר זיינען געבליבען שטעהן און מיר האָבען דערהערט קייטען קלאַנגען — פאַרדומפּפּטע קלאַנגען זיינען עס געווען, און די קלאַנגען זיינען באַגלייט געוואָרען פון א שרעקליכען גערויש. איך בין ווידער נערוועז געוואָרען. דער פאָרמאַן האָט אונז ערקלערט, אז דאָס פיהרט אַן אַרבייטער וואַגאָנעס מיט קויהלען...

מיר האָבען זיך אַרומגעקוקט, אבער מיר האָבען קיין זאַך ניט געזעהן אַרום אונז, אויסער א טיפע לאָך אין א וואַנד פון א טונעל. אָט פון דער לאָך, האָט דער פאָרמאַן אונז ערקלערט, דאַרפען עס אַרויסקומען די קויהלען קאַרס. דער איינדרוק איז געווען א שרעקליכער, אבער עס איז געווען אינטערעסאַנט; מיר האָבען געקוקט אין דער שוואַרצער עפענונג, און — אַלעס איז שוואַרץ געווען. נאָר די קייטען קלאַנגען, און דער גערויש האָבען זיך געהערט אַלץ מעהר. ענדליך האָבען מיר פון דער ווייטען דערזעהן אין דער לאָך א באַוועגענדע ליכט — א ליכט וועלכע האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון א יאָהר־צייט... די ליכט איז אַלץ נעהענטער געקומען; זיך נעהענטער גערוקט צו אונז, און קאַרס מיט קויהלען האָבען זיך באַוויזען. פּלוצלונג איז עפּעס ווי א שטיק קויל ערשינען פאַר אונז... א ווייסער מענש איז דאָס געווען, וועלכער איז אבער געווען אין שוואַרצען געהילט... ער איז פון דער עפענונג אַרויסגעלאָפען ווי פון טייפלען געיאַגט. אויף'ן קאָפּ האָט ער א קעראָסין לעמפּעלע געטראָגען און דאָס לעמפּעלע האָט פון זיך געוואָרפען וואָלקענס שטיקענדען רויך. איהם דערזעהענדיג איז א שוידער איבער מיין קערפּער אַריבער. אַלעס איז אויף איהם שוואַרץ געווען; בלויז די ווייסלען פון די אויגען האָבען אַרויסגעגלאַנצט... ער האָט גערעדט מיט'ן פאָרמאַן, און ער האָט געהאַלטען אין איין שפּייען, און שוואַרץ איז געווען דאָס אַרויסגעשפּייטע... אַלע ווייַלע האָט ער מיט זיין אַרבעל פון העמד, וועלכע איז געווען שוואַרץ ווי זיין בייזער שיקזאַל, זיין פּנים געווישט. זיין שטימע איז געווען א פאַרשטיקטע, און שווער האָט ער זיין אָטעם געצויגען. באַלד האָט ער אָנגעהויבען צו לויפען — זיך יאָגען נאָך די קאַרס

מיט קויהלען, וועלכע זיינען שוין געווען ווייט פון איהם, און אין די שווארצע קייט פון דער אייבינער נאכט איז ער פארשוואונדען געווארען...

---

די „לעיגס" און די „קאלערס" וועלכע האלטען אויף דעם סילינג פון א מינע. — ווי אזוי קויהלען־גרעבער ווערען אויף פארשידענע אופנים פארוואונדעט, צוריסען, פארברענט אדער דערטרונקען.—די פאמפס.

מיר האבען שוין געזעהן, ווי אזוי די לעבענס פון קויהלען־גרעבער ווערען אפגעקירצט דורך דעם גערוך פון גאז, דורך דעם שרעקליכען, שטיקענדען רויך פון די לעמפעלאך, און דורך איינאטהעמען אין די לונגען דעם קוילען שטויב. פון די „זאכען" ווערען די ארבייטער געטויטעט לאנגזאם, ביסלעכווייז. עס זיינען אבער דא אנדערע געפאהרען אין א קויהלען־מינע, וועלכע טויטען ניט לאנגזאם, נאר זיי טויטען אויף איינמאל, און צעהנדליגע מענשען ווערען דערשטיקט, פארברענט, דערטרונקען און דער'הרג'עט שנעל, און אמאל מוטשען זיך דיזע אומגליקליכע עטליכע טעג און נעכט, ליידענדיג די שוידערליכסטע שמערצען, און עס איז ניטא קיין מעגליכקייט זיי צו העלפען, זייערע שמערצען צו פארלייכטערען אדער זייערע לעבענס צו ראטעווען.

ווען מען געפינט זיך אין א „טונעל" פון א מיין, קען מען זעהן, ווען מען קוקט ארויף, באלקענס — קלעצער, גלייכע און אמאל האלב־רונדע. דיזע קלעצער רופט מען „קאללערס". זיי ליגען אויף אנדערע קלעצער, וועלכע שטעהען ביי די ווענט פון טונעל און זיי טראגען דעם נאמען „לעיגס". אט דיזע „קאללערס" און „לעיגס" האלטען אויף דעם סילינג פון די טונעלען. פאראן פלעצער און טונעלען, וואו די „קאללערס" און „לעיגס" זיינען ניט נויטיג, ווייל ריזיגע פעלזען דעקען איבער די גאנצע ברייט פון די „טונעלען" פאר היבשע שטרעקען, און אין דיזע פלעצער איז קיין געפאהר ניטא אז דער סילינג זאל זינקען. פאראנען אבער זעהר פילע פלעצער, וואו דער סילינג איז שוואך און ער קען איינפאלען, ווערט דער סילינג אונטערגעשפארט מיט די „לעיגס"

און „קאללערס" און א סך, א סך אזעלכע „אונטערשפארערס" זעהט מען אין די טונעלען... אפטמאל ווערען אט דיזע „אונ־טערשפארערס", וועלכע האלטען דעם סילינג אויף זיך, לויז, זיי רוקען זיך ארויס פון זייערע פלעצער דורך דעם שטענדיגען אויפ־רייסען מיט פולווער און דינאמיט, וואס ווערט דארט געברויכט. יעדעס מאל, ווען קויהלען ווערען אויפגעריסען, טרייסעלט זיך די גאנצע מיין און די „לעיגס" און די „קאללערס" ווערען ארויס־געטרייסעלט פון זייערע פלעצער און אפטמאל פאלען זיי איין.

איצטער שטעלט זיך פאר: צעהנדליגע אדער הונדערטע מיינערס געפינען זיך, לאמיר זאגען, א מייל ווייט פון דער עפע־נונג פון מיין און דארטען רייסען זיי אויף שטיינקויהלען. א האלבען מייל, לאמיר זיך פארשטעלען, פון דעם פלאץ וואו די אר־בייטער געפינען זיך, ווערען „לעיגס" און „קאללערס" ארויסגע־טרייסעלט פון זייערע פלעצער און — דער סילינג זינקט. דער גאנג צו דער עפענונג פון מיין ווערט פארשטעלט פאר זיי פון ריזיגע פעלזען, און זיי מוזען בלייבען אין טונעל אהן אירגענד וועלכע שפייז, אהן ליכט, אהן וואסער. אפטמאל נעמט טעג איידער מען קומט צו זיי צו. זיי ווערען דארטען פארמוטשעט פון הונגער, פארברענט פון דורשט און שרעקליך איז דארטען די נאכט, ווייל זיי האבען ניט גענוג קעראסין אין די לעמפלעך פאר דער גאנצער צייט... עס טרעפט אויך ניט זעלטען, אז מען קען צו זיי גאר אין גאנצען ניט צוקומען, און זיי געהען אוים פון הונ־גער און דורשט. — א בית־עולם הונדערטע פיס אונטער דר'ערד! עס טרעפט זיך אבער אמאל, אז זיי דארפען זיך לאנג ניט מוט־שען. דער סילינג פאלט מאנכעס מאל אויף זיי און זיי ווערען דער'הרג'עט, און מאנכעס מאל ווערט דער פלאץ, וואו זיי געפי־נען זיך, אנגעפילט מיט גאז און זיי ווערען דארטען דערשטיקט ווי מייז.

אבער דיזער סארט טויט איז ניט דער איינציגער אין א מינע. אויף פארשידענע אופנים פארלירען זיי זייערע לעבענס און — שרעקליכע, שוידערליכע אופנים זיינען דאס!

עס טרעפט זיך גאנץ אפט, אז פון א וואנד פון א טונעל

הויבט אָן לויפען גיך, אַט פּונקט ווי פון אַ געזדרעהר. ווען די אינזשינירען כאַפּען זיך אין צייט, דאַן רייסען זיי אויף דעם טייל וואַנד פון וואַנען די גאַז לויפט און די „קוואַלען" פון גאַז ווערען פאַרניכטעט איידער צופיל גאַז קלייבט זיך אָן. די גאַז ווערט דורכגעמישט דורכדעם מיט דער לופט, און זי ווערט ניט געפעהרליך. עס טרעפט אָבער, אַז גאַז פאַרקלייבט זיך אין אַ פּלאַץ איידער מען האָט עס באַמערקט, עס קומען אָן צום פּלאַץ מיינערס מיט לעמפּלאַך, און די גאַז עקספּלאָדירט און — שרעק־ליך איז דער טויט פון דיזע אַרבייטער! זיי ווערען צובערענט און צובראָכען, אָדער זיי ווערען אין שטיקער צוריסען צוזאַמען מיט אַלעס וואָס אין טונעל געפינט זיך. דער שוואַרצער באָדען, די שוואַרצע וואַנד און אַלעס אַרום ווערט מיט בלוט באַשפּריצט, מיט מענשליכע בלוט באַפאַרבט.

און מאַנכעס מאָל קען מען גאַנצע טעג ניט צוקומען צו די צוריסענע קערפּערס פון די אַרבייטער, און אַמאָל, ווען מען קען שוין יאָ צו זיי צוקומען, פעהלען גלידער: הענט, פיס, קעפּ און אַזוי ווייטער. דיזע גלידער ווערען פאַרשליידערט, און ווען מען געפינט זיי שוין, ווייסט מען ניט צו וועלכע קערפּערס זיי געהערען און מען מאַכט באַזונדערע לויות פאַר זיי...

אָבער דאָס איז ניט אַלעס. אויף נאָך אַנדערע אופנים פאַר־לירען דיזע אומגליקליכע אַרבייטער זייערע לעבענס.

* * *

דער פאָרמאַן האָט אונז ווייטער געפיהרט אין אַן אַנדער טונעל. מיר האָבען זיך ווידער אין דרייען געבויגען איידער מיר זיינען אין דער עפענונג פון דעם טונעל אַריין. ווידער האָט דער פאָרמאַן אונז געהייסען היטען די קעפּ פון די שפּיציגע פעלזען, וועלכע סטאַרטשען אַרויס פון סילינג. מיר האָבען די לעמפּלאַך וועלכע האָבען דעם רויך אין אונזערע פּנים'ער געשליידערט, גע־האַלטען אין דער הויך, כדי צו זעהן וואו עס געפינען זיך די שפּיציגע פעלזען. די לינקע הענד האָבען מיר געהאַלטען פאַר־לעגט אויף די רוקענס, כדי זיי זאָלען זיך אויף דער „ערד" ניט שלעפּען, און אַזוי געבויגען זיינען מיר געגאַנגען ווייט,

ווייט... געהענדיג האָבען מיר באַמערקט קליינע פּאַמפּעס, און מיר האָבען דערהערט אַ גערויש אין די פּייפּס, וועלכע זיינען צו די פּאָמפּס געווען באַהעפט. מיר זיינען ענדליך געקומען צו אַ גרויסע הייל און פאַר אונזערע אויגען איז ערשינען אַ ריזיגע מאַשין — אַ פּאָמפּ. פון דער מאַשין האָט זיך אין אַ שעפּט געצייגט אַ זעהר דיקע פּייפּ אין דער הויך. דער אינדזשין האָט געאַרבייט, געסאָפּעט, עפּעס ווי ער וואָלט דעם אטעם ניט געקענט לייכט ציהען. לעבען דער מאַשין איז געשטאַנען אַ מיטעל־יעה־ריגער, קליינער מאַן, אין שמוציגע קליידער, און אין זיין קעפּ איז געווען אַ לעמפּעלע. דאָס איז געווען דער מאַשיניסט, וועמעם אויפגאַבע עס איז אכטונג צו געבען, אז דער אינדזשין, אָדער די ריזיגע פּאָמפּ, זאָל שטענדיג זיין אין גוטער אָרדנונג, ווייל אין פאַל דער אינדזשין זאָל ווערען אויסער אָרדער אַ פּאָר טעג, דאַן איז אַ געפאַהר.

אין די טונעלען פון אַ קויהלען־גרוב געפינט זיך וואַסער, וועל־כע רייסט זיך דורך די ווענד אָדער פון „סילינג״. מוז מען דאָס וואַסער ארויספּאָמפּען. דערפאַר געפינען זיך אין די טונעלען קליינע פּאָמפּעס, וועלכע פּאָמפּען דאָס וואַסער, און דורך די פּייפּס, וועלכע זיינען באַהעפט מיט די קליינע פּאָמפּס, קומט דאָס וואַסער אריין אין אַ שרעקליך גרויסע און טיפע גרוב, וועלכע געפינט זיך נעבען דעם ריזיגען פּאָמפּ, פון וועלכען די דיקע פּייפּ ציהט זיך אין דער הויך. די קליינע פּאָמפּס ארבייטען ביי טאָג און ביי נאכט, אין אָוועגט הויבט דער ריזיגער פּאָמפּ אָן צו ארבייטען. און דורך די דיקע פּייפּ, וועלכע ציהט זיך ביז אין דער הויך, גיסט דער פּאָמפּ דאָס וואַסער ארויס אין דער הויך און אויבען גיסט דאָס וואַסער זיך אריין אין קאַנאַלען וועלכע טראָגען עס ערגעץ אַוועק.

ארום 50 גאַלאָנען וואַסער פּאָמפּט דער ריזיגער פּאָמפּ אויס יעדע מינוט פון דער מינע, און ווען דיזער פּאָמפּ אָדער אינדזשין זאָל ווערען אויסער אָרדער, דאַן — דאַן ווערט דער מיין פאַר־טרונקען און — דאָס איז נאָך אַ סאָרט טויט פאַר די מיינערס.

מיר זיינען געשטאַנען לעבען אינדזשין, און מיר האָט זיך פאַרוואָלט אַ קוק נעבען אין דער טיפקייט פון גרוב. איך האָב

אָנגעהויבען צו קלעטערען אויף די פעלזען, וועלכע האָבען גע־פיהרט צו דער גרוב. מיין פריינד האָט אַ געשריי געגעבען, אַז איך זאָל עס ניט וואַגען צו טאָן. די נייגעריגקייט איז אָבער געווען שטאַרקער פון מיין פריינד'ס ווארנונג, און זי האָט מיר געשלעפּט. איך בין ענדליך געווען אויף אַ פעלז און איך האָב זיך אריבערגע־בויגען צו זעהן וואָס אין דער גרוב טוט זיך.

ווען איך בין אַ קליינער אינגעל געווען, איז מיר אין מיין אַלטער היים אויסגעקומען פארבייצוגעהן ביינאַכט דעם אַלעק־סאַטער בית־עולם. פון שרעק, געדענק איך, האָט זיך דאָן שיער מיין האַרץ אָפּגעשטעלט. מיינע פיס זיינען עפּעס ווי פארגליווערט געוואָרען, מיינע הענד זיינען עפּעס געוואָרען ווי אָפּגענומען. מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אַז מתים געהען אויפ'ן בית עולם ארום אין ווייסען און זיי רופען מיך. די קלענסטע באַוועגונג פון אַ בוים, וועלכער האָט זיך אויפ'ן בית עולם געפונען, האָט מיר גע־מאַכט שרעקליך פיהלען. טאָמער האָט דער ווינד די פּאָלע פון מיין רעקעל אַ ציה געטאָן, האָב איך געמיינט אַז אַ מת האָט עס גע־טען, און איך געדענק נאָך דעם שרעקליכען געשריי, וואָס איך האָב דאַן ארויסגעלאָזען, ווען אַ בלאַט פון אַ בוים איז מיר אין פּנים געפאַלען. ערשט שפּעטער האָב איך אויסגעפונען, אַז דאָס איז געווען אַ בלאַט פון אַ בוים, אָבער פריהער האָט זיך מיר אויסגע־דוכט, אַז די האַנד פון אַ טויטען האָט מיין פּנים באַריהרט.

ווען איך האָב זיך אריבערגעבויגען איבער דער גרוב אין דער קויהלען־מינע, האָב איך עפּעס געפיהלט אָט ווי דאַן, ווען איך בין דעם אַלעקסאַטער בית־עולם פאַרבייגעגאַנגען ביינאַכט. איך האָב געקוקט אין דעם וואַסער וואָס האָט זיך אין גרוב געפונען, און דאָרטען האָב איך געזעהן דעם טונקעלען פלאַם פון מיין לעמפּעלע. מיין גאַנצער קערפּער האָט אויפגעשווידערט. מיר האָט זיך אין דיזען מאָמענט אויסגעדוכט, אַז דאָרטען, אין דער טיפענים פון דער שרעקליכער גרוב, שווימען ארום טויטע קער־פּערס. אַלע דערשטיקטע, צוברענטע, דער'הרג'עטע און צוריסענע מיינערס, וועגען וועלכע איך האָב אַזוי פיל אין די צייטונגען גע־לעזען, זיינען, האָט זיך מיר אויסגעדוכט, דאָרטען אין דער גרוב

געוועז... מיר האָט זיך אויסגערוכט אז זיי האָבען געהאַלטען די אויגען אָפען און זיי האָבען געקוקט אויף מיר... איך בין ווי פאַר־גליווערט געוואָרען... דער פּאַרמאַן האָט מיר ענדליך א כאַפּ געטאָן, מיר ערקלערענדיג, אַז איך האָב זיך צופיל אריבערגע־בויגען, און איך האָב ווי פון א שרעקליכען חלום ערוואַכט... מיינע נערוועז זיינען צושרויפט געוועז, און מיין פריינד האָט אויף מיר געשריען, ווארום איך קריך אין געפעהרליכע פּלעצער...

און שווער האָט דער אינדזשין געסאָפּעט, און מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז אויך ער האָט פון שרעק ניט געקענט לייכט דעם אָטעם ציהען.

---

דער שטאָהל און די מויל עזלען. — ווערען דאַרטען צושלאָגען, און בלינד. — ווערען אויך אָפּטמאָל משוגע ווען מען נעהמט זיי אַרויף פון דער מינע אין דער הויך. — זייער קורצער לעבען.—די קעצעלע.

געהענדיג, אָדער בעסער געזאגט, קריכענדיג אין די פאַרשיי־דענע טיילען פון דער קויהלען־מינע, האָבען מיר געהערט מענש־ליכע שטימען, וועלכע זיינען געוואָרען צוזאמענגעמישט מיט דעם גרילצען פון רעדער, הייזעריגע קלאַנגען פון קייטען, מיט דאָס הוסטען און הירזשען פון פערד, וועלכע האָבען צוזאמען געשלעפּט געלאָדענע קארס מיט קויהלען אין די פאַרשיעדענע סטיישאָנס, וועלכע געפינען זיך אין דער מינע. צעהנדליגע און הונדערטע אַזעלכע קארס מיט קויהלען זיינען דאָ אין די סטיישאָנס און „זיי וואַרטען" ביז מען וועט זיי ארויפנעהמען אין דער הויך. די סטיישאָנס זיינען זעהר גרויסע און אין זיי געפינען זיך א סך טרעקס, אויף וועלכע די קארס שטעהען, און דאַרטען זיינען אויך איינגעריכטעט א גאַנצע סיסטעם פון סוויטשעס א. ז. וו.

געהענדיג אין איינעם פון די טונעלען, האָט זיך דערפיהלט א גערוך פון א שטאַהל. וואס טיפער מיר זיינען אין טונעל געקראָכען, אַלץ שטאַרקער איז דער גערוך געוואָרען, און — פּלוצלינג האָבען מיר זיך געפונען אין א גרויסען פּלאַץ, אין וועל־כען 2 טויזענד מענשען וואָלטען זיך געקענט לייכט באַוועגען. דער

פאָרמאַן איז צוגעגאַנגען צו אַ וואַנד, האָט אַ דריק געטאָן אַ קנע־פּעל, און — עלעקטרישע לאָמפּען האָבען אַלץ מיט אַלעמען באַלויכטען... עלעקטרישע לאָמפּען אין אַ קויהלען־מינע! מיר האָבען זיך אין דיזען מאָמענט גאַר פאַרגעסען, אַז מיר געפינען זיך 6 הונדערט פוס טיף אונטער דער ערד... דער באָדען איז געוועןן באַדעקט מיט ברעטער; די ווענד זיינען געוועזן גלאַט און דער סילינג איז געוועזן אויסגעפּלאַסטערט און ווייס, די ווענט זיינען אויך געוועזן ווייס. די אונטערשפּאַרערס, וועלכע האָבען דעם סילינג געהאַלטען אויף זיך, זיינען געוועזן פון קאָנקריט, און עס איז קיין געפאַהר ניט געוועזן, אַז ער, דער סילינג, זאָל ווען עס איז איינפאַלען... אַלעס איז געוועזן פעסט געמאַכט.

אַ הילצערנע געביידע איז דאָרטען געשטאַנען און אין דער געביידע האָבען זיך געפונען 28 „סטאָלס” — פּלעצער פאַר פערד, אָדער ריכטיגער געזאָגט, פאַר „מיולס” (מויל עזלען). אַרום 15 מיולס האָבען זיך אין די „סטאָלס” געפונען. די איבעריגע 13 האָבען געאַרבייט; געשלעפּט די פּראַכט־קאַרס אין די סטיישאָנס. דאַר און אויסגעמאַטערט זיינען געוועזן די מיולס, וועלכע האָבען זיך אין די סטאָלס געפונען. און עטליכע פון זיי זיינען געוועזן בלינד אויף ביידע אויגען, אָדער אויף איין אויג; זיי זיינען געוועזן צושלאַגען, צובלוטיגט; האָבען געהאַט וואונדען אויף די קניע און לעבער אין די פעל זייערע. זייער הוסטען האָט געקענט נערווען מאַכען; און יעדעס מאָל, וואָס אַ מיול האָט אַ הוסט געטאָן, איז זיין גאַנצער קערפּער געוואָרען ווי אַ בלאָזאַק, און זיין קאָפּ האָט ער כמעט צו דער ערד געוואָרפען... דער גאַנצער גליק פון דיזע אונגליקליכע באַשעפעניש‏ען איז, וואָס זיי דאַרפען זיך לאַנג ניט מוטשען אין דער מינע. ווען מען ברייננגט זיי אין דער מינע אַרונטער, זעהען זיי שוין מעהר ניט דאָס ליכט פון טאָג; דאָרטען פאַרבלייבען זיי ביז זייער לעצטען אָטעם־צוג; זיי לעבען דאָרטען 2 יאָהר, 3 יאָהר און אַמאָל זאָגאַר 5 יאָהר, אָבער שרעקליך איז דאָרטען זייער לעבען! כמעט שטענדיג געשפּאַנט זיינען זיי, און שלעפּענדיג די שווערע קאַרס מיט די קויהלען אין די פינסטערע טונעלען, וועלכע זיינען פול מיט גריבער, צוממית'ן זיי

זיך די פיס. אָפטמאָל צורייסען זיי זייערע קערפּערס, ווען זיי פאַלען אויף די טרעקס, אָדער אויף שטיקער שפּיציגע קויהלען, אָדער אויף אנדערע זאכען, וועלכע געפינען זיך אין דער מינע. עס טרעפט זעהר אפט, אז זיי שלאָגען זיך אָפּ די קעפּ אָן די שפּיציגע פעלזען אדער שטיינער, וועלכע שטעקען פון „סילינג" ארוים. און דער אייביגער שטויב פון די קויהלען פילט זייערע אויגען אָן, און דיזער שטויב צופרעסט זייערע אויגען... קיין פערד נעהמט מען אין קיין קויהלען מינע ניט ארונטער, ווייל זיי וואָלטען דאָרטען לאנג ניט געקענט לעבען. מיולס אבער קענען לענגער ליידען, קענען מעהר אויסהאַלטען די שרעקליכע פּלאָגענים, און נאָר מיולס נעהמט מען אין די מיינס ארונטער.

אמאָל, אמאָל, ווען עס מאכט זיך א סטרייק אין א מינע, אָדער ווען א מיול ווערט געפערליך קראנק, נעהמט מען איהם ארויף אין דער הויך, און — דאס ליכט פון טאָג מאכט איהם ווילד, צורייצט, אָפטמאָל וואנזיניג. און אין דיזען מאָמענט ווערט ער געפערליך; ער קען מענשען הרג'נען. אבער זעלטען, זעלטען, ווען מען נעהמט איהם ארויף אין דער הויך... דאָרטען, אונטען אין די טונעלען פון דער אייביגער נאַכט, לעבען זיי, און דאָרטען ענדיגען זיי זייערע לעבענס.

דאָרטען, אין א ווינקעל פון שטאַהל, האָב איך א קעצעלע באמערקט, און די קעצעלע האָט אויף אונז געקוקט — עפּעס אזוי־ווי פארשעהמט געקוקט... איהרע בליקען, האָט זיך מיר אויסגעדוכט, זיינען געווען פארטרויערטע, און זיי האָבען עפּעס ווי געבעטען, רחמנות געוועקט... איך האָב מיט איהר מיטלייד געהאַט, און קוקענדיג אויף איהר האָב איך געטראַכט: שווער צו לעבען, קעצעלע, דאָ אין דער שרעקליכער מינע, הע? פאַראַנען קעצלאַך, וועלכע זיינען גליקליכער ווי דו ביזט; יענע געפינען זיך אין רייכע הייזער, און מען טוליעט זיי, מען וואַשט זיי, מען היט זיי אָפּ... ארום רייכע טישען געפינען זיי זיך, און מען גיט זיי מילך, אביסעלע סמעטענע אָדער אַנדערע גוטע, געשמאַקע זאכען, זיי קאָנען זיך ווארימען אונטער די שטראַהלען פון דער זון. אדער זיך לעגען לעבען א ווארימען אויווען. אָבער — דו, אָרימע קעצעלע,

האָסט נעבאך קיין מזל ניט; אָט דאָ, אין דער פינסטער, מוזטו דיין לעבען פארברענגען. שווארץ איז דיין מזל, און שווארץ איז אלעס ארום דיר... אומעטיג, קעצעלע, הע? טרויעריג אזא לעבען...

און, געקוקט האָט די קעצעלע אויף אונז. דערנאָך איז זי טיעף אין א לאָך אריינגעקראכען, און מיר האָבען איהר מעהר ניט געזעהען... עס קען זיין, אז זי האָט זיך פארשעהמט פאר אונז, אָט פונקט ווי אן ארימאן שעהמט זיך אמאָל מיט זיין בייזען מזל, און עס קען זיין, אז זי איז אין איהר בעהעלטענים אריין זיך אביסעלע אויסוויינען אויף איהר טראגישען לעבען... קעצעלאך פיהלען אויך א וועהטאָג, ווען זיי ליידען, און קעצעלאך קענען אויך וויינען, ווען עס טהוט זיי וועה...

און אפשר זיינען איהרע בליקען געוועזען בייזע, גיפטיגע, אלס פּראָטעסט געגען די מענשען, וועלכע האָבען איהר געפאנגען גענומען, פון איהר פרייהייט בארויבט, און איהר אין דער שווארצער שרעקליכער מינע געבראכט? אפשר האָט זי דורך איהרע בליקען אונז קללות געשיקט, פארוואס די מענשען האָבען איהר אזוי גרויזאם, אזוי ברוטאל באהאנדעלט? ווער ווייסט...

ווען די קעצעלע וואָלט די מענשליכע שפראך פארשטאנען, און ווען זי וואלט געקענט באגרייפען מענשליכע געדאנקען און געפיהלען, וואלט איך געזאגט צו איהר:

קעצעלע, זיי ניט בייז אויף אונז; ניט אלע מענשען זיינען שלעכט, און ניט אלע מענשען דארף מען פאראכטען. פאראנען א סך, א סך מענשען, וועלכע זיינען פונקט ווי דו געפאנגען, און זיי ליידען, און זיי קרעכצען פון וועהטאָג און זייערע אייגענע מיטמענשען האלטען זיי אין קייטען געשמידט; האָבען קיין רחמנות ניט אויף זיי.

זעה קעצעלע, אָט דאָ אין דער שרעקליכער מינע ארבייטען הונדערטער מענשען, און זעה ווי זיי ארבייטען שווער: זעה ווי זיי ווערען דאָ געדריקט און געשטיקט; געפלאגט און געמוטשעט צום טויט; דער רויך פון די לעמפעלאך, דער גאז, און דער קויהלען-שטויב פארקירצען זייערע יאהרען און זיי שטארבען פאר דער צייט; זיי ווערען דאָ דערשטיקט, פארברענט, דערטרונקען, און

צוריסען אין שטיקער, און אלץ פאר א שטיקעל ברויט. דענקסטו ניט, קעצעלע, אז עס איז א רחמנות אויף זיי? פונדעסטוועגען ווערען זיי פון זייערע אייגענע מיטמענשען אזוי שלעכט באהאנדעלט; אזוי צום טוידט געמוטשעט...

זעה קעצעלע: אָט איז א שטאַל, וואו מען האלט עזלען, און דאָ, אין דיזען שטאַל, האָבען די בעלי בתים איינגעפיקסט עלעקטרישע לייכטער; דער פלאָאָר פון שטאַל איז מיט ברעטער באדעקט; אלעס איז געמאכט פעסט, כדי דער סילינג זאָל ניט איינפאלען; די ווענד זיינען געקאלכט און ריין; עס זיינען דאָ מענשען, וועלכע זארגען פאר די עזלען; מען היט זיי אָפּ אין פאַל זיי ווערען קראנק; מען ברענגט דאָקטוירים פאר זיי; מען גיט זיי עסען, מען גיט זיי טרינקען, און מען זארגט פאר זיי.

איצטער זעה, קעצעלע: דאָרטען, וואו די מענשען ארבייטען אין מיין, איז שטענדיג פינסטער; ניטאָ קיין עלעקטרישע לייכטער; דער באָדען איז ניט באדעקט מיט ברעטער; דער סילינג איז שוואך און ער קען אלע וויילע ארונטערזינקען און די מענשען דער'הרג'ענען; דאָס וואסער, וועלכע די מענשען טרינקען דארטען, איז שמוציג; און ווען זיי ווערען קראנק, זארגען ניט די בעלי בתים פאר זיי; מען ברענגט ניט קיין דאקטוירים פאר זיי; מען לאזט זיי אויסגעהן פאר דער צייט; מען זארגט זיך ניט וועגען זייער לעבען...

ווייסטו, קעצעלע, פארוואס אָט די רייכע מענשען האָבען מעהר רחמנות אויף די עזלען, וועלכע דו זעהסט דאָ, ווי אויף די ארימע מענשען, וועלכע מוטשען זיך אין מינע? מיינסטו אפשר, קעצעלע, אז דאס איז דערפאר, ווייל זייערע הערצער האָבען מיטלייד מיט די עזלען? ניין, א טעות, אויב דו דענקסט אזוי. איך וועל דיר זאגען פארוואָס דאָס איז, קעצעלע: דאס איז דערפאר, ווייל, ווען א מיינער פארלירט זיין געזונד אדער זיין לעבען, ארט די בעלי בתים גאָר ניט; זיי דערלייגען ניט דערצו; זיי דארפען די פאמיליע פון דעם מיינער ניט פארזארגען. ווען אן עזעל ווערט אבער דער'הרג'עט, פארלירען זיי דאס געלד, וואס זיי האָבען פאר'ן עזעל באצאָהלט, און פארלירען ווילען זיי ניט... דערפאר, קעצעלע,

האָבען זיי מעהר „רחמנות" אויף די עזלען און אויף די פערד, און אויף די מאשינען, ווי אויף מענשען... דו, קעצעלע, ביסט ניט די איינציגע, וועלכע ליידעט דאָ אין דעם גרויסען פינסטערען קבר... א סך, א סך אונגליקליכע זיינען דאָ אין דער מינע, און אנדערשוואו, וועלכע ליידען, וועלכע זיפצען, און וועלכע קרעכצען דורך די זעלבע מענשען, וועלכע האלטען דיך געפאנגען, און וועלכע פלאָגען דיר...

נאָר דאָס קעצעלע פארשטעהט ניט די מענשליכע שפראך, זי באגרייפט ניט די מענשליכע געדאנקען און געפיהלען, און דערפאר איז זי בייז מסתמא אויף אלע מענשען...

אָרימע קעצעלע!.. און אפשר איז איהר טאקע בעסער, וואס זי פארשטעהט ניט... איך קען א סך, א סך, וועלכע פארשטעהען ניט, און זיי לעבען גליקליכער, ווי די, וועלכע פארשטעהען יא...

---

ווי אַזוי מען „גראָבט" קויהלען. — דער זעקעלע מיט פולווער און דער מיינער. — דאָס לויפען פון געפאַהר. — ווארום די מיינערס זיינען גליקליך ווען דער קראַך פון דעם פולווער איז שטארק. — דאָס פאר־איינציגען פון צוויי טונעלען.

מיר זיינען דורכגעגאנגען, אדער בעסער געזאגט, מיר האָבען זיך, ווי שלאַנגען, געדרעהט דורך די איינגע טונעלען פון דער קויהלען מינע; מיר האָבען געזעהען, און אויך טיילווייז דורכגע־לעבט די געפאהרען, וועלכע זיינען דארטען דאָ; מיר האָבען גע־זעהן די שטאלען, וואו די מויל־עזלען ווערען געהאלטען; די פּאָמפּס און פארשידענע אנדערע זאכען, וועלכע עס איז מעגליך געווען צו זעהן, אבער, ווי אזוי „גראָבט" מען קויהלען? ווי אזוי רייסט מען ארויס פון דער בויך פון אונזער מוטער־ערד אָט דיזע שווארצע בריליאנטען, וועלכע ווארעמען אונז אין די קאלטע טעג און וועלכע מאכען אונז אזוי באקוועם אין די היימען, ווען פרעסט ברענען, ווען די ווינטען שטורמען אין דרויסען און טראגען אָן בערג מיט שנעע ארום אונזערע ווארעמע היימען, וואו מיר פיהלען זיך אזוי גוט? מיר האָבען געוואלט זיין דארטען און אלעס זעהן,

טראָץ דעם, וואס די הערצער ביי אונז האָבען פעסט געקלאפּט פון שרעק...

און דער פארמאן פון דער קויהלען־מינע האָט אונז געפיהרט אהין און מיר זיינען געגאנגען, ניין, מיר זיינען ווידער ווי שלאַנ־גען געקראָכען דורך א שרעקליך געדרעהטען טונעל, וועלכער האָט אונז געפיהרט אהין. געהענדיג האָב איך דערפיהלט א שמערץ אין קאָפּ... מיין קאָפּ האָט זיך אָנגעשלאָגען אָן א ריזיגע שטיק קויהל, וואס האָט ארויסגעסטארטשעט פון „סילינג" פון טונעל. מיין לעמפּעלע, וועלכען איך האָב געטראָגען אויפ׳ן קאָפּ, איז ארונטערגעפאלען צוזאמען מיט מיין העט, און איבער מיין פּנים האָט זיך אנגעהויבען צו גיסען אָיל, וואס האָט זיך אין לעמפּעלע געפונען... דער וועהטאָג איז געווען שטארק, אבער, דער פארמאן האָט מיר ווידער „צוגעפיקסט" דעם לעמפּעלע און — טראָץ דעם וועהטאָג, זיינען מיר ווידער געקראָכען, אפטמאָל פאלענדיג אויף די אייזערנע רעלסען, וועלכע זיינען געווען אויסגעלייגט אויפ׳ן „פלאָאָר" און אויף די שטיקעל קויהלען, וועלכע האָבען זיך דארטען ארומגעוואלגערט.

לאנג זיינען מיר אזוי געקראָכען. פּלוצלינג האָבען מיר דער־הערט שטימען ניט ווייט פון אונז.

„באלד וועט מען אויפרייסען א וואנד — האָט דער פארמאן געזאגט צו אונז, — איך האָב געגעבען צו וויסען די לייטע, אז זיי זאלען ווארטען מיט׳ן אויפרייסען ביז וואנענט מיר וועלען קומען".

און מיר זיינען ענדליך צוגעקומען צו א וואנד, וואו עס האָ־בען זיך געפונען עטליכע מענשען. ניט ווייט פון דער וואנד איז געווען א טיפע גרוב, אין וועלכער עס זיינען מענשען געשטאַנען; אין גרוב איז געווען א סך וואסער, און די מענשען, וועלכע האָבען זיך אין דער גרוב געפונען, זיינען ביז די קני געשטאַנען אין וואַ־סער און זיי האָבען פון דארטען ארויסגעהויבען ריזיגע שטיקער קויהלען; אנדערע מענשען האָבען די שטיקער קויהלען איבער־גענומען פון די, וועלכע זיינען אין גרוב געווען, און זיי האָבען דאס ארייַנגעלייגט אין קליינע וואגאָנען, וועלכע זיינען געווען ניט ווייט פון זיי און וועלכע זיינען געווען אויף רעלסען.

ווען מיר זיינען צוגעגאנגען אהין, האָבען אונז אלע באגריסט און זיי האָבען זייער ארבייט ווייטער געטאָן.

נעבען דער וואנד איז געלעגען א מענש, וועלכער איז אין גאנצען שווארץ געווען, און ער האָט מיט עגבערס געבויערט אין דער וואנד. ווען ער איז פארטיג געווארען מיט איין עגבער, האָט ער גענומען א צווייטען, און ער האָט אין דער זעלבער לאָך געבויערט — געווען א גרעבערער עגבער, און אזוי האָט ער געביטען עטליכע אזעלכע עגבערס. די לאָך איז געווארען אלץ גרעסער און — דאן האָט ער זיך אויפגעהויבען, צוגעגאנגען צו א פּלאץ, וואו עס האָבען זיך געפונען א פּאָר קליינע קעסטעלאך.

„אין דיזע קעסטלאך געפינט זיך פּולווער, — האָט דער פּאר־מאן באמערקט, — און דאס איז איצטער געקומען דער מיינער אנפילען א זעקעל, מיט וועלכען די וואנד אויפצורייסען”.

דאָס דערהערענדיג האָט מיר אָנגעהויבען שווינדלען אין קאָפּ... פּולווער!.. איך האָב געפיהלט, ווי דער טוידט וואָלט געווען נאָהענט נעבען מיר... פּארשידענע שרעקליכע בילדער האָ־בען זיך אנגעהויבען צו וועבען פאר מיינע גייסטיגע אויגען... ווי־פיעל מענשען ווערען דאָס יעדען יאָהר געטוידטעט אין די מיינס פון דיזע פּולווער! וויפיעל טראגעדיעס האָבען זיך דאס אפּגע־שפּילט, ווען מינען זיינען פון פּולווער אויפגעטרייסעלט געווארען, און הונדערטער מענשען — אומגליקליכע ארבייטער, זיינען דער־שטיקט געווארען... אָבער די נייגעריגקייט איז געווען ביי מיר שטאר־קער, ווי אלעס; איך האָב אלעס געוואָלט זעהן...

אזוי פיעל הונדערטער טויזענדער מענשען ארבייטען אין מיינס, און זיי זיינען שטענדיג אין אזעלכע געפאהרען, — האָב איך אין דיזען מאָמענט א טראכט געטאָן, — און אויב זיי האָבען ניט קיין מורא, טאָ ווארום זאָל איך זיין אזא פייגלינג? זייערע לעבענס זיינען ביי זיי אזוי טייער, ווי מיין לעבען איז ביי מיר; זיי האָבען דאָך אויך ליבע און טייערע... מסתמא איז די געפאהר ניט אזוי גרויס.

און דער מאן האָט דערווייל, ווען איך האָב געפיהלט אזא שרעק, אָנגעפּאקט א לאנגען זעקעלע מיט פּולווער. דאָס זעקעלע

האָט אויסגעקוקט צו זיין ארום דריי פוס לאַנג און אונגעפעהר ארום דריי אינטשעס דיק. געווען עפּעס ווי א לאַנגער וואורשט... ווען ער איז פאַרטיג געווארען מיט אנפּאַקען איהם, האָט ער דעם זעקעל גענומען אין די ארעמס, אָט ווי מען נעהמט אין די ארעמס א קינד, און ער איז געגאַנגען מיט איהם צו דער לאָך, וועלכע ער האָט אויסגעבויערט. דארטען האָט ער זיך אוועקגעלייגט אין א האַלב זיצענדער פּאָזע און ער האָט דעם זעקעל אָנגעהויבען אריינצופּאַקען אין דער לאָך. מיר האָט אָנגעהויבען צו טרייסלען א צאָהן אן א צאהן, און א קוקגעבענדיג אויף מיין פריינד, וועל־כער איז געווען נעבען מיר, האָב איך געפיהלט, אז ער איז ניט וועניגער צושראַקען, ווי איך; מיר דוכט זיך, אז ער האָט אויף די פיס ניט געקענט שטעהן פון שרעק...

ווען דער מאַן האָט שוין געהאַט אריינגעפּאַקט דעם גאַנצען זעקעל אין דער לאָך, האָט פון דעם זעקעל ארויסגעשטעקט א לאַנ־גער קנייט. דאַן האָט ער מיט גאַנץ דינע קויהלען־שטויב די לאָך פאַרפּאַקט אזוי, אז דער זעקעל האָט זיך שוין מעהר ניט ארויס־געזעהען, נאָר דער קנייט איז פון דעם פּלאַץ ארויסגעהאַנגען.

„איצטער לויפט“ — האָט דער מאַן דאַן געזאָגט צו אונז, און — מיר אלע זיינען געלאָפען. דער פאָרמאַן איז געלאָפען אפריי־הער; נאָך איהם זיינען געלאָפען אַלע אנדערע — מיין פריינד, איך און די ארבייטער, וועלכע האָבען ארויסגענומען די קויהלען פון דער גרוב און וועלכע האָבען אנגעלאַדען מיט קויהלען די קארס. מיר זיינען געלאָפען, — ניין, מיר זיינען אַלע ווייַלע געפאַלען, און ווידער געלאָפען... און דאָס הארץ האָט ביי מיר שרעקליך גע־קלאַפּט און עס איז זיכער, אז די הערצער פון די אנדערע האָבען געקלאַפּט פון שרעק... ענדליך זיינען מיר אָנגעקומען צו א טונ־נעל, וואו דער פּאָרמאַן האָט אונז געהייסען זיך אוועקזעצען.

און מיר האָבען זיך אוועקגעזעצט.

און דאַן האָב איך אנגעהויבען צו פיהלען, אז מיר זיינען ברוּ־טאַלע מענשען; אז מיר זיינען שרעקליכע מענשען... מיר זיינען אנטלאָפען פון געפאַהר; מיר האָבען זיך גערעטעט, אבער ער, יענער מאַן, דער מיינער, איז געבליבען דאָרטען איינער אליין...

ער איז געבליבען דארטען אנצוצינדען דעם קנייטעל, וועלכער האט ארויסגעשטעקט פון דעם לאנגען זעקעל מיט פולווער, און בלויז דריי מינוט צייט נעהמט ביז דער אנגעצונדענער קנייטעל דער־גרייכט די פולווער! בלויז דריי מינוטען! אונז דוכט זיך, האט גענומען א לאנגע, לאנגע צייט, איידער מיר זיינען געקומען צו דעם טונעל, וואו מיר האבען זיך אוועקגעזעצט... ער וועט מוזען לויפען שנעל, ער וועט זיך מוזען יאגען, אום ניצול צו ווערען פון טוידט... טאמער פאסירט עפעס מיט איהם און ער קען ניט לוי־פען... טאמער פאלט ער אדער טאמער דערגרייכט דער ברענענדער קנייט שנעלער, ווי אין דריי מינוטען און — ער, דער אונגליקליכער, וועט אין שטיקער צוריסען ווערען... איך האב געפיהלט, אז מיר זיינען ברוטאל, וואס מיר האבען איהם דארטען איבערגעלאזען... איך האב געפיהלט עפעס, ווי מיר וואלט אנגעהויבען צו שטעכען אין גאנצען קערפער.

און מיר אלע זיינען געווען פארטראכט. פלוצלונג האט זיך דערהערט א געלאף... א שווארצער מענש איז אריינגעלאפען אין טונעל און — ער האט זיך ווי א ווארף געטאן אויף א שטיק קויהל און ער איז געבליבען זיצען מיט אן אראפגעלאזענעם קאפ, האל־טענדיג איהר אונטערגעשפארט מיטביידע הענד... דאס איז גע־ווען ער, דער מיינער, וועלכער האט דעם קנייטעל אונטערגעצונ־דען... ער איז געזעסען און שווער געסאפעט — ווי אן אינד־זשען האט ער געסאפעט. איך האב געוואלט מיט איהם עפעס רעדען, אבער ער האט רעדען כמעט ניט געקענט, — ער האט צו שטארק געסאפעט.

פלוצלונג איז די גאנצע מינע אויפגעטרייסעלט געווארען. דער אנגעצונדענער קנייטעל האט די פולווער דערגרייכט און — דער קראך איז געווען א שוידערליכער; ער האט אונז כמעט אין דער הויך אויפגעהויבען.

„דאס איז גוט!” — האט דער מיינער מיט פרייד א זאג גע־טאן, — דאס איז פיין!” און ער האט זיך שנעל אויפגעהויבען און האט אנגעהויבען זיך צו רייבען די הענד עפעס ווי פון שמחה, זאגענדיג „איי גוד סטראק!” איי גוד סטראק!”

איך האָב ניט פאַרשטאַנען זיין פרייד און איך האָב אויך ניט באַגריפען די פולע באַדייטונג פון „איי גוד סטראַק”. האָט מיר דער פאָרמאַן ערקלערט:

אין די מינען אַרבייטען „מיינערס” און „לייבאָרערס”. די לייבאָרערס טראָגען קויהלען, לאַדען אָן מיט קויהלען די וואַגאָנעס, אָדער זיי טוען אַנדערע אַרבייט, צו וועלכע מען דאַרף קיין קינסט־לער ניט זיין, מען דאַרף ניט קענען דעם פאַך. די מיינערס אַבער רייסען בלויז אויף די קויהלען־וועגד און זיי קריגען באַצאָהלט לויט די צאָהל קאַרס קויהלען, וועלכע זיי האָבען אויפגעריסען. צום ביישפּיעל: דאָס זעקעל פּולווער רייסט בלויז אויף גענוג קויהלען אָנצולאַדען פינף קאַרס, וועלכע געפינען זיך אין די מיינס, דאַן קריגט ער באַצאָהלט פאַר בלויז אַזוי פיעל אויפגעריסענע קויה־לען. אַ זעקעלע פּולווער אַבער קען אַמאָל אויפרייסען גענוג קויה־לען אָנצולאַדען פופצעהן אָדער צוואַנציג קויהלען קאַרס און דאַן אין זיין פאַרדינסט דריי אָדער פיער מאָל אַזוי פיעל.

דער מיינער האָט זיך, אַלזאָ, געפרעהט וואָס עס איז געווען אַ גוטער „סטראַק”. לויט דעם קראַך האָט ער פאַרשטאַנען, אַז דער זעקעלע זיינער, וועלכען ער האָט אַריינגעפּאַקט אין דער קויהלען־וואַנד, האָט געטאָן וואונדערבאַרע אַרבייט; ער האָט אויפגעריסען אַ מאַסע קויהלען!.. דאָס הייסט, ער האָט מיט איין מאָל פאַרדינט אַ סך געלד און דאָס האָט איהם געמאַכט גליקליך, דאָס האָט איהם געמאַכט רייבען די הענד מיט אַזאַ צופרידענהייט...

און וואָס גרעסער דער קראַך, וואָס גרעסער די געפאַהר פיהלט דער מיינער גאַנץ אָפט גליקליכער...

איך זאָג „גרעסער די געפאַהר”, ווייל, ווי שוין געזאָגט, טרעפט, אַז ווען די זעקעלאַך מיט פּולווער אָדער מיט דינאַמיט רייסען אויף די וואַנד, דאַן פאַלען איין די סילינגס פון די מיינס, דאַן טרעפען שרעקליכע אונגליקען און מענשען פאַרלירען זייערע לעבענס, אַבער דער קאַמף פאַר׳ן עקזיסטענץ איז אַזוי גרויס, אַז די אונגליקליכע מיינערס פאַרגעסען זיך גאַנץ אָפט אָן די געפאַהרען, און זיי פרעהען זיך, ווען די קראַכען זיינען גרעסער, שרעקליכער און — געפעהרליכער...

גלייך געהן צוריק צום פּלאַץ, וועלכער איז אויפגעריסען געוואָ־רען, האָט מען ניט געקענט, ווייל עס נעהמט ארום צוואַנציג מינו־טען, איידער דער געדיכטער שטויב, וועלכע דער אויפרייס האָט פאַראורזאַכט, „זעצט זיך" אזוי, אז מען זאל דארטען קענען פאַר־בלייבען. עס איז אוועקגעגאַנגען די געוויסע צייט און דאַן האָבען מיר אלע מאַרשירט צו יענעם פּלאַץ, וואו מיט א קורצער צייט צו־ריק איז אלעס אויפגעריסען געוואָרען און דער טויט האָט געשוועבט פאַר די אויגען.

„מיר וועלען דארטען איצטער טרעפען נאָך א מיינער — האָט דער פאָרמאַן געזאָגט צו מיר, — ער וועט וואַרטען אויף אונז.

אויף א פראַגע, ווי עס קומט דארטען א מיינער, האָט ער ער־קלערט:

צוויי טונעלען זיינען געגראַבען געוואָרען אין דער מינע איינע געגען די אַנדערע, און די וואַנד, וועלכע איז אויפגעריסען געוואָ־רען, האָט געדאַרפט ביידע טונעלען פאַרבינדען, מאַכען פאַר איין טונעל, ווייל זיי זיינען געגראָבען געוואָרען אבזיכטליך אזוי, אז זיי זאָלען קענען ווערען איין טונעל. דער מיינער, וועלכער האָט אריינגעלייגט דעם זעקעלע, האָט געגעבען סיגנאַלען דעם מיינער, וועלכער איז געווען פון יענער זייט וואַנד, אז ער זאל „לויפען"... מיט קלעפּ פון א האַמער האָט ער די סיגנאַלען געגעבען און — יענער האָט שוין געוואוסט, וואס דאס מיינט און ער איז געלאָפען פון געפאַהר. יעצט אבער איז שוין די וואַנד אויפגעריסען און יענער מיינער איז שוין דאָ צוריק, אדער ער וועט אין א פּאָר מי־נוטען קומען צום פּלאַץ און — מיר וועלען איהם באַגעגענען דארטען.

און מיר זיינען געקומען אהין. בערג מיט קויהלען זיינען גע־ווען אָנגעשליידערט; די ריזיגע וואַנד איז געוואָרען אויפגעריסען אויף א שרעקליכען אופן און דער שטויב האָט שטאַרק געשטיקט, געוואָרגען; מען האָט אויך געקאָנט פון דעם קויהלען־גאַז דער־שטיקט ווערען. פּלוצלונג האָט זיך באַוויזען א לעמפּעלע... פון יענער זייט וואַנד איז אַנגעקומען א מיינער מיט דעם לעמפּעלע

אויפ׳ן קאָפּ, און ער האָט אונז פון דער ווייטען באַגריסט... צוויי טונעלען זיינען פאַראייניגט געוואָרען...

דער שטויב און דער קויהלען־גאַז האָט אזוי געשטיקט, אַז איך האָב געפיהלט, אַז לענגער וועל איך שוין ניט קענען אויסהאַלטען און איך האָב געבעטען דעם פאַרמאַן, אַז ער זאָל אונז אַרויספיה־רען פון שוידערליכען גיהנום. מיר האָבען די מיינערס און די „לייבאָרערס" פאַרלאָזען, זיך דריקענדיג די הענד און — מיר זיי־נען ענדליך געקומען צום עלעווייטאָר, וועלכער האָט אונז אין דער מינע אַרונטערגענומען...

ווען מיר זיינען אין מיין אַרונטער, האָט נאָך די זון געשיינט, און זי האָט זיך געקליבען צו וואַרפען די לעצטע שטראַהלען אויף דער ערד. ווען מיר זיינען ווידער אַרויף „אויבען", איז שוין די זון ניט געווען, נאָר די בלאַסע לבנה האָט זיך געשפּיגעלט פאַר אונז און מיליאָנען שטערען האָבען געפינקעלט. די לופט איז גע־ווען ערפרישענד, און אָטאָמאָבילס האָבען זיך געיאָגט, געפיהרט גליקליכע, צופרידענע.

און פון ווייטען האָבען זיך געהערט גלאָקען־קלאַנגען, וועלכע זיינען צוזאַמענגעמישט געוואָרען מיט דעם געררויש פון מענשען.

איך האָב געגעבען א בליק אויפ׳ן הימעל און מיינע גייסטיגע אויגען האָבען געגעבען א בליק אין דעם גיהנום אין דער ערד...

פון מיין הארצען האָט זיך אַרויסגעריסען א לאַנגער, לאַנגער זיפץ אויף דעם לעבען פון די אומגליקליכע, וועלכע פּראַצעוועץ, ווערען געשטיקט, פאַרברענט און דערטרונקען זעקס הונדערט פוס טיעף אונטער שטיינער און פעלזען.

און דער לאַנגער, לאַנגער זיפץ ציהט זיך נאָך יעצט פון מיין האַרצען...

# אינהאַלט:

## ווארטענדיג אויף דער סאָציאַלער רעוואָלוציע.

דאָס איז געווען אין יאָהר 1893, אין דער צייט פון דער וועלט אויסשטעלונג אין שיקאגאָ. די צייט איז דאן געווען א שווערע. מענשען זיינען ארומגעגאנגען פאר'חלש'טע פון הונ־גער, ווייל דאן איז געווען א שרעקליכער קריזיס אין לאנד. דער אידישער ראדיקאלער עלעמענט אין שיקאגאָ איז אין „פאר'חלש'ט־קייט" קיין אויסנאהמע ניט געווען; מיר האָבען געליטען הונגער ווי געהעריג איז. ניט געווען וואו צו שלאָפען, און וואו דעם קאָפּ אנצושפארען... אונזער גאנצער גליק איז געווען וואָס מיר האָבען דאן געהאט א קלאָב — דער „פּראָגרעסיוו קלאָב" — וועלכער האָט זיך געפונען אויפ'ן קאָרנער 14טע און דזשאהנסטאָן סטריטס, און דאָרטען האָבען מיר געלעבט פול מיט האָפנונגען, און דאָר־טען האָבען מיר עס פאנטאזירט וועגען דער צוקונפט פאר דער מענשהייט...

ווי געזאָגט, זיינען מיר געווען גרויסע אָרימע לייט, אזוי אָרים, אז טאָמער האָט מען ביי איינעם דערזעהן א קוואָדער, האָט מען איהם געהאלטען פאר א בורזשוא... טאָמער האָט איינער גע־האַט דעם אונגליק זיך ארויסצורעדען, אז ער האָט זעכציג דאלאר, איז ער ביי פילע פון די מעמבערס פאררעכענט געוואָרען אלס א מין פארקויפטע נשמה צו די קאפיטאליסטען, און עטליכע מעמ־בערס האָבען זאָגאר צווישען זיך באשלאָסען, אז מען זאָל אונטער־זוכען זיין פארגאנגענהייט, וועלכע האָט, ווי זיי האָט געשיינט, נעדארפט זיין א זעהר ניט עהרליכע, א שרעקליכע, ווייל אויפ'ן עהרליכען וועג איז ביי זיי אויסגעקומען, קען מען אזוי פיל געלד ניט מאכען... דער פארדאכט איז נאָך גרעסער געוואָרען ווען מען האָט אויסגעפונען, אז ער ארבייט ניט פאר א לענגערע צייט,

טאָ וואו האָט ער גענומען אַזוי פיל געלד? איז ער אַ פאַרקויפ־טער צו קאַפּיטאַל; איז ניט אַנדערש, אַז ער איז אַ פאַררעטער צום אידעאַל, און דאָס וואָס ער איז געוואָרען אַ מעמבער פון קלאָב, איז ניט מעהר ווי אויסצושפּיאָנירען אַלעס וואָס דאָרטען קומט פאָר, און עס נאָכהער איבערגעבען אין ריכטיגען אָרט...

און נאָך אַ פאַרדאַכט איז געוועזען אויף איהם: ער פלעגט צאָהלען די דיוס רעגעלמעסיג, און ער פלעגט קומען שטענדיג צו די מיטינגען. אמת, צו די מיטינגען פלעגען אַלע קומען, אָבער צאָהלען דיוס? ווער האָט עס געהאַט געלד? מיר וואונדערט נאָך עד היום וואו מען האָט גענומען רענט צו צאָהלען... עס קען זיין, אַז דער לענדלאָרד האָט מורא געהאַט רענט צו מאָהנען, ווייל אויף „ציצילימטען" האָט מען דאַן אַלץ געגלויבט, טראָץ דעם וואָס אַלע זיינען געוועזען שטילע און רוהיגע מענשען, וועלכע זיינען כמעט צור־פאַלען ווי פליגען ווען זיי האָבען אַ פאָליסמאַן דערזעהן...

געוועזען נאָך אַ מעמבער דאָרטען אויף וועמען מען האָט גע־האַט אַ פאַרדאַכט, אַז ער איז ניט געוועזען אין גאַנצען כשר... זיין גאַנצער גליק איז געוועזען דאָס וואָס ער האָט זיך פאַרליבט אין אַ זעהר מיאוס'ע אַנאַרכיסטקע... האָט מען אַזוי גערעכענט: ווען ער וואָלט ניט געוועזען קיין אידעאַליסט, טאָ ווארום האָט ער זיך אין דער מיאוס'ער אַנאַרכיסטקע פאַרליבט? האָט ער דען ניט געקענט קריגען אַ שעהנערע, וואָס האָט גאָר קיין אידעאַל ניט? איז וואָס דען? ער ליבט איהר אידעאַל, און אַ מענש וואָס קען זיך אין אַ אידעאַל פאַרליבען, איז געוויס ווערט צו זיין אין אונזער מיטע...

אין פּראָגרעסיוו קלאָב האָט זיך געפונען אַ טיש, וועלכער איז געוועזען אַן אַנטיק זאַך — ער איז, ווי מבינים האָבען געזאָגט, נאָך איבערגעבליבען פון נח'ס קאַסטען... געוועזען דאָרטען אַ פּאָר שטולען, וועלכע מען האָט געקענט פאַרגלייכען צו שיכורים — זיי האָבען אויף די פיס ניט געקענט שטעהן... אויסער דיזע פאַר־ניטשור, האָבען זיך דאָרטען געפונען פּיקטשורס פון מיכאַאיל באַקונין, פּעטער קראַפּאָטקין, דוד עדעלשטאַט, לואיזא מישעל און פון נאָך אַ פּאָר באַריהמטע פּערזענליכקייטען. שפּעטער איז אַ

גענאָסע געשטאָרבען און ער האָט איבערגעלאָזען עטליכע טשערם פאר'ן קלוב. דאָס האָט פיל געהאָלפען, און מעהר גענאָסען האָבען זיך געקענט אוועקזעצען ביי א מיטינג, אָדער ביי א דיסקורסיאָן. די יעניגע, וועלכע האָבען קיין טשערם ניט געהאט, פלעגען אָדער שטעהן אָדער זיי פלעגען זיך אוועקזעצען — אויף אלטע גומערען פון דער „פרייע ארבייטערשטימע”... ווען זיי וואָלטען זיך אוועקגעזעצט אויף דער ערד, וואָלטען זייערע בגדים (מיינע אויך) גאָר ניט געליטען, ווייל די בגדים זיינען געוועזן פון דעם סאָרט, וואָס האָבען שוין קיין שמוץ צו זיך ניט צוגענומען, אין געגענטייל, איינגעריכט האָט געקענט ווערען דער פלאָר פון זיי... אבער ווער האָט זיך דאָס ארומגעקוקט אויף אזעלכע נארישקייטען? מיר האָבען געהאט א גרויסען אידעאל און מיט דיזען אידעאל האָבען מיר געלעבט; דיזער אידעאל האָט אונז געזעטיגט, הויפּטזעכליך גייסטיג... מיר האָבען זיך אָבער שוין אויסגעלערענט ווי צו לעבען טעג ניט געגעסען און צווייטענס האָט זיך אין שיקאגאָ דאָן געפונען די פאַמיליע עדעלשטאַט. דאָס הויז פון דיזער פאַמיליע איז געוועזן אַן אמת'ע אברהם אבינו'ס הויז; ווער דאָרטען איז געקומען א הונגעריגער איז פון דאָרטען ארויס א זאטער, און אזוי ווי הונגעריגע ראדיקאלען זיינען געוועזן גענוג, איז דאס הויז אימער געוועזן פול. עס זיינען אָבער אימער געוועזן מעהר הונגעריגע וויפיל עס האָבען אין הויז געקענט ארייננגעהן, איז געוועזן גרויסע צרות. אמאָל האָט מען זיך געביטען, אָבער דער גאָט פון רחמנות האָט ענדליך זיך אויך דערמאָנט אָן אונז און — אין א שעהנעם טאָג איז געקומען א מעמבער פון קלוב מיט א זעלטענע באגייסטערונג. זיינע אויגען האָבען געפלאמט; זיין פּנים איז געוועזן אויסגערויטיגט ווי א רויטער עפּעל און זיין הארץ איז געוועזן פול מיט שמחה.. ער איז ארייננגעלאָפען א פּארסאָפּעטער אין קלוב און ער האָט קוים געקענט דעם אָטעם אָפּציהען.

„וואָס איז? וואָס האָט פּאסירט? — האָבען איהם כמעט אלע מעמבערם פון קלוב געפרעגט מיט א מערקווירדיגער באגייסטערונג און נייגעריגקייט — „וואָס האָט פּאסירט?... די סאָ־

ציאַלע רעוואָלוציע איז אפשר שוין געקומען? וואס הערט זיך אויפ'ן „לייק פראָנט"?.. וואס טוען דאָרטען די ארבייטער? דולדען זיי נאָך אלץ די קאפיטאַליסטישע געזעלשאפט? האָט נאָך דער געדולד איז זיי נאָך אלץ ניט געפּלאצט? זיינען זיי נאָך אלץ ווי געדולדיגע שקלאפען?"

ווען דער מעמבער איז ענדליך אביסעל צו זיך געקומען, האָט ער אָנגעהויבען צו דערצעהלען עפּעס, וואס האָט ביי אלעמען ארויסגערופען א גוואַלדיגע באַגייסטערונג...

„געגאַסען — האָט ער אנגעהויבען — איך האָב אויסגעפּר־נען א קלאָנדייק, א מערקווירדיגע זאך האָב איך אויסגעפונען.."

און ער האָט זיך אָנגעהויבען רייבען די הענט פון שמחה.

„וואס איז? וואָס האָט פּאסירט, הא?... עפּעס וועגען דער סאציאַלער רעוואָלוציע, וואס?..."

„ניין, ניין, —האָט ער געזאגט מיט באַגייסטערונג — איך האָב אויסגעפונען א סאלון אין סטייט סטריט, וואו מען קען קריגען כמעט א גאַנצען מאָהלצייט, ווען מען טרינקט דאָרטען א גלאָז ביער..."

אין קלוב איז געווארען א גאַנצע טרעוואָגע. מען האָט זיך איינע די אנדערע אָנגעהויבען אָנצוקוקען מיט א זעלטענע באַגייס־טערונג; מיר האָבען פון שמחה כמעט געטאַנצט, ווייל אָט דיזע „ערפינדונג", אויב זי וועט ניט מאכען קיין סאָציאַלע רעוואָלו־ציע, וועט זי אָבער מאכען א רעוואָלוציע אין אונזערע מאָגענס... א קלייניגקייט, האָבען וואָס צו עסען! ווען די באַגייסטערונג איז שוין געווארען אביסעל איינגעשטילט, זיינען אָבער אלע פּנים'ער ווידער געווארען אומעטיג; אלע פאַנטאַזיען וועגען דעם סאלון זיינען ווי שערבלאך צובראָכען געווארען, און פאראורזאכט אָט דיזע אלע צרות האָט בלויז איין פראגע, און דאָס איז געווען: וואו נעמט מען די ניקעלס, וועלכע מען וועט דארפען צאָהלען פאר די ביר, ווייל מיר האָבען אויסגעפונען, אז פאר די ביר מוז מען באַצאָהלען. איז געווען זעהר טרויעריג, זעהר ביטער אויף די הערצער. פּלוצלונג איז אָנגעקומען דער מעמבער, וועל־כער האָט געהאט די זעכציג דאָלאר און ווען ער האָט זיך דער־

יואוסט וועגען דעם „טראבעל" אדער בעסער געזאגט פון דעם גליק, האט ער געזאגט, אז ער לאדעט איין אלעמען אויף דינער אין סאלון, און ער וועט באצאהלען... עס האבען זיך אפילו גע־פונען עטליכע געגאסען, וועלכע האבען ערקלערט אין דער שטיל, אז זיי וועלען ניט עסען קיין זאך וואס עס וועט געקויפט ווערען פאר ניט קיין עהרליך געלט, אבער זיי זיינען בעסער געווארען, ווען מען האט זיי ערקלערט, אז דער מעמבער האט געקראגען די זעכציג דאלאר פון דער קאר קאמפאני פאר אן עקסידענט וואס מיט איהם האט פאסירט אויף א קאר, און — דער פראגרעסיוו קלוב איז פארוואנדעלט געווארען אין א טאנץ־זאל... דערווייל‏ע האט מען געלאזט וויסען וועגען דעם „קלאנדייק" די אנדערע מעמ־בערס, וועלכע האבען נאך ניט געוואוסט וועגען דעם סוד, ווייל זיי זיינען נאך אין קלוב ניט געווען זייט דער גרויסער פאסירונג, צי דערפאר וואס זיי האבען קיין כח ניט געהאט צו קומען, צי צוליב אנדערע אורזאכען — דאס ווייס איך ניט... די פאמיליע איז גע־ווארען גרעסער פון מינוט, און מיר האבען זיך געלאזט געהן צו דעם גרויסען און אידעאלען פלאץ — צום סאלון... עס איז גע־ווען ווי דער געגאסע האט געזאגט; אלעס איז צוגעגאנגען פיין; מיר האבען באצאהלט אונזערע ניקעלס, מען האט אונז דערלאנגט די גרויסע גלעזער ביר. אבער אונזערע נשמות האבען זיך גע־טראגען צום קאונטער, וואו עס האבען געוואונקען צו אונז די ווארשטלאך און די שטיקער ברויט, און די שטיקער פלייש וואס זיינען געלעגען דארטען, און — ענדליך, ענדליך איז דער גליקליכער מאמענט געקומען... מיר האבען זיך א לאז געטאן צום קאונטער ווי הונגעריגע וועלף, און — דער מאן, וואס האט אונז געטיילט דעם צובייסען, האט אונז אנגעקוקט מיט מאדנע אויגען... ער האט אונז געהאלטען פאר משוגעים... מיר האבען אזוי שעהן „ארייגעארבייט", אז דער קאונטער האט אין א קורצע צייט שפעטער אויסגעקוקט ווי נאך א פאגראם... האלבע גלעזער ביר האבען מיר איבערגעלאזען, ווייל וועמען איז אין קאפ געלעגען אזעלכע זאכען ווי ביר... די הויפט זאך איז דאך געווען דער עסען, און, וואס, וואס, זאט זיינען מיר געווען. מיר זיינען זיכ־

גענדיג די „מארסעליעזע" צוריקגעגאנגען אין קלאָב און דאן האָבען מיר מעהר כוחות געהאט צו באטראכטען די לאגע פון דער מענשהייט. מען האָט זיך צורעדט וועגען לייק פראָנט פון וואנעט די רעוואלוציע האָט זיך, לויט אונזער אויסרעכענונג, געדאַרפט אָנ־פאנגען, און אלע ווײלע זיינען אריינגעקומען גוטע באריכטען...

דער „לייק פראָנט" — דאָס איז געווען ביים ברעג פון לייק מישיגען, צווישען לייק און מישיגען עוועניו. דאָרטען איז געווען א פרייער פלאַץ וואו די אומגעהייער גרויסע צאָהל ארבייטסלאָזע פלעגען זיך פארזאמלען, און רעדנער פלעגען זיי אדרעסירען. טויזענטער מענשען — אומגליקליכע, וועלכע האָבען ניט געהאט קיין היימען וואו צו שלאָפען, פלעגען דאָרטען פארברייגען די נעכט. דער „לייק פראָנט" האָט אין יענער צייט אויסגעקוקט ביי נאכט ווי ריזיגע בעד־רומס. אָבער די מייסטע האָבען ניט געשלאָפען, ווייל דער שרעקליכער הונגער האָט זיי ניט געלאזט שלאָפען.

אָט פון דיזען לייק פראָנט, האָבען מיר, די מעמבערס פון פראגרעסיוו קלאָב, דאָס ערווארטעט, אז די סאָציאלע רעוואָלוציע וועט זיך אָנפאנגען, און אלע ווײלע פלעגען מיר שיקען איינעם פון אונז אויסגעפינען וואס עס הערט זיך דאָרטען; אויב די מאַסען, די פארהונגערטע מאסען — זיינען שוין גענוג אויפגערעגט און זיי ווילען שוין אָנפאנגען די גרויסע וועלט איבערקערעניש...

אין אונזערע הערצער האָבען געבליהט האָפנונגען, און אלע מינוט האָבען מיר געהאפט אויף די גרויסע נייעס, אָבער צו עסען האָט דאָס ניט... אז מיר פלעגען ווערען הונגעריג, און מיר האָבען נאָך געהאט דעם ניקעל אין פאקעט, זיינען מיר געגאנגען אהין, צום סאלון, און, גאָט! ווי לאנג עס איז געווען פאר אונז דער וועג, טראָץ דעם וואס ער איז ניט געווען זעהר ווייט פון פראגרעסיוו קלאָב! מיר האָבען שוין קוים דערלעבט דעם רעטענדען סאלון צו דערגרייכען...

אין א שעהנעם נאָכמיטאָג זיינען מיר ווידער געגאנגען דאָר־טען. און אויב איך מאך קיין טעות ניט, איז אין אונזער „עסער גרופע" אויך געווען יצחק אייזיק הורוויץ. ער איז, דאכט זיך, דאן

געווען פּראָפעסאָר אין א געוויסער בילדונגס שולע, און מיר זיינען געגאַנגען אויף א גאַנץ מאיעסטעטישען אופן. ווען מיר זיינען אָבער געקומען צום טיר פון דעם זאַט־מאַכענדען סאַלון, זיינען מיר באַגעגענט געוואָרען פון עטליכע שטאַרקע יונגען און מען האָט אונז אַלעמען אומבאַרמהאַרציג אַרויסגעוואָרפען פון דאָרטען...

אָט אַזוי האָבען מיר זיך געלעבט און אַזוי האָבען מיר געהאָפט מיט אַ אַכט און צוואַנציג יאָהר צוריק אויף דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, וועלכע האָט זיך היבשלאַך פאַרשפּעטיגט...

און וואָס איז געוואָרען פון די גרויסע טרוימער — די מעמבערס פון קלוב? מאַנכע פון זיי זיינען דראָגיסטען, לאָיערס, אינזשענירען און גלאַט קבצנים. איינער געהט איצטער אין שול און טראָגט אַ טלית, און אַ פּאָר זיינען, לויט מיין וויסען, געוואָרען מעמבערס פון אַ בית־עולם; אַנדערע ווידער האָבען חתונה גע־האַט און מיר דוכט זיך, אַז איינעם פון זיי האָב איך שוין דער־קענט מיט עטליכע יאָהר צוריק אין דער „גאַלעריע פון פאַר־שוואונדענע מענער"...

געווען גליקליכע צייטען אַמאָל...

## פאר'ן בית־דין של מעלה

ווען איך בין אריינגעקומען אין 7־טען הימעל — נאר ווארט, איהר פרעגט ווי אזוי איך בין געקומען אהין... גלייכער פאר אייך, אז איהר זאלט זיך אפּגעוועהנען פון דער מיאוס'ער טבע צו פרעגען קשיות... פון קשיות פרעגען קומט קיין מאל קיין גוטס ניט ארויס. זיי האבען אנגעמאכט צרות אין די אלטע צייטען, און זיי מאכען אן צרות יעצט. אז מען וויל לעבען רוהיג און אין שלום, דארף מען זעהען, הערען און שווייגען.

געדיינקט איהר די מעשה מיט משה רבינו?

האט א גוי געשלאגען א אידען, איז דאס געווען זיינע ביזנעס... נעהמט ער און דער'הרג'עט איהם... זעהט ער ווי צוויי אידלאך שלאגען זיך, מישט ער זיך ווידער אריין, און וואס מיינט איהר איז געווען דער סוף? האט דער פון די אידלאך, וואס האט בעסער געגעבען, דערצעהלט פּרעה'ן וואס משה האט געטאן, און קיין צרות האט שוין איהם ניט געפעהלט. און פונקט ווי אמאל, איז אויך יעצט גרויסע צרות ווען מען מישט זיך אריין אין יענעמס ביזנעס.

נאר אנטקעגען וואס איז דאס צורייד געקומען... יא, איהר פרעגט ווי אזוי איך בין געקומען אין זיבעטען הימעל? ווי אזוי זיינען לויט דער תורה, אנדערע אין הימעל ארויף?... גלייכער איהר זאלט גלויבען אין אלעם וואס מען זאגט אייך... וואס וויי־ניגער מען פרעגט, אלץ ווייניגער ווייסט מען, און וואס ווייניגער מען ווייסט היינטיגע צייטען, איז אלץ געזונטער פאר'ן הארצען...

ווען איך בין אלזא אריינגעקומען אין זיבעטען הימעל, האט מיך גלייך באגעגענט מיינער אן אלטער באקאנטער מלאך (ניט פון די מלאכים, וועלכע מען נאמינירט פאר עמטער אין א אידישען

ארדען...) און וועהרענד ער האט מיר מיט איין פליגעל געגעבען „די האנט", האט ער מיט דעם צווייטען פליגעל מיך גענומען אין ארעם און — מיר האבען ארומגעשפאצירט.

„היינט וועט דא פארקומען ביי אונז א זעהר אינטערעסאנ־טער משפט", האט דער מלאך שטארק באזארגט געזאגט צו מיר", „א זעהר זינדיגען מענשען וועט מען דא היינט ברייננגען פאר'ן בית דין של מעלה, און איך האב שטארק מורא, אז די פלאמען פון גהנום וועלען ניט זיין היים גענוג פאר איהם."

איז מיר דאס דערהערענדיג, שיר דאס הארץ איינגעפאלען פון שרעק. דורך מיין קאפ האט באלד דורכגעבליצט א געדאנק, אז דער רב פון מיין שטעדטעל איז געשטארבען...

— זיך לאנג געמאטערט? — האב איך איהם מיט א נערוועזע שטימע געפרעגט. — א רחמנות נעבעך... פון עהרליכע רבנות קען מען שוין היינטיגע צייטען קיין לעבען ניט מאכען...

מען דארף זיך זעהן אביסעל דורכריידען מיט די, וועלכע וועלען איהם משפט'ען — האב איך אין א פארטראכטער פאזע א זאג געטאן צו מיין פריינד, דעם מלאך — אפשר קען מען פאר איהם אריינוואַרפען א גוט ווארט... ביי אונז, אויף דער ערד, געהט עס שוין צו לייכטער דער עסק... מען קומט שוין ווי עס איז דורך מיט די, וועלכע משפט'ען... איך וויים ניט ווי ביי אייך איז... אפשר?...

און מיין פריינד האט מיך ערשטוינט אנגעקוקט.

— מענש, וואס רעדסטו! — האט ער צו מיר האסטיג א זאג געטאן — ביי אונז איז אלעס קדוש! קדוש! קדוש! אין זיבעטען הימעל קריגען צדיקים גן־עדן און אלע רשעים קריגען גיהנום... זיי ווערען געברענט און געבראטען; זייערע הערצער רייסט מען שטיקערווייז, און זייערע אדערען ציהט מען מיט גלי־הענדע צוואנגען...

די בית דין של מעלה שטיבעל איז גרויס. די ווענט זיינען געשניצט פון אידישע האפנונגען, און דער דאך איז צוזאמענגע־שלאגען פון אידישע חלומות.

און אויף א שטוהל, פון גליהענדע שטראַהלען געשניצט, איז געזעסען גאָט אליין. ער איז געווען איינגעוויקעלט אין א טלית, און בלויז זיין פנים און זיין זילבער ווייסע באָרד האָבען זיך ארויס־געזעהן.

און טויזענדער מלאָכים זיינען ארום זיין שטוהל געשטאַנען און האָבען געשריען: „קדוש".

און פלוצלונג האָט זיך דערהערט א שרעקליכער טומעל... די ווענט, דער דאַך, דער פלאָר, און אלעס וואָס דאָרטען האָט זיך גע־פונען, אויסער גאָט'ס שטוהל, האָבען אָנגעהויבען צו ציטערען... שפּאָטישע און פערצווייפעלטע געשרייען האָבען זיך געהערט, און אלץ גרעסער און שטאַרקער זיינען זיי געוואָרען... ענדליך האָט זיך א וואַנט געעפענט, און א גאַנצע מחנה שדים האָט זיך באווי־זען... גליהענדע צוואַנגען, מעסער און שפּיזען האָבען זיי געטראָ־גען...

און אין בית דין של מעלה שטיבעל איז פאר די האָר אריינ־געשלעפּט געוואָרען א מענשליכע פיגור, און עס האָט געקרעכצט ווי א פאַרוואונדעטער אָקס...

— „שרעק זיך ניט! — האָט דער מלאך געזאָגט צו מיר, ווען איך האָב אָנגעהויבען צו ציטערען — אָט דאָס איז דאָס דער זינדיגער מענש, וועגען וועלכען איך האָב דיר דערצעהלט... אָט דאָס איז ער...

און ווען איך האָב זיך מיט שרעק איינגעקוקט אין איהם, האָב איך אויסגעפונען, אז ער איז ניט געווען דער רב פון שטעדטעל... אָבער אויך א רחמנות...

און א מלאך אין שווארצען געקליידט, מיט אויגען, וועלכע האָבען געשפּריצט מיט פייער, האָט זיך אוועקגעשטעלט פאַר גאָט, און ער האָט געזאָגט:

— „רבונו של עולם, דו שעפּפער פון אלע וועלטען! דאָ ליגט פאַר דיר א מענש, וועלכער האָט געשענדעט די מענשהייט, וועלכער האָט באליידיגט, געמאַטערט, און געטרונקען דאָס בלוט פון זיינע מיטמענשען. פון זיינע ארבייטער האָט ער די הויט

געשונדען... יונגע קינדער האָבען ביי איהם געארבייט... דו האָסט דיינע מענשען וואסער געגעבען, און פאר וואסער האָט ער זיינע ארבייטער גערעכענט; דו האָסט לופט באשאפען און עס פאר די מענשען געשאָנקען, און אויך דאָס האָט ער זיי אין זיין פאבריק ניט געגעבען. קיין הונגעריגע האָט ער קיינמאָל ניט געזעטיגט, און קיין נאקעטע האָט ער קיינמאָל ניט באקליידט. נאָר רייכ־טימער האָט ער געזוכט, און איהם האָט דאָס קיינמאָל ניט געקי־מערט, ווי אזוי די רייכטימער זיינען געקומען צו איהם.

„גאָט פון גערעכטיגקייט! אין דעם נאָמען פון די טויזענ־דער קרבנות זיינע, וועלכע ער האָט אזוי געפּלאָגט, און וועלכע ער האָט אזוי זייערע לעבענס פארביטערט, פאָדער איך גערעכטיג־קייט! זאָל ער אין די העללישע פלאַמען פון גיהנם אריינגעוואָר־פען ווערען.”

אין בית דין של מעלה שטיבעל איז אלעס געוואָרען שטיל און פון מורא האָט אלעס געציטערט.

און א צווייטער מלאך, אין א האלב פארצווייפעלטען צו־שטאנד, האָט זיך פאר גאָט געשטעלט, און מיט טרערען אין די אויגען האָט ער געזאָגט:

„גרויסער הערר, שעפּפער פון אלע וועלטען! אלעס וואָס דער קטיגור האָט געזאָגט אויף דעם וועלכער ליגט דאָ געבונדען פאר דיר, איז אמת. ער האָט טאקע קיינמאָל ניט געפיהלט קיין מיטלייד מיט זיינע מיטמענשען; ער האָט זיך טאקע געזעטיגט מיט דאָס בלוט פון זיינע ארבייטער, און ער האָט זיך פאר קיין זאך ניט אָפּגעשטעלט, אזוי לאנג ווי ער האָט נאָר געהאט א געלע־גענהייט צו געניסען די פארגעניגענס פון דער וועלט... אָבער גאָט פון גערעכטיגקייט! מאך אויף דיינע שעפּפונגס ביכער, און דו וועסט אויסגעפינען, אז ער איז ניט שולדיג. אין דעם הייליגען טעמפּעל וואו די האלטסט מענשליכע הערצער, האָבען זיך, איידער ער איז געבאָרען געוואָרען, בלויז צוויי מענשליכע הערצער גע־פונען... אין יענעם מאָמענט אָבער האָט געדארפט געבאָרען ווע־רען א מענש, וועלכען דו האָסט באשטימט, אז ער זאָל פיהלען

מעהר ווי אַלע מענשען, און דו האָסט פון ביידע הערצער איינע געמאַכט, און דו האָסט עס איהם אָוועקגעגעבען.

— און ווען דיזער מענש וועלכער שטעהט יעצט פאַר דיר האָט געדאַרפט געבאָרען ווערען האָסטו פאַר איהם קיין מענשליכע הארץ ניט געהאַט און דו האָסט איהם געגעבען אַ הארץ פון אַ טיגער — און ווי זיין טיגערשע הארץ האָט געפּיהלט, אַזוי האָט ער געמוזט האַנדלען...״

און נאָך האָט געהייסען אויפמאַכען זיינע שעפּפונגס ביכער און — דאָס וואָס דער סניגור האָט געזאָגט, האָט מען אין די ביכער געפונען...

און אין הימעל איז געוואָרען שטיל. אַלע האָבען געפּיהלט אַז דער קריטישער מאָמענט איז געקומען... אַז גאָט וועט יעצט זיין אורטייל געבען.

און גאָט האָט געזאָגט:

— קיין גן עדן קומט איהם ניט, ווייל אין זיין לעבען האָט ער קיין איין גוטע טהאַט ניט געטאָן. איהם קומט אָבער אויך ניט קיין גיהנם, ווייל אַ מענש, וועלכער האָט אַ טיגערשע הארץ קען ווי קיין מענש ניט האַנדלען, און דערפאַר קען מען איהם ניט האַל־טען פאַראַנטוואָרטליך פאַר זיינע מעשים. אַזוי ווי ער האָט אָבער דאָך אַזוי פיל בלוט פאַרגאָסען פון אונשולדיגע מענשען, פאַר׳משפּט איך איהם, אַז ער זאָל מגולגל ווערען אין אַ חזיר, און אויב ער וועט אויף דער ערד שטרעבען צו זיין אַ מענש, דאַן זאָל ער נאָכ׳ן טויט קריגען גן עדן. אויב אָבער ער וועט פאַרבלייבען דאָס אין וואָס ער איז מגולגל געוואָרען, דאַן זאָל ער ברענען אין גיהנם...

און אַלע האָבען געענטפערט: „אָמן!״

—

יעצט איז ער ווידער אויף דער ערד, און ער איז געוואָרען אַ אַ מאַנופעקטשורער.

און לויט זיינע האַנדלונגען וועט ער זיך ווי עס ווייזט אויס, שוין פון גיהנם ניט אַרויסדרעהען...

# א גוטער „דזשאב.“

בין איך צו א לויה געגאנגען, און איך בין אויפ'ן בית עולם געווען. הערצרייסענדע סצענעס האָבען זיך דאָרטען אָפּגעשפּילט. א פאָטער איז געשטאָרבען, און ער האָט א פרוי מיט קינדער געלאָזען, און זיי, מיט די אַנדערע פריינד זיינע, האָבען געוויינט, און פיל טרערען פארגאָסען.

דער פארשטאָרבענער איז געווען א פארמעגליכער מענש, און אום איהם אביסעל כבוד אָפּצוגעבען, האָט די פאמיליע באשטעלט א רב, וועלכער זאָל אויפ'ן בית עלמין איבער דעם פארשטאָרבענעם א הספד מאכען. דער רב האָט זיין הספד אָנגעפאנגען, און — ער האָט זיך צואוויינט; דערצעהלט וועגען די גרויסקייט און גוט־הערציגקייט פון דעם פארשטאָרבענעם; געזאָגט, אז ער איז געווען א זעהר קלוגער מענש, א זעהר וואָהלטעטיגער מענש, און ער האָט אויסגערעכענט זיינע אַנדערע מעלות.

און די ארומשטעהענדע האָבען ביטערע טרעהרען פארגאָסען.

ווען דער רב האָט דעם הספד געענדיגט, האָט איהם א איד דערלאנגט א פינפעריל און דער רב איז ניט געווען צופרידען; ער האָט פארלאנגט מעהר.

„מיר האָבען זיך דאָך אזוי פיל באדונגען“ — האָט דער איד געזאָגט צו איהם — „טאָ פארוואָס פארלאנגט איהר מעהר?“

„פארשטעהט איהר מיר“ — האָט דער רב געזאָגט — „דער דזשאב איז ווערט אכט דאָלאר... איהר האָט געזעהען ווי אַלע האָבען געוויינט? מיין הספד איז געווען זעהר א גוטער... גלויבט מיר, אז ער איז ווערט אכט דאָלאר... דינגט זיך ניט מיט מיר; איך דארף אויך מאכען א לעבען.“

## שדוכים מיט ציפערן.

זיסער קוש, און צאַרטער שמייכעל,
ליבעם בליק —
זייט געזונט! מען איז אייך מוחל
אייער גליק;
ווייל עס ליגט אין אייך קיין שכל,
און קיין טעם.
געהט געזונד! מען איז אייך מוחל
אייער סם.

* * *

דער טעמפּעל פון גליקליכער ליבע איז ענדליך אין גאַנצען פאַרניכטעט געוואָרען. אוים מאָדע צו טרוימען פון דעם זיסען שמייכעל פון א שעהן מיידעל! אוים מאָדע ליבע־בריוועלעך מיט די שעהנע געגרייזעלטע פראַזען, וועלכע פלעגען אַזוי באַגייסטערען די פאַרליבטע! היינט, ווען איינער וועט וועלען נעמען א ווייבעל און טאָקע וועלען זיין גליקליך מיט איהר, וועט ער, אנשטאָט איהר צו פרעגען, אויב איהר האַרץ צאַפּעלט זיך פאַר איהם, אויב זי ליבט איהם, אויב זי טראַכט פון איהם ביי־טאָג און טרוימט פון איהם ביי־נאַכט, וועט ער איהר דאַרפען בלויז פרעגען, אויב זי באַזיצט 30 פּראָצענט „מאַנסבילשעס", און אויב זי וועט עס קאָנען באַווייזען, ערשט דאַן. —

דערמיט איז מען אָבער נאָך ניט פאַרטיג. דאָס מיידעל ווידער וועט דאַרפען טאָן דאָס זעלבע מיט דעם, וועמען זי וועט וועלען האָבען פאַר א לעבענס־באַגלייטער און לעבען גליקליך מיט איהם. זי וועט זיך אויך א מאָמענט דאַרפען פאַרגעסען אַן זיינע שעהנע וואָנצעס, אַן זיין 13־אינטשיגען קאָלאַר, אויב ער איז א דיוד; אַן זיינע צוגעפּוצטע גרייזעלאַך אויפ'ן שטערען, אויב ער

איז אן אָפּערייטאָר; אָן זיינע צופּודעלטע האָר, אויב ער איז א פּאָעט; אָן זיין גראָבען פּאקעט־בוך, אויב ער איז א רייכער ריעל עסטייט מאן; אָן זיין „מעלאָדישען" פּייפּען, אויב ער איז א בוקקיפּערעל, — קורץ, זי וועט זיך אָן די אַלע זאכען דארפען אויף א ווײַלע פארגעסען, און זי וועט איהם מוזען א פרעג טאָן אויב ער איז א שטיקעל אידענע, דאָס הייסט, אויב ער האָט 30 פּראָצענט „ווייבערשעס" אין זיך, און ערשט דאן, אויב ער וועט עס קענען באווייזען, וועט זי מעגען מיט איהם הייראטען, און עס איז אזוי גוט ווי זיכער, אז זיי וועלען דאן ביידע קענען לעבען אין גליק און אין פרידען.

דאָס איז די באהויפּטונג פון א גרויסען מאן, וועלכער האָט די ליבע געמאָסטען מיט א קלאפּטער, און וועלכער איז, ווי עס שיינט, א גרויסער בקי אין די זאכען.

אמת, עס זיינען דאָ גרויסע מענשען, וועלכע מאכען אמאָל א טעות. אָט האָט, צום ביישפּיל, ניט לאנג צוריק א גרויסער פּראָפעסאר פון פילאדעלפיא געזאגט אויף א קראנקער פרוי, אז זי האָט א געוואלדיג גרויסען קענסער (ראַק) אין בויך, און אז אין צוויי וואָכען ארום מוז זי שטארבען. אין צוויי וואָכען ארום האָט זיך טאקע ארויסגעצייגט, אז זי האָט געהאט — אָבער א 12־פונטיג קינד, און אויב זי איז דאן ניט געשטאָרבען פון „קענ־סער", איז זי אָבער שיער געשטאָרבען פון שרעק...

נעמענדיג אין אנבאטראכט אָבער אונזער אייגענע ביסעל ערפאהרונג, מוז מען צוגעבען, אז דער גרויסער מאן מוז טאקע וויסען וואָס ער רעדט. דער פאקט איז טאקע אז א קוש איז גאָר ניט אזוי אַי, אַי, אַי, ווי די פּאָעטען מאכען פון איהם. צוויי פּאָר ליפּען באגעגענען זיך... עס דערהערט זיך א „סמאָקטשע", און — דאָס רופט מען א קוש! וואָלטען די ליפּען אָט ווע־ניגסטען געווען ציל־באוואוסט, וואָלט עס שוין ווי עס איז געווען צו דערליידען. דער פאקט איז אָבער, אז די ליפּען פּיהלען גאָר קיין טעם ניט, און וואו ליגט דאָ דער גליק אין דעם?

וויפיל גרויסע מענשען האָבען דאָס אפּגעגעבען אזוי פיל צייט און מיה, שילדערענדיג דעם צויבער פון א שעהן מיידעל'ס שמייד־

בעל! נו, און וואָס איז דען א שמייכעל? איז דאָס דען עפּעס אנדערש ווי א קנייטש אויפ'ן פּנים? פאנטאזיאָרען האָבען זיך בלויז איינגערעדט אז דיזער „קנייטש" האָט טויזענד חנ'ען, און נארישע מענשען, וועלכע האָבען קיין אנדער ביזנעס ניט, גלויבען אין דעם.

און פּנים'ער קנייטשען זיך, און ליפּען באַגעגענען זיך, און —

ווען עס וואָלט טאַקע געווען אמת וואָס די פּאָעטען זאָגען, אז א קוש איז זיס, א שמייכעל ליב און בליקען טייער, וואָלטען דען אזוי פיל גט'ען פארגעקומען? דאכט זיך אזוי פיל קושען, אזוי פיל שמייכלען און אזוי פיל בליקען!... פונדעסטוועגען אז דער מאַן פיהלט אמאָל ווי די ווייב אריינצופאָהרען אין מאָרדע, האָבען די אלע זאכען גאר קיין ווירקונג ניט, און ער פאָהרט טאַקע אריין... דאגעגען ווידער, ווען די ווייב פיהלט אמאָל ווי דעם מאַן אָפּצוגיסע מיט א טאָפּ אָפּגעקאָכטע מאנע־גרייפּלאך, טוט זי עס, גאָר ניט נעמענדיג אין אנבאטראכט, אז איהר מאַנ'ן ליפּען זיינען אימער פארטיג צו קושען...

הייסט עס, אלזא, אז די ליובעלע־הארצעלע־מאכעראיקעס זיי־נען גאָר ניט ווערט, אז זיי פארשאפען קיין ברעקעל גליק ניט אין לעבען. נו, טאָ אין וואס דען זשע ליגט דער גליק?

האָט, אלזא, דיזער פּראָפעסאָר, דיזער גרויסער געלערטער, וועלכער וויל, הפּנים זעהן די יונגוואַרג און די אלטוואַרג גליקליך אין זייער הייראט, גענומען די הייליגע פּליכט אויף זיך, אויסצו־געפינען וואו עס ליגט דאָ דער הונט באַגראָבען, און איהר ווייסט דאָך, אז מען זוכט מיט ערנסט, געפינט מען אויף אַן אמת.

און אויסגעפונען האָט ער, אז דער גאנצער אומגליק פון פאר־הייראטען לעבען ליגט אין דעם, וואָס די מענער זיינען ניט קיין שטיקלאך אידענעס, און די אידענעס זיינען ניט קיין שטיקלאך מאנסבילען — אָדער, ווי דער געלערטער דריקט זיך אויס אין זיין וויסענשאַפטליכען לשון: די פרוי באַזיצט ניט די נויטיגע 30 פּראָצענט „מאנסבילשעס", און דער מאַן באַזיצט ניט די אומבאַ־דינגט נויטיגע 30 פּראָצענט „ווייבליכעס".

אויב איהר זייט ניט גאנץ קלאָר אין די 30 פּראָצענטיגע ליבע,

דארפט איהר זיך ניט שעמען און זאגען, ווייל, דעם אמת זאָגענ־דיג, בין איך אויך אביסעל ניט קלאָר אין דעם... מען דארף זיך אבער ניט פארגעסען, אז דאָס איז א נייע פילאָזאָפישע לערע, און אום עס גרינדליך צו פארשטעהן, דארף מען עס אביסעל שטודירען.

איצטער לאָמיר זעהן וואס מיינט אלזא דער געלערטער?

א פרוי, צום ביישפיל, באזיצט 9 מאָס רייד. וועט דער מאן, מיט וועמען זי וועט וועלען הייראטען דארפען באזיצען 30 פּראָ־צענט דערפון?

א פרוי, צום ביישפיל, האָט ליב יענעם צו באריידען 18 שטונדען נאָכאנאנד. וועט דער מאן, אום צו זיין גליקליך מיט איהר, דארפען באזיצען 30 פּראָצענט פון דיזער קונסט?

א פרוי האָט ליב 3 מאָל א טאָג ארייננצוקוקען ביי יענעם אין טעפּעל, וועט אויך 30 פּראָצענט פון דיזער קונסט א מאן דאר־פען באזיצען?

איצטער לאָמיר נעהמען פארקערט: אוועקצוגעהן פון דער היים איין מינוט נאָך סאפּער און קומען צוריק א שטונדע פאר ברעקפעסט; צו פארברייינגען אין דער געזעלשאפט פון עט־ליכע פרויען; מאכען א קערטעל, שפּילען א דאָמינע, שאכמאט א. אז. וו. — דאָס באלאנגט צום מענליכען געשלעכט. וועלען די פרויען עס אויך דארפען קענען און מוזען טאָן אויף 30 פּראָ־צענט, אום צו לעבען גליקליך מיט זייערע מענער?

אויב איך מאך קיין טעות ניט, באזיצען שוין די מענער מעהר ווי 30 פּראָצענט פון דיזע ווייבערשע אייגענטימליכקייטען... זיי ריידען גאנץ אָפּט אזוי פיל, אז עס כאפּט א ניט־גוטקייט; זיי באריידען איטליכען פונקט אזוי גוט ווי די פרויען; קוקען אריין אין יענעמ'ס טעפּעל פונקט אזוי ווי די ווייבער א. אז. וו. די פרויען ווידער — יעדענפאלס א גרויסער טייל פון זיי — קאָנען זיך ניט באקלאָגען אז זיי באזיצען ניט מענערשע אייגענשאפטען. זיי פארברענגען, דוכט זיך, מעהר ווי 30 פּראָצענט צייט אין די דענסינג סקולס, אויף בעלער און קאָנצערטען; פארברייינגען אָפּט אין געזעלשאפט, אויב ניט מיט פרויען, אָבער מיט מענער געווים;

כאפען גאנץ אָפט א קערטעל און פארשפּילען מעהר ווי 30 פּראָ־צענט פון דעם מאַן'ס פארדינסטען. ווי מען קען זעהן, באזיצען, אַלזאָ, שוין די מענער „ווייבליכעס" און די פרויען „מענליכעס", און דאָך — דאָך איז די וועלט גאָך ניט אזוי גליקליך... מען קושט זיך און מען גט זיך; מענער אנטלויפען פון פרויען, און פרויען פון די מענער — וואס בלייבט, אלזא, פון דעם געלערטענ'ס טעאָריע?

עפּעס מוז אָבער דאָך ליגען אין דעם. מיר באגרייפען עס אָבער ניט. יעדענפאלס קען איך עס נאָך דערוויילע ניט באגריי־פען. דאָס איז הפּנים דערפאר וואס זיין פילאָזאָפיע איז נאָך ניט וויסענשאפטליך באגרינדעט...

עס איז שווער צו זאָגען וויפיל גוטעס דיזע טעאָריע האָט שוין געבראכט, אָדער וועט ווען עס איז ברייגגען. איין זאך אָבער איז זיכער, אז זי האָט פיל שמערצען פארשאפט יונגע פּארלעך, וועלכע פארמאָגען בלויז הערצער און ליפען... ניטאָ קיין געלט, קיין ריעל עסטייט, מיט וואס זיך צו פרעהען, פלעגען זיי זייער גאנצען פארגעניגען ארויסקריגען, געבענדיג א הארצליכען קוש איינע די אנדערע... זיי האָבען זיכער געמיינט, אז יעדער קוש איז א ציגעל צו דעם פונדאמענט פון זייער ליבע, און אזוי ווי א שטארקער פונדאמענט קען אויסהאלטען א גרויסע געביידע, פלעגען זיי אלע ווילע באשאפען ציגעל... יעצט אָבער, זינט דער פּראָפעסאָר איז ארוים מיט זיין טעאָריע, זיינען זיי געווארען זעהר נידערשלאָגען און זיי געהען ארום ווי פארצווייפעלט.

עס איז אָבער ניטאָ קיין אורזאכע זיך צו שרעקען און צו זיין ענטמוטיגט דערפון. ערשטענס, מאכען גרויסע מענשען גרוי־סע טעות'ן, און צווייטענס, ווען דאָס זאָל אפילו זיין אמת, איז אויך ניט קיין גרוים געפאהר... היינטיגע צייטען לעבט מען דאָך יעדענפאלס בלויז מיט'ן „היינט", און אויב מען קען פון א ליבען שמייכעל, צארטען בליק און זיסען קוש האָבען פארגעניגען ה י י נ ט, טאָ צוליב וואָס זאָרגען פאר'ן שפּעטער? ...

## דער האָל קיפּער.

אזוי ווי איך האָב יענעם אווענט ניט געהאט קיין איבעריגע ארבייט, האָב איך אָנגענומען די איינלאַדונג פון מיין פריינד, און מיר זיינען געגאַנגען צו דער פאַרזאַמלונג.

געוועזן פרעהליך דאָרטען; כלי זמר האָבען געשפּילט, און די פּנים'ער פון די מענשען, וועלכע זיינען געוועזן אין האָלל, האָבען געשטראַהלט. די שמחה איז געוועזן דאָס וואָס א פּאָר יונגע מענשען — א מיידעל און א באָי האָבען זיך נאַריש געמאַכט; זיי האָבען חתונה געהאט יענעם אווענט.. האָב איך געגעבען א בליק אויף די בעלי שמחות, אויף די חתן-כלה; האָב זיי געוואונשען גליק און אויך אז דאָס בילד פון בעל הבית'ל זאָל קיינמאָל ניט דאַרפען זיין אין דער גאַלערי פון פאַרשוואונדענע מענער... דערנאָך זיינען מיר, איך און מיין פריינד, געגאַנגען אויף א העכערען פלאָר וואו די פאַרזאַמלונג האָט געדאַרפט זיין. געוועזן דאָרטען שוין א גרויסע צאָהל מענשען און צווישען דיזע אויך די רעדנער, וועלכע זיינען מייסטענס די שפּעטסטע צו קומען צו א פאַרזאַמלונג... דער טשער־מאַן האָט שוין זיך פאַרטיג געמאַכט צו עפענען די פאַרזאַמלונג. האָבען פּלוצלונג אין האָלל זיך אָנגעהויבען צו באַווייזען פאַר־פוצטע יונגע לייטלאַך... די אראַנזשירער פון דיזער פאַרזאַמלונג האָבען זיך געפיהלט גוט; זיי האָבען געפיהלט, אז די פאַרזאַמ־לונג וועט זיין א גרויסער ערפאָלג, ווייל א סך מענשען קומען, און די רעדנער האָבען אויך געפיהלט גוט, ווייל זיי ועלען האָבען פאַר מעהר מענשען צו ריידען, צו ערקלעהרען זייערע וועלט אנשויאונ־גען, זייערע פּרינציפּען... פּלוצלונג האָבען די מיידלאַך און די באָיס אָנגעהויבען אוועקצורוקען די טשערס אָן א זייט, און זיי האָבען געהייסען די פאַרזאַמעלטע פאַרלאָזען די האָלל... דערנאָך

זיינען ארויפגעקומען חתן־כלה און די מחותנים... די לעצטע זיינען נשתומם געווארען זעהענדיג אזוי פיל ניט איינגעלאדענע געסט... זיי האָבען זיך ניט געקענט פאַרשטעלען פון וואנען זיי האָבען זיך אַלע גענומען... אין האַלל איז געוואָרען זעהר פרעהליך; די יונג־ווארג האָט אָנגעהויבען צו טאַנצען, און די יעניגע וועלכע זיינען געקומען צו דער פאַרזאמלונג, האָבען ניט אָנגעהויבען צו פאַר־שטעהן, וואָס עָס האָט פּאסירט... טאַנצען אויף א פאַרזאמלונג!... איינע די אַנדערע האָבען זיך אָנגעקוקט, ניט פאַרשטאַנען וואָס עס טוט זיך... ענדליך זיינען חתונה לייט און פאַרזאמלונגס מענשען געגאַנגען זיך זעהן מיט דעם מאַן, וועלכער האָט צו טאָן מיט'ן האַלל, איהם פרעגען, וואס עס האָט פּאסירט... דאָס אידעל, צו וועמען זיי זיינען געגאַנגען איז געווען זעהר ביזי דאון סטערז, און ער האָט אָנפאַנגס, פון גרויס טומלעניס, גאָר ניט געוואוסט, וואָס מיט איהם טוט זיך. ווען ער איז אביסעל צו זיך געקומען, האָט ער אָנגעהויבען צו געבען זיין ערקלעהרונג:

„פאַרשטעהט איהר מיר, אידען — האָט ער אָנגעהויבען — פאַרשטעהט איהר מיר... איך בין ניט שולדיג... איך האָב פאַר־דונגען דעם האַלל אי פאַר א חתונה און אי פאַר א פאַרזאמלונג... איך האָב געדענקט, אַז ווען די חתונה לייט וועלען עסען סאַפּער, און ביז זיי וועלען פערטיג ווערען מיט'ן עסען, וועט דערווייל די פאַרזאמלונג קענען אָפּגעהאַלטען ווערען... האָבען אָבער די באָיס און די מיידלאך צו שנעל אָפּגעגעסען, און זיי זיינען געלאָפען אפּסטערז טאַנצען... נו, פרעג איך אייך, ווער איז שולדיג... זיי האָבען צו־שנעל געגעסען, די חברה... זיי האָבען גאַנצע ביסענס געשלונגען, זאָל זיי דער קאַדיק נעהמען... דערפון איז דאָס די גאַנצע צרה ארויסגעקומען...״

די חתונה לייט און די פאַרזאמלונגס־מענשען האָבען זיך אָבער מיט דיזען ענטפער ניט צופרידען געשטעלט; זיי האָבען געמאַכט גוואַלדען אויף איהם... די חתונה מענשען האָבען געשריען, אַז ער האָט זיי צושטערט די שמחה; די פאַרזאמלונגס־לייטע האָ־בען גע'טענה'ט אַז ער האָט זייער פאַרזאמלונג צושטערט... עס איז געווען הימעל עפען זיך... דאָס אידעל האָט אָבער אויך ניט

געשוויגען... ער האָט זיך געצאַפּעלט ווי אַ פיש אויף אַ פריי פאַן; ער האָט זיך געטראָגען אין דער לופטען פון כעס און אויפ־רעגונג.

„איהר זייט געקומען צו שפּעט צו דער פאַרזאַמלונג — האָט ער געשריען צו די מענשען, וועלכע האָבען די האָלל אנגאַזשירט פאַר דער פאַרזאַמלונג, און — איהר האָט צו גיך אָפּגעגעסען — האָט ער געשריען צו די חתונה־לייט... מען עסט ניט אַזוי גיך... מען שטעהט ניט אויפ'ן פראַסט... געהערט אויף אייער לעבען, זיך אַזוי יאָגען!... אַמעריטשקע... מען יאָגט זיך די נשמה ארויס..."

# גלאַט צודרעהט.

אין דרויסען איז געווען אומעטיגלאך; דער הימעל איז געווען שטארק פארוואלקענט, און יעדען מאָמענט האָט מען גע־קענט ערווארטען א גוס רעגען. איך האָב אָבער באשלאָסען ערגעץ צו געהן און צערשטרייען דעם אומעט. וואו געהט מען אבער?

איך בין אפילו ניט קיין גרויסער ליבהאָבער פון בעלער, און ניט דערפאר ווייל איך ליב ניט קיין פרעהליכקייט, זאָנדערן דער־פאר, ווייל די פרעהליכקייט און טענץ פון די בעלער, אויף וועלכע איך געה אמאָל, איז עפּעס ניט דאָס.. קבצנים קומען זיך צוזאַ־מען נאָך א שווערען, ביטערען טאָג ארבייט, און ווילען טאנצען, פרעהליך זיין, אין דער צייט ווען זיי קענען פון פארמאטערטקייט אויף די פיס ניט איינשטעהן!... עפּעס נעהמען מיך ניט אזעלכע טענץ, עפּעס ווירקט אויף מיר ניט אזא פרעהליכקייט... אין גע־נענטייל, זיי רופען ארויס אין מיר מאָדנע, אומעטיגע געפיהלען...

וואו געהט מען, אלזאָ?

האָב איך זיך דערמאָנט, אז א אידעל מיט א צילינדער העט האָט מיר אנומעלט ארייננעשפּארט א טיקעט פאר א טשאריטי באל, וועלכער איז אראנזשירט געווארען פון די אידישע פּני פון שטאָדט. פאר וואָס טאקע ניט אריבערגעהן אהין? בין איך גע־גאנגען.

אז דאָרטען טאנצט זיך בעסער ווי אויף קבצנ׳ישע בעלער, האָט מען שוין געקענט באמערקען אזוי שנעל, ווי מען איז געקור־מען צום גרויסען האָל. ביים טיר זיינען געשטאנען אָטאָמאָבילס, קערידזשעס, און אלע ווײלע זיינען אלץ מעהר צוגעקומען פאר־פוצטע הערען און דאמען. זייערע פרישע, לעבעדיגע פּנים׳ער האָבען עדות געזאָגט, אז פון זיי קען מען ערווארטען די ריכטיגע

טענץ, ווייל קיין שפור פון פארמאטערטקייט האָט מען אויף זיי ניט געקאָנט באמערקען.

האָב איך דערלאנגט דעם יוניפאָרמירטען גוי דעם טיקעט, און — אזוי שנעל ווי איך בין אריין אהין, האָט פאר מיר א בליץ געטאָן א נאקעטע פלייצע, וועלכע איז געווען אויסגעזעצט מיט „געלע דוקאטען" — זומער־שפרינקלעך...

איך בין אפילו ניט קיין שרעקעדיגער, נאָר איבערראשט בין איך דאָך געוואָרען, ווייל „דאָס" איז ערשינען פאר מיר אזוי אונערוואַרטעט... ווען איך בין אביסעל צו זיך געקומען, און האָב געקענט אלעס באטראכטען מיט א געלאסענעם בליק, האָב איך דערזעהן, אז די נאקעטע פלייצע באלאנגט צו א קורצע ווייבעל, וועלכע איז געווען ניט איבעריג שעהן, אָבער פארפוצט איז זי געווען אין עסיג און אין האָניג. אויסער דעם איז אויף איהר פנים אן אייביגער שמייכעל געלעגען. זי האָט געשמייכעלט ווען זי האָט גערעדט; זי האָט געשמייכעלט ווען זי האָט געשוויגען; זי האָט געשמייכעלט ווען זי איז געגאנגען, און אָהן א שמייכעל האָט זי זיך פון אָרט ניט גערידהרט.

האָט זיך ביי מיר געשטעלט א פראגע: ווארום האָט זי געלאָזט געהן איהר ווייסטעל אזוי, אז איהר גאנצע נאקעטע פלייצע זאָל זיך ארויסזעהן? פאר שעהנקייט וועגען? ווייס זי דען ניט אז זומער־שפרינקלעך גיבען ניט צו קיין חן? איהר צארטער בליק און ליבליכער שמייכעל האָבען יעדען געקענט איבערצייגען, אז זי האָט געזוכט מיט אלע מיטלען אלעמען צו געפעלען, טאָ ווי קומט עס וואָס זי האָט מיט איהר פלייצע געוואָלט אין אלעמען ארויסרופען אן עקעל?

איך האָב עס פארשריבען אין מיין נאָטיץ־ביכעל אלס מאטעריאל פאר מיין „גאלעריע", און צווייטענס, צו געבען א געלעגענהייט אייביגע דעבאטאנטען צו דעבאטירען וועגען דעם...

און איך האָב זיך געלאָזען ווייטער געהן אין גרויסען זאל.

די מוזיק האָט געשפילט, פּאָרלעך האָבען געטאנצט, און וועהרענד דער פרעהליכער טאנץ איז אָנגעגאנגען, זיינען די עלטערע

מענער, אויך פארפוצט, געשטאנען אַן אַ זייט, און האָבן געשמייכעלט... זיך הפנים דערמאָנט אַן די יונגע יאָהרען...

— אללאַ! אללאַ! — האָב איך פּלוצלונג דערהערט אַ שטימע הינטער מיר — אללאַ.. וואָס יו דו איר? !

האָט איך זיך אומגעקוקט, און — איך האָב שיער געפּלאַצט פון געלעכטער. דאָס איז געווען מרס... גראַביאַנקע, די 60־יעהריגע אידענע, וועלכע וואלט מיט'ן גאנצען הארצען אוועקגעגעבען איהרע אלטע יאָהרען אום נאָר צוריק יונג צו ווערען... זי וואלט אוועקגעגעבען איהר מאַן'ס אַ האלבען פארמעגען פאר אַ שטיקעל זייף, וועלכע זאָל קענען אראָפּווישען די קנייטשען פון איהר פנים... לויט איהר יעצטיגען פנים קען מען מיט זיכערהייט זאגען, אז קיין גרויסע פארשוין איז זי קיין מאָל ניט געווען, אין גענענטייל, זי האָט געהאט אלע סמנים פון אַ געטליכע מיאוס'קייט... פארפוצט איז זי געווען שרעקליך; איהר זיידענע קלייד האָט עפּעס מאָדנע געשריען ביי יעדען ריהר און קעהר; איהרע ווייסע שיך, וועלכע האָבען זיך ארויסגעזעהן, האָבען אויסגעקוקט ווי צוויי ווייסע שפאציר־שיפלעך, אויף וועלכע צוויי פארליבטע פּאָרלעך וואלטען ניט געדארפט מורא האָבען צו מאכען אַ רייזע אפילו אויפ'ן ים... פון אויבען ביז אראָפּ איז זי געווען פארהאנגען מיט לייסענע מאַכערייקעס, און אַ גאָלדענע קייט און זייגער האָבען באצירט איהר זעהר דונקעלע האלז און פעסעלדיגע ברוסט.

— ווער יו וואַיף? — האָט זי מיר מיט איינעם פון איהרע ליבליכע שמייכעלס אַ פרעג געטאָן, סאפּענדיג ווי אַ גאנז — יו קאם יו סעלף?... פע! פע!... דאמש נאט נאיש!.. דאַנטשע טייק וואַיף מיט אַן אַ באל?... יו סי.. מאין אָזבאן איז איר...

איך האָב פארשטאנען אז די שפּיל איז פאר'ן טייפעל, און איך האָב געמאכט אַ פּאַרזוך זיך אָפּצוטראָגען...

— וואָטש יו אין אַ אָרי — האָט זי געזאָגט מיר ארויפלייגענדיג אַ האנד אויפ'ן שולטער — קענטשע דענץ?...

איך האָב מיינע אויגען אויסגעקוקט אויף איינעם, וועלכער זאָל מיך צונעהמען פון דער גערעטעניש. מיין קוקען איז אָבער געווען אומזיסט.. איך האָב געפיהלט אז איך הויב אַן צו ווערען

פארצווייפעלט. האָט מיר אָבער דער גאָט פון רחמנות באלד אריינגעשיקט א גליקליכען געדאנק אין קאָפּ, און — דאָס האָט געהאָלפען.

— מרס... גראביאנקע — האָב איך צו איהר א גאנץ האַס־טיגען זאָג געטאָן אין דער הויך — וואס מאכען אייערע אייניק־לאך?... איך האָב געהערט זאגען, אז איהר וועט שוין באלד ווע־רען אן עלטער־באָבע...

איהר שווארצער פּנים איז אויגענבליקליך געווארען רויט, און — איהר זיידענע קלייד האָט אָנגעהויבען צו שרייען... זי איז א דאנק גאָט, אוועק פון מיר...

זיך פיהלענדיג גערעטעט, האָב איך פרייער אָנגעהויבען ארומ־צושפּאצירען איבער׳ן גרויסען, פּרעכטיגען און ליכטיגען טאנץ־זאל. די הערליכע מוזיק האָט געשפּילט, און האָט אין אלעמענס הערצער געוועקט לעבען און געגוס. אמת לעבעדיג, אמת פרעהליך איז דאָרטען געווען; די יוגענד האָט געוויזען וואס זי קאָן, און די עלטער איז באלעבט געווארען פון זיסע ערא‏ינערונגען...

און דאָך האָב איך אויף די קבצנ׳ישע בעלער זיך אימער בע־סער געפיהלט. דאָרטען, אויף די בעלער פון די אָרימע, זעהט מען ניט פּילייכט קיין קונסט; מען זעהט דאָרטען אָבער אויך ניט קיין קונץ... דאָרטען איז אלעס נאטירליך, אָהן נארישען פּוץ, אָהן נארישע גרויסקייט...

אויף די בעלער פון רייכע איז עפּעס אלעס אזוי ווי צוגע־פּודערט... בלאסע באקען ווערען דארטען רויט... אויף יעדען שמייכעל, אויף יעדען לאך ליגט עפּעס ווי פּאודער... אלעס איז עפּעס ווי געמאכט צו אָרדער, קונציג, אָפּטמאָל נאריש און לע־כערליך.

אָט טאנצט דאָרטען א מאנופעקטשורער מיט א ליידי. אין געוועהנליכען לעבען איז ער גאנץ נאָרמאל; ער רעדט ווי א מענש און וויים דאכט זיך ניט פון קיין צערעמאָניעס; אויפ׳ן באל אבער — דאָרטען האָב איך איהם כמעט גאָר ניט דערקענט... עפּעס האָט ער געטראָגען א קאָפּאָטע מיט א לאנגען עק, א ווייר־סע וועסט, איינגע שיכלאך, און ווייסע האנד־שוה. די פינגער פון

די האנדשוה זיינען געווען לייגגער ווי די פינגער פון זיינע הענד, און עס האט אויסגעקוקט מאָדנע... ער אליין האט זיך געפיהלט זעהר אונבאקוועם, און מען האט עס געקענט זעהן אויף יעדען אויס־דרוק פון זיין פנים...

איך האָב איהם געפרעגט אויב ער דערקענט זיך, אויב ער האט א קוק געטאָן אין שפיגעל און זיך געזעהן אין זיין קאסטיום.

— איך האָב געקוקט... איך וויים... אבער וואס זאָל מען טאָן? — האט ער מיר אָנגעהויבען צו ערקלערען — מען קומט דאָך עפּעס צווישען מענשען און מען מוז געהן ווי זיי...

אָט דרעהט זיך דאָרטען א יונגע ווייבעל; דאכט זיך גאר ניט קיין מיאוס׳ע געווען... איז אָבער איהר קאָפּ געווען פארליינט מיט א הונדערט פונט האָר... עס האָט אויסגעקוקט עפּעס ווי זי וואָלט א זיפּ געטראגען, און אונטער דעם איז געווען באהאלטען איהר פנים, וועלכער איז געווען שמאָל און דאר, און אביסעל באַ־פוידערט...

צו וואס דאָס אלעס? — האָב איך זיך געטראכט — מסתמא ניט אין גאנצען... און כמעט אלע זיינען אזוי געווען... זיי האָ־בען געטאנצט מאָדנע, געלאכט מאָדנע, גערעדט עפּעס מיט מאָדנע ווערטער... אלעס איז געווען צוגעפּוצט, צוגעפּאודערט; עפּעס ווי אָנגעשטעלטע מאשינקעס האָבען זיי אלעס געטאָן... קרבנות נעבעך פון דער שרעקליכער משוגעת, וועלכע רופט זיך „מאָדע"...

און עס ברעכט דאָס הארץ דאָס צוזעהענדיג... זיי האָבען דאכט זיך אויך געקאָנט זיין ווי אלע מענשען, מיט לייטען גלייך... איז זיי דאָס אָבער נעבאך ניט באשערט... מוזען הפנים ליידען פאר די זינד פון אנדערע...

און מיט א צואווייטאָגטע הארץ האָב איך דעם טאנץ־זאָל פאר־לאָזען, זיך פארשווערענדיג שוין נאָך אמאָל אויף אזעלכע בעלער ניט צו געהן.

# אלס גראָסערי קלוירק.

איך בין אמאָל געווען א קלוירק אין א גראָסערי סטאָר. ווי אזוי איך בין א קלוירק געווארען? גאר פשוט, איך האָב דאָן נים געהאט קיין אַנדער ארבייט און איך האָב אויך נים געהאט קיין סענט ביי דער נשמה, האָב איך עס אָנגענומען דעם טייערען דזשאָב...

געארבייט האָב איך פון 6 אוהר פריה, ביז 11 אוהר ביי־נאכט. אויסער דעם האָב איך 6 טעג אין וואך געמוזט ארבייטען א פּאָר שטונדען א טאָג אווערטיים... דערצו האָב איך נאָך געהאט נאָך אַן ארבייט — מיין בעל־הבית, דער גראָסערי־מאַן, איז געווען א מאָדנער מענש; א מאָדנע נאַטור האָט ער געהאַט, אין מיטען העלען טאָג פלעגט ער זיך אויסציהען אין סטאָר ווי א לאָקס און ער פלעגט חלש'ן, פאר וואס ער פלעגט חלש'ן איז נאָך פאר מיר היינט א סוד... אמאָל טרעפט זיך אז א איד חלש'ט קוקענדיג אויף דער ווייב, אָבער דאָ האָט עס נים געקענט זיין דער פאַל, ווייל, טראָץ דעם וואָס זיין פרוי איז נים געווען קיין גרויסע פּארשוין, האָט מען אויף איהר קוקענדיג חלש'ן נים געדארפט... געווען א הויכע, דארע אידענע, מיט איינגעפאַלענע באקען און מיט א פּאָר ליפּען, וועלכע האָבען זיך נים געקלעפּט איינע צו די אַנדערע; זיי זיינען אימער געווען פון ווייטען, עפּעס ווי זיי וואלטען איינע מיט די אנדערע געווען ברוגז... נאָר ווי די זאך זאָל נים זיין — מיין בעל הבית פלעגט אלע ווייַלע חלש'ן און מיין ארבייט איז געווען איהם צו מינטערען און נים ווייניג כחות האָב איך דערביי פארלארען.

געשלאָפען האָב איך אין א גרויסען צימער, וועלכער האָט זיך געפונען אביסעל העכער פון טאפּ פלאָר. אומעדיג איז מיר

דאָרטען קיין מאָל ניט געווען, ווייל גאנצע נעכט פלעג איך דארטען הערען מוזיק. קען האָבען זיך דאָרטען יעדע נאכט פאָרקליבען און זיי האָבען געגעבען קאָנצערט...

קרעפּלאך עסען, זאגט מען, ווערט אויך מיאוס... טראָץ דעם וואָס איך האָב ליב מוזיק, האָב איך שוין אָבער די קאצען־מוזיק שוין מעהר ניט געקענט אריבערטראגען, און איך האָב זיך געפיהלט געצוואונגען צו געהן ענדיגען מיין שלאָף דאון־סטערז אויפ׳ן סטעפּ..

נאַטירליך, האָט מיר דער באָס געצאָהלט, אָבער וויפיעל מיין געהאלט האָט אויסגעמאכט א וואָך, קען איך נאָך יעצט ניט אויסרעכענען גענוי. מיר דאכט זיך, אז עס האָט „געכאפּט" ארום 90 סענט א וואָך מיט עסען.

דער ערשטער נאָמען פון מיין בעל־הבית איז געווען דער זעל־בינגער, ווי מיין ערשטער נאָמען. די בעל הבית׳טע מיינע האָט מיר גלייך אנגעהויבען צו זאגען „דו", ווייל איך בין געווען א „מענש", אן ארבייטער ביי איהר. דעם מאַן האָט זי אויך געזאגט „דו", נאַטירליך. איז געווען אזוי : אז זי פלעגט רופען דעם מאַן מיט׳ן ערשטען נאָמען, פלעג איך זיך אפּרופען, און א מאָל, ווען זי האָט מיך גערופען, פלעגט זיך אָפּרופען איהר מאַן... צוליב דעם האָב איך אמאָל שיער מיין שטעלע פארלארען. די געשיכטע איז אזוי געווען :

איין מאָל זאגט מיין בעל־הבית׳טע :

— שלמה, מיר וועלען היינט געהן צו א באָל. אזוי ווי מיין באָס איז אין יענעם מאָמענט אין סטאָר ניט געווען, האָב איך גע־מיינט, אז זי מיינט עס מיך, איז מיר אריבער א קעלט איבער׳ן לייב... זי אבער האָט געמיינט, אז איהר מאַן וואלגערט זיך ער־געץ אין סטאָר ארום, און זי רעדט עס צו איהם. דערווייל איז אָנגעקומען דער מאַן און ער האָט געמיינט, אז זי לאַדעט עס מיך איין צום באָל. האָט ער אויף אונזביידען אנגעהויבען צו קוקען מיט פארדעכטיגע בליקען. דערנאָך אבער האָט זיך דער טעות ערקלערט, איז געבליבען, אז מען זאָל צו מיין ערשטען נאָמען צו־געבען נאָך איינעם — איציק, כדי מען זאָל ריכטיג וויסען ועמען

זי מיינט. האָט מען מיך שוין, אַלזאָ, גערופען שלמה איציק...

אין גראָסערי סטאָר פלעגט אָפטמאָל אריינקומען א מיאוס'ע ווייבעל עפּעס קויפען. אַלע מאָל פלעגט זי קוקען אויף מיר און זי פלעגט אימער אויסמארקירען, אז איך זאָל איהר די ארטיק־לען פארקויפען.

געווען איז עס א מאָנטאג פריה, דאכט זיך, איך בין געווען אליין אין סטאָר. די ווייבעל איז אריינגעקומען אין סטאָר עפּעס קויפען און זי האָט אויף מיר ווידער געקוקט. איהרע בליקען האָ־בען מיך געשטאָכען אין צעהנטען ריפּ... א מיאוס'ע ווייבעל געווען...

פלוצלונג מאכט זי צו מיר:

— פון וואנען זייט איהר א לאנדסמאַן, מיסטער?

זאָג איך איהר.

מאכט זי: עס קען ניט זיין.

זאָג איך: עס קען יא זיין.

— קענט איהר מיר אפשר זאגען, ווי אַלט איהר זייט?

האָב איך אָנפאנגס געפּיהלט, אז דיזע פראגע איז שוין אבי־סעל צו פעריזענליך, נאָר וואָס טוט מען ניט פאר א קאָסטימערקע, האָב איך איהר געזאגט.

פרעגט זי מיר: ווי רופט מען אייך, מיסטער?

זאָג איך איהר: „שלמה".

זי: שלמה איציק, הא?

זאָג איך: ניין, שלמה אליין.

זאָגט זי: טאָ פארוואס רופט אייך די מיסעס שלמה איציק?

ערקלער איך איהר, אז דעם נאָמען „איציק" האָט מען מיר צוגעלייגט, כדי די מיסעס זאָל מיך ניט פארבייטען אויף איהר מאַן, ווען זי דארף איינעם פון אונז האָבען.

מאכט זי: עס קען ניט זיין.

זאָג איך: ס'קען יא זיין.

האָט זי אריינגעלאָזען אין מיר איהרע שארפע בליקען.

„איהר הערט, מיסטער... איהר הערט — האָט זי אנגעהויבען מיר צו ערקלערען — איך האָב א ברודער מיט'ן נאָמען שלמה אי־

ציק... מיר דוכט זיך ,אז איהר זייט מיין ברודער... איך בין שור, אז איהר זייט עס... איהר... ניין, דו... דו... ביסט מיין ברו־דער... שור..."
און דאס זאגענדיג האָט זי זיך א וואָרף געטאָן אויף מיר מיט אויסגעשפרייטע ארעמס און זי האָט מיך שיער א קוש געטאָן... צום גליק האָב איך מיין באוואוסטזיין ניט פארלארען, און איך האָב איהר מיט אַלע מיינע קרעפטען צוריקגעהאַלטען מיך צו קו־שען... זי אבער האָט אַלץ מיט פארצווייפלונג איהרע ליפען גע־טראָגען צו מיין רעכטער באַק...
— איך בין דיין שוועסטער מירעל — האָט זי געהאַלטען אין איין שרייען — איך בין דיין שוועסטער מירעל... ברודער מיי־נער... דערקענסט מיך גאָר ניט?... איך בין מירעל...
אין מיטען דערינען איז אריינגעלאָפען דער גראסערימאַן. דער איד האָט מיך פשוט גערעטעט... זי האָט מיך אפגעלאזען און זי איז געבליבען ווי א צוטומעלטע. פון מיין בעל־הבית האָט זיך די ווייבעל ערקונדיגט, אז מיין נאָמען איז ניט שלמה איציק, נאָר שלמה אליין... איז זי געווארען רויט, ווי א בוריק און — מיין באָס האָט איהר פארלארען אלס קאָסטימערקע...

# די לאַכעדיגע לויה.

א טראַגעדיע האָט פּאַסירט. א פאָטער מיט זיינע דריי טעכטער זענען פארברענט געוואָרען. טויזענדער מענשען האָבען זיך פארקליבען ארום הויז, פון וואנען די לויה האָט זיך געזאָלט ציהען, און אַלע האָבען געוויינט, די פיער טוידטען־וועגען — איין שווארצער, מיט דריי ווייסע, האָבען אויף יעדען א שרעקליכען איינדרוק געמאכט.

ביים טיהר פון דער הויז, וואו די טוידטע זיינען געלעגען, איז געווען א געוואַלדיגער געדרענג. יעדער האָט געוואָלט אריין אין הויז, אום די קרבנות פון פייער אָנצוקוקען. צווישען דיזע איז אויך געווען א מיטעל יעהריגע, קורצע ווייבעל, און זי האָט געוויינט; געערדט צו די ארומשטעהענדע, דערצעהלט שבחים פון די קרבנות, און — פּלוצלונג האָט זי ארויסגעלאָזען א שרעקליכען קוויטש. די ארומשטעהענדע האָבען איהר אונטערגעכאפּט און זיי האָבען געמיינט, אז זי איז געוואָרען היסטעריש פון שמערץ. די פרוי האָט זיך אַלץ געבויגען צו דער ערד, און די ארומשטעהענ־דע האָבען איהר פּרובירט אויפצומונטערען, ווייל זיי האָבען גע־מיינט, אז זי האַלט אין חלש'ן.

ענדליך האָט זי זיך ארויסגעריסען פון זיי, האָט זיך א וואָרף געטאָן צו דר'ערד און — זי האָט פון דאָרטען אויפגעהויבען איהרע פאַלשע צייהנער, וועלכע זיינען ארויסגעפאַלען פון איהר מויל, אין דער צייט ווען זי האָט געוויינט...

אַלע האָבען זיך פארנאנדערגעלאכט מיט א הערצליכען גע־לעכטער.

איז ווען דאָס ווייבעל מיט די פאַלשע צייהן, וועלכע זי האָט

שנעל אריינגעלייגט אין א פּאקעט, האָט זיך אוועקגערוקט, האָ־
בען די אנדערע, וועלכע האָבען ניט געוואוסט די אורזאכע פון
געלעכטער, די לאכענדע אביסעל אנגעזידעלט.

„שעהמען דארפט איהר זיך אין אייערע העלזער" — האָט
אן עלטערער איד צו די נאָך אלץ לאכענדע געזאָגט, מיט גרויס
איופּרעגונג — „שעהמען מעגט איהר זיך, אין אזא צייט צו
לאכען".

אָבער וואָס מעהר דער איד האָט זיי געזידעלט, אלץ מעהר
האָבען זיי געלאכט, און פיעלע האָבען געמיינט, אז זיי זיינען
פון זינען אראָפּ . . .

די לויה איז געוואָרען א פאָנטאָן פון הומאָר...

## אויף „פלעזשור" אין קאַנטרי.

ווי אין שטאָדט, אויך אויפ'ן לאַנד,
איבעראַל, אַט וואו זיי קומען,
צווישען דערנער אָדער בלומען,
גיט ער שטענדיג זיי די האנד...
ער, דער דלות, מיט זיין „חן",
לאָזט, ווי גאָט, זיי ניט אַליין...

דער צוג איז ענדליך אָנגעקומען צום סטיישאַן וואו עס האָבען שוין געוואַרט פילע וועגלאך. אין די וועגלאך זיינען אָנגעקומען פארמערס אום אָפּצוּוואַרטען פלעזשורניקעס, דאָס הייסט: שטאָדט־מענשען, וועלכע פאָהרען ארויס אויף עטליכע וואָכען אין קאונטרי צו פארברענגען זייערע וואקאציעס.

אזוי שנעל ווי מיר זיינען ארונטער פון טריין, האָבען זיך ארום אונז די פארמערס פארקליבען און זיי האָבען אונז פארוואָרפען מיט פראגען: אויב מיר ווילען אן אמת־גוטען פלאץ צו פארברענגען; וויפיל קינדערלאך מיר האָבען; אויב מיר גלייכען זיך צו באָדען; ווי לאנג מיר דענקען צו פארברענגען, א. ז. וו. איינער פון די פארמערס האָט זיך זאָגאר שטארק פארפלאָנטערט, ווען ער האָט אָנגעהויבען צו לויבען זיין פארם און וואָס מען קריגט אין זיין פלעזשור פלאץ.

און עס איז גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס די פארמערס באַפאלען אזוי די אָנקומענדע פון שטאָדט. א גאנצען יאָהר וואַרטען זיי אויף דיזע פאָר זומער מאָנאטען, ווען די וואקיישאָנס פאנגען זיך אָן.

ווען איך האָב אָבער אַ וואָרף געטאָן מיין בליק אויף די קערידזשעס און אויף זייערע „סוסים", און ווען איך האָב באַטראַכט די בעלי בתים זייערע, האָב איך זיך גלייך געוואָלט נאָכפרעגן ווען אַ טריין געהט צוריק... זיי, די קערידזשעס, די סוסים, און זייערע אייגענטימער, דאָבען מיר געמאַכט אַ פאַלשטענדיגען באַגריף ווי אַזוי די אידען האָבען אויסגעזעהן, ווען זיי זיינען ארויס פון מצרים... ווי אַזוי די קערידזשעס האָבען אויסגעזעהן איז שווער צו מאָהלען... די פערדלעך זיינען געווען „צוקיילט" און „צובײלט"; מאַנכע פון זיי האָבען אויף די פיס ניט געקענט שטעהן, און אַנדערע ווידער האָבען אויסגעקוקט דאַר ווי פלאַנדערקעס, און זיי האָבען זיך שטאַרק גענויטיגט אין ברילען.

אויף אַ טריין, וועלכע געהט צוריק, האָב איך נאָך געדאַרפט וואַרטען ארום 3 שטונדען. וואַרטען אויפ'ן סטיישאָן האָט זיך אויך עפּעס ניט געוואָלט, דאָב איך באַשלאָסען צו פאָהרען אָנקוקען דעם פאַרמערשען גן עדן... איך האָב זיך אַלזאָ אריינגעזעצט אין אַ קערידזש, אין וועלכען עס האָבען זיך שוין עטליכע „פאַרשוינען" געפונען, און — די רייזע האָט זיך אָנגעפאַנגען...

דער קערידזש האָט זיך אָנגעהויבען צו ריהרען מיט „מוזיקע" —די רעדער האָבען געסקריפּעט... יעדער ראָד האָט ארויסגעגעבען אַן אַנדער טאָן, און די טענער האָבען מיר דערמאָנט אָן מאַנכע פון אונזערע כאָריסטקעס פון אידישען „טריאַטער"... דער וועג איז געווען אַ זעהר שלעכטער — פול מיט זאַמד און גריבער, און די פלייצעס פון די פאַרשוינען האָבען אַלע ווײלע געהאַט צוזאַמענשטויסען דורך דעם. פון צייט צו צייט פלעגט דער קערידזש זיך געבען אַ שטאַרקען קעהר, און די צוקונפטיגע פלעזשורניקעס האָבען זיך אָנגעהאַלטען איינע אָן די אַנדערע אום ניט ארונטערצופאַלען. יעדעס מאָל ווען דער קערידזש האָט זיך אַ קעהר געטאָן, האָבען אַלע אַ פאַרצווייפעלטען געשריי געטאָן, און דער געשריי איז שפּעטער אין אַ געלעכטער פאַרוואַנדעלט געוואָרען.

דערווייל דאָט „דער מאַן פון פלעזשור" — דער פאַרמער, געהאַט אַ שטאַרקען „שמועס" מיט זיין פיער־פיסיגע פלאַנדערקע, אַז ער זאָל אַזוי גוט זיין און שטעלען פיס ווי געהעריג איז... צו דאָס

איז געווען זיין פרינציפּ ניט צו געהן שנעלער, צו דאָס איז געווען דערפאַר, ווייל ער האָט טאַקע קיין כח ניט געהאַט שנעלער צו געהן, איז שווער צו זאָגען, נאָר ער איז געגאַנגען טריט ביי טריט... אויסער דעם איז דאָס פערדעל, ווי עס האָט אויסגעקוקט, געווען ניט קיין קלײנער פייגלינג... האָט ער דערזעהן פון ווייטען א גרוב, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט נאָך איידער ער איז געקומען צו איהר; האָט ער דערזעהן א קאַרשון פליהענדיג, איז ער געוואָרען שטאַרק נערוועז, און — ניט פון אָרט!... האָט ער דערהערט א טריין ערגעץ פייפענדיג, האָט ער הפּנים געמיינט אז זיין לעבען איז אין געפאַדר, און ער איז שוין ווידער געבליבען שטעהן, האַלטענדיג זיינע אויערען אָנגעשטעלט און קוקענדיג אין אַלע ריכטונגען...

און אויסער דעם וואָס ער איז געווען א גרויסער פייגלינג און הינקעדיג אויף א הינטערשטע פוס, האָט ער נעבעך אויך געליטען פון א מין סאָרט קייך־הוסט... יעדעס מאָל ווען ער פלעגט זיך צוהוסטען, איז געווען הימעל עפען זיך! זיינע קולות האָבען זיך דערהערט אין זיבעטען הימעל, און זיין ארונטערהענגענדע אונטערשטע ליפּ האָט כמעט דערגרייכט ביז דר'ערד; זיין בויך איז געוואָרען ווי א בלאָז־זאַק... ווען ער פלעגט מיט'ן הוסט פערטיג ווערען, פלעגט ער זיין אזוי אויסגעמאַטערט, אז ער האָט אפילו קיין כח ניט געהאַט מיט'ן עק ארונטערצוטרייבען די פליגען, וועלכע האָבען ניט אַנדערש געוואָלט זעהן וואָס ביי איהם אונטער'ן פּעלטוט זיך... א שטיקעל וועג אָפּגעפאָהרען, האָבען מיר שוין געהאַט צוגעוועהנט זיך צו דער שווערער, אונפאַרגעסליכער רייזע... יעדערער פון אונז האָט באַוואונדערט די רייכע נאַטור, וועלכע האָט אונז ארומגערינגעלט. אַלעס איז געווען צויבעריש. די פעלדער און וועלדער, בערג און טהאַלען האָבען זיך געשפּיגעלט פאַר אונז מיט זייערע פּרעכטיגע פאַרבען, און מיר האָבען אונזערע אויגען ניט געקענט אָפּרייסען פון די רייכע נאַטור־בילדער.

„באַלד זיינען מיר אויפ'ן אָרט", האָט „דער מאַן פון פלעזשור" געזאָגט צו אונז מיט א פרעהליכער און טריאומפירענדער מינע, „נאָך א 10 מינוטען פאָהרען".

און דאָס זאָגענדיג, האָט ער אָנגעהויבען ארונטערצוקלעטערען פון וואָגען, באמערקענדיג:

„עס איז ניט שלעכט צו געהן דאָ אויפ'ן וועג".

און מיר, די מענער, האָבען פארשטאנען, אז זיין באמער־קונג איז א וואונק, אז מיר זאָלען פאָלגען זיין ביישפּיל, ווייל דער „סוס" האָט שוין געהאַלטען אין מיטען ווידוי... מיר האָבען זיך שנעל ארונטערגעכאַפּט פון וואָגען טראָץ דעם וואָס „דער מאַן פון פּלעזשור" האָט געזאָגט: „סי אַללע ראַיט, איהר מעגט זיצען". מיר זיינען שוין געווען „דאַון סטערז" און מיר זיינען געוואָרען פוס־געהער...

„שוין צוגענומען אייער סוס אויף אַלע טאָג?" האָב איך איהם, דעם פארסאַפּטען פארמער, געפרעגט מיט א שמייכעל.

„איהר לאַכט פון מיין פערד? — האָט ער מיט א פראגע מיר געענטפערט — „נעווער מאַי, שוין גאָר א גוטער פערד! וואָלט איהר נאָר געזעהן ווי אזוי ער געהט אין דער סאָבע! אין א קער־רידזש, פארשטעהט איהר, איז ער ניט געוואָהנט צו געהן... סי אַלּלע ראַיט, מיר זיינען שוין באַלד אין דער היים... אויב איהר זייט דור־שטיג, וועט איהר באַלד קענען טרינקען מילך פון קוה..."

„וואָס איז דער מעהר וואָס אייער פערד הוסט אזוי?", האָט איהם א צווייטער א פרעג געטאָן, „ווארום זעהט איהר זיך ניט מיט א דאָקטאָר וועגען דעם?"

„נעווער מאַי", דער שווארץ יאָהר נעהמט איהם ניט", האָט ער דעם פראגע־שטעלער געטרייסט, „איך האָב איהם שוין באַלד א יאָהר... איך האָב איהם געקויפט מיט א הוסט... סי אַלּלע ראַיט, ער וועט לעבען, סי וועט איהם גאָר ניט זיין".

ווי אונאנגענעם די רייזע איז געווען, איז אָבער אימער גע־ווארען פרעהליכער. די פרויען „אָפּ־סטערז" האָבען זיך געוויצעלט איבער דעם פערד און זיין מאָדנעם הארנעס, און זיי האָבען אויך ניט געשאָנעוועט דעם פארמער מיט זייערע וויצען... פּלוצלונג האָט זיך דער פערד אָפּגעשטעלט, און — מיר האָבען אָנגעהויבען צו זו־כען א גרוב... דאָס איז אָבער ניט געווען אזא לייכטע זאַך, ווייל דער פערד האָט אָנגעמאַכט א גרויסען שטויב מיט זיינע פיס, וועל־

בע ער האָט קוים געקענט הויבען, און דער שטויב האָט אונז פאַר־שטעלט דעם שיין — אזוי געדיכט איז געווען אויפ'ן וועג און אין אונזערע אויגען...

דער פאַרמער האָט א וואָרף געטאָן די לייצעס אויפ'ן פערד, און זאָגענדיג, אז מיר זיינען שוין „אויפ'ן אָרט", האָט ער די פרויען און מיידלאך געהאָלפען ארונטערקלעטערען פון קערידזש.

„איהר זייט שוין מסתמא אויסגעהונגערט", האָט ער געזאָגט צו אונז, קומט אריין אין הויז, און איהר וועט וואָס איבערבייסען"...

מיינע בליקען האָבען אָנגעהויבען צו זוכען מצבות, ווייל די הויז, וועלכע איז געשטאַנען פאר אונז, האָט אויסגעקוקט ווי א שטיבעל, וועלכע מען זעהט אויף א היימישען בית עולם...

איז דאָס דער פאַרשפּראָכענער גן־עדן? האָב איך זיך גע־טראַכט. איז דאָס מעגליך?... אזוי ווי איך האָב קיין אנדער הויז ניט געזעהן, האָב איך ניט־ווילענדיג געמוזט גלויבען, אז „דהיז איז איט", און איך האָב דעם „גן עדן" אָנגעהויבען בעסער באַ־טראַכטען...

די הויז איז געווען אין גאַנצען פון האָלץ, און איהרע ווינקע־לאך זיינען געשטאַנען אויף ציגעל אזוי, אז די הויז איז געווען אונ־געפעהר א פוס פון דער ערד. אונטער'ן פלאָר האָבען זיך געפונען ענטלעך, היהנער, אַלטע שיך, קאָרע פון בוימער, שפּענער און נאָך אזעלכע זאכען; די ווענט זיינען געווען שווארץ, און די צובראָ־כענע שויבען פון די פענסטער זיינען געווען פאַרשטאָפּט מיט שמאַ־טעס; איין צובראָכענע שויב איז געווען פארקלעפּט מיט די פּאָדערשטע זייטען פון א אידישע צייטונג און מען האָט געקענט לע־זען אויף דיזער פּיידזש, אז לייטענאַנט בעקער האָט געהאט א סך כאַבאַר געלד אין פאַרשידענע בייגק... דער דאך איז געווען באשפּרינקעלט מיט ווייסע שינדלען, און קיין לעבער האָבען דאָר־טען אויך ניט געפעהלט...

ארום הויז איז געווען זעהר פרעהליך... באָרוועסע, האַלב נאַקעטע, ניט געצוואָגענע, ניט געקאַמטע קינדערלאך האָבען זיך געשפּילט אין הויף מיט שטיינער, ציגעל און זאמד. זיי האָבען גע־שריען, געליאַרמט, געטאַנצט און געשפּרונגען. אויף צובראָכענע

בענקלעך און אויפ׳ן גראָז זיינען געזעסען פרויען מיט אָדער אָהן בייבים אויף די הענד און האָבען גערעדט צווישען זיך. פון צייט צו צייט פלעגען זיי ווארפען פאר׳גנב׳עטע בליקען אויף אונז...

איינע אליין, אויף א צובראָכענעם קאָרנער פון פּאָרטש, איז געזעסען א מיטעל־יעהריגע פרוי מיט צולאָזענע האָר איבער איהר במעט נאקעטער פּלייצע, און זי האָט געהאַלטען א שוך אין האנד נאָהענט צו איהרע אויגען, און איהרע בליקען האָט זי געהאַלטען אָנגעשטרענגט אויף דעם קאַפּעל פון שוך, וועלכער איז שוין געוועזען אביסעל אויסגעדרעהט. אין דער צייט וואָס זי איז געווען פארנומען מיט׳ן שוך, האָט דער גראָבער פינגער פון איהר פוס ארויסגעשטעקט זיין קאָפּ פון זאָק, און ער האָט באוואונדערט די רייכע נאַטור בילדער... ניט ווייט פון איהר האָט זיך געפאשעט א קוה, און זיך אזוי פאשענדיג, איז זי אַלץ צוגעקומען נעהענטער צו דער פאטראכטער פרוי, און ניט ווילענדיג האָט זי איהרע הער־נער פארטשעפּעט אָן דער פרוי׳ס שוין אזוי אויך צוריסענע קלייד. און ווען די קוה האָט איהר קאָפּ אויפגעהויבען אום אוועקצוטרייבען א שלעכטע פליג, וועלכע האָט איהר געביסען אין קארק, האָט די פרוי ארויסגעלאָזען א פלוכענדען געשריי... קיין געפאהר איז אָבער ניט געווען... זי, די פרוי, ניט די קוה, האָט זיך באלד אויפגעהויבען און זיך אוועקגעזעצט אויף אן אנדער פלאץ, נאָכדעם ווי זי האָט צוגעהונקען מיט איין פוס, אום די זאָק פון דער פוס, וועלכע האָט קיין שוך ניט געהאט, זאָל זיך ניט איינשמוצען...

א פרוי, וועלכע האָט, לויט איהר אויסזעהן, געהאט דאָס פּאָל־שטענדיגע רעכט זיך אָנצורופען די ווירטהין פון הויז האָט אונז אין הויז איינגעלאַדען. ווילענדיג ניט־ווילענדיג בין איך מיטגע־גאנגען אין „גן עדן"... אויפ׳ן וועג האָט זי זיך מיט איהר ספּאָד־ניצע ארומגעווישט דעם שוויים פון איהר פּנים, און טאקע דאַן איז פאר מיר אנטדעקט געוואָרען דער סוד, ווארום איהרע טריט האָבען זיך ניט געהערט... זי איז געגאנגען באָרוועס... א טיר האָט זיך געעפענט. איך האָב אריינגעבליקט, און — איך האָב זיך גלייך געכאפּט צום זייגער... איך האָב נאָך צייט געהאט צו כאפּען די טריין צוריק, און — איך האָב איהר אויך געכאפּט...

# אומזיסטער שרעק.

דאָס איז געווען אַ מאָנטאג שפּעט אין אָוונט. איך בין געזעסען אין אָפּיס טיף פאַרטראַכט, קלערענדיג, ווי אַזוי מען ווערט פּטור פון די אייביגע נודניקעס, וועלכע דרעהען מיר שטענדיג אַ מח וועגען דער פּראַגע, ווי אַזוי מען מאַכט אַ לעבען... זיי געדענקען נאָך די צייט ווען איך בין געווען אַ האָלסיילער פון „אַך" און „וועה", „צער" און „דלות", און אַזוי ווי זיי זיינען שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דיזען „ליין ביזנעס", קומען זיי מיר דאָס פרעגען ווי אַזוי איך האָב זיך דערפון ארויסגעדרעהט...

איך בין, אַלזאָ, געזעסען און געקלערט ווי אַזוי פּטור צו ווערען פון זיי... איז אין אָפּיס פּלוצלונג אריינגעקומען אַ 35 יאָהריגע גאַנץ סימפּאַטישע פרוי און זי האָט זיך טיף פאַרנייגט פאַר מיר. האָב איך געטאָן דאָס זעלבע, און איידער איך האָב נאָך צייט געהאַט זיך אויפצוהויבען, האָט זי מיך האַסטיג אַ פרעג געטאָן:

— קאָנט איהר מיר אפשר זאָגען ווער איהר זייט?

די אַרט ווי אַזוי זי האָט עס מיך געפרעגט איז מיר, דעם אמת זאָגענדיג, שטאַרק ניט געפעלען געוואָרען, און די פראַגע אַליין האָט מיר עפּעס געקלונגען גראָב, פרעך. איך האָב געפיהלט ווי איהר מיט דעם זעלבען טאָן צו ענטפערען. עפּעס אָבער האָט מיך צוריקגעהאַלטען, און — איך האָב איהר געזאָגט מיין נאָמען.

— דיינקט איהר, אַז מ'קאָן אייך פאַרטרויען אַ סוד? — האָט זי מיך ווידער געפרעגט.

איך האָב איהר ערקלערט, אַז איך האַלט זיך פאַר אַ ליידטישען מענשען, און אַז אויב זי דיינקט, אַז איך וועל איהר מיט עפּעס קאָנען העלפען, מעג זי מיר דעם סוד אַנטרויען.

— זייט אהר שור?

איך האָב איהר אָנגעקוקט. עפּעס א מאָדנע אידענע — האָב איך זיך געטראַכט — זי מוז געווים זיין אביסעל צודרעהט... איהרע אויגען האָבען אָנגעהויבען צו גליהען און זיי זיינען געווען צו שארף, אז מיינע בליקען זאָלען זיך מיט זיי קאָנען באַגעגענען. זי איז געשטאַנען פּעסט ווי א פעלז און האָט געוואַרט אויף אַן ענטפער, די אויגען פון מיר ניט ארונטערגענעמדיג.

ווען איך האָב איהר, אום צו זעהן וואָס ווייטער וועט זיין, געזאָגט, אז מען מעג מיר א סוד זיכער פארטרויען, האָט זי ווייטער געפרעגט:

— האָט איהר אפשר א באַזונדערע רום?

— יעס, איך האָב.

— קאָנען מיר אריינגעהן אהין?

— יעס, מיר קאָנען.

— נו, טו לאָמיר אריינגעהן.

ווען מיר זיינען אין צימער אריין, האָט זי מיך געפרעגט, אויב מען קאָן צומאַכען די טיר. איך האָב די טיר צוגעמאַכט.

— קאָן מען אפשר צומאַכען די פענסטער אויך? — האָט זי געפרעגט, זיך ארומקוקענדיג אין רום.

און איך האָב צוגעמאַכט די פענסטער, ניט וויסענדיג וואָרום איך טו עס....

קאָן מען אפשר ארונטערלאָזען די ווינדאָ־בלאַינדס אויך?

— אי, שלעכט! — האָט א בייזער געדאַנק דורכגעבליצט מיין קאָפּ, — די בחור׳טע וויל דאָ מיך פארפיהרען אין א בלאָטע...

צוליב וואָס ווילט איהר אז די ווינדאָו־בלאַינדס זאָלען זיין ארונטערגעלאָזען? קיינער זעהט אונז דאָך ניט סאַי ווי סאַי — האָב איך ערקלערט.

— אז איהר ווילט ניט, דאַרף מען ניט. נאָר פונדעסטוועגען וואָלט געווען גלייכער, אז די ווינדאָו בלאַינדס זאָלען זיין ארונטערגעלאָזען...

אום צו זעהן וואס ווייטער וועט זיין, האָב איך די „בלאינדס" ארונטערגעלאָזען, אָבער בלויז האַלב.

— וואוינען עפּעס שכנים ביי אייך אפּ־סטעירז ?

— אַנטקעגען וואס דארפט איהר דאָס וויסען ? — האָב איך איהר א פרעג געטאָן — איהר ווילט דאָ דינגען א רום ?

— ניין... אָט גלאט אזוי... איך האָב בלויז געוואָלט וויסען אויב די שכנים פון הויז וועלען קאָנען הערען וואָס איך וועל אייך באַלד דערצעהלען... זאָגט מיר, איך בעט אייך, וואוינען שכנים ביי אייך אין הויז ?...

איך האָב דערזעהן אז דער שפּיל איז פאר'ן טייפעל ; איהר געהיימנים, וואס זי האָט מיר געהאַט צו דערצעהלען, האָט מיר אויסגעקוקט צו זיין זעהר פארדעכטיג... פאר מיי־נע אויגען האָבען אָנגעהויבען צו שוועבען שרעקלי־כע בילדער... אפשר האָט זי געהאט א ניט געזעצליכעס קינד, און אום איהר שאנדע צו פארדעקען, האָט זי עס דערשטיקט, און זי קומט עס ביי מיר פרעגען וואָס צו טאָן מיט'ן קערפּערל ?.... אפשר האָט זי פאר'סמ'ט איהר פארפירער און זי קומט זיך דאָס מיט מיר אן עצה האַלטען ?... א ביטערער עסק — האָב איך זיך געטראכט — מען דארף זעהר פון דער בחור'טע פּטור צו ווערען איידער עס איז צו שפּעט...

— איהר מעגט פארטרויען דעם סוד אייערען צו אנדערע — האָב איך איהר אין א האַלב־נערוועזען צושטאנד געזאָגט — איך וויל פון אייער סוד ניט וויסען... איך בין איבערהויפּט יעצט זעהר ביזי...

די פּרויענצימער האָט אויף מיר געגעבען א מאָדנעם בליק ; אין איהרע באַקען האָט זיך באוויזען פארב און פון איהרע אויגען האָבען אָנגעהויבען צו קאַפּען טרערען. פון איהר סעטשעל, וואָס זי האָט געהאט מיט זיך, האָט זי ארויסגענומען א טאשענטיכעל, און זי האָט זיך גענומען ווישען די אויגען.

איז מיר געוואָרען נאָך ביטערער אויפ'ן הארצען... א גזלנ'טע וויינט ניט — האָב איך זיך א טראכט געטאָן — מסתמא איז זי

אזוי אַן אונגליקליכע... געווים דריקט איהר עפּעס אויפ'ן האַר־צען און זי וויל איהר שמערץ אויסדריקען פאַר יעמאַנדען... מען דאַרף די בחור'טע אויסהערען וואָס זי האָט צו זאָגען — האָב איך ענדליך באַשלאָסען.

— איך האָב אפילו קיין צייט — האָב איך געזאָגט צו איהר צערטליך — איך וועל אָבער אייך אויסהערען, אויב איהר וועט זיין אזוי פריינדליך און עס מיר דערציילען אין קורצען...

זי האָט אויף מיר געגעבען אַ דאַנקבאַרען בליק און, זיך אוועקזעצענדיג נעבען מיר, האָט זי מיר אָנגעהויבען צו דערציי־לען איהר סוד און מיין האַרץ האָט מיר אָנגעהויבען צו קלאַפּען פעסטער.

— אָט אזוי ווי איהר קוקט מיך אָן — האָט זי אָנגע־פאַנגען מיט טרעהרען אין די אויגען — בין איך אַן אונגליקליכע באַשעפעניש. מיין מוטער איז געשטאָרבען ווען איך בין נאָך גע־ווען אַ קינד. גליקליך האָב איך קיינמאָל ניט געלעבט. איך האָב געאַרבייט שווער און ביטער פון קינדווייז אָן, און אזוי ווי איך האָב קיין מזל ניט געהאַט ווען איך בין געווען אַ קינד, אזוי האָב איך אויך קיין מזל ניט געהאַט ווען איך בין געוואָרען גרויס. צו שידוכים האָב איך קיינמאָל ניט געהאַט קיין גליק... די שידוכים, וועלכע מען פלעגט מיר ריידען, זיינען מיר אימער ניט געווען צום האַרצען... איך בין אַלט געוואָרען 25 יאָהר, און — עס איז גע־ווען צרות... מיין פאָטער האָט מיר אימער אויפגעגעסען דעם לע־בען פאַר וואָס איך טו ניט קיין שידוך, און מיר אליין איז שוין אויך דאָס לעבען איבערדרוסיג געוואָרען. האָב איך באַשלאָסען איין מאָל פאַר אַלע מאָל חתונה צו האָבען מיט איינעם וואָס וועט זיין כאָטש אביסעלע ביים ווענ... אזא מאַן האָט זיך באַלד געמאַכט פאַר מיר. ער איז אפילו ניט געווען זעהר יונג, און אויך ניט שעהן, וואָס אָבער האָב איך געזאָלט טאָן? מיין פאָ־טער האָט מיר נעגעבען 3 הונדערט רובעל נדן, און אין אַ קור־צער צייט שפּעטער האָב איך מיט איהם חתונה געהאַט... אזוי שנעל ווי מיין מאַן האָט געקראָגען דעם נדן, האָט ער מיך אָנ־

געהויבען צו באהאנדלען זעהר שלעכט. אויף דער צווייטער וואָך האָט ער מיך אויך געשלאָגען, און — וואָס איז דאָ פיל צו רייד־דען, איך האָב זיך מיט איהם אין עטליכע וואָכען שפּעטער געמוזט גט׳ן.

— עס איז אוועקגעגאנגען א האלב יאָהר און שדכנים האָ־בען ווידער אָנגעהויבען אָפּצושלאָגען די טירען... מיין פּאָטער האָט מיר ערקלעהרט, אז ניט אַלע מענער זיינען שלעכט, און אז מען „טרעפט ניט" מיט איינעם איז נאָך דערפון ניט געדרונגען אז מען וועט אויך מיט דעם צווייטען ניט טרעפען... איך האָב זיך געלאָזען איינריידען און — מען האָט מיר פאַרגעשטעלט א שעה־נעם יונגען־מאן. איך האָב איהם, דעם אמת געזאָגט, זעהר ליב געהאט, ער האָט אויסגעקוקט צו זיין א לייטישער מענש. מיין פּאָטער האָט ווידער צוגעזאָגט א פּאָר הונדערט דאלאר נדן, און עס איז שוין געווען אָפּגערעדט אז אין א חודש ארום זאָל זיין די חתונה. דער גליקליכער טאָג איז געקומען און — הערט מיין אונגליק! עס איז שוין געווען פארטיג צו דער חתונה; די געסט זיינען שוין געקומען; די מוזיקער זיינען שוין געווען; די טישען זיינען שוין געווען „געגרייט" און — דער חתן איז צו דער חופּה ניט געקומען... אזוי ווי אין דר׳ערד איז ער אריינגעגאנ־גען!..

און זייט דאן האָב איך שוין געהאט נאָך 6 חתנים, און — אַלע זיינען פון מיר אנטלאָפען מיט א טאָג אָדער 2 טעג פריהער פאר דער חופּה...

אין דער היים האָב איך זיך שוין געשעהמט לייננער צו פארבלייבען. איך האָב באשלאָסען אוועקצופאָהרען וואו די אוי־גען וועלען מיך טראָגען... וואוהין פאָהרט מען אָבער?... איז מיר איינגעפאַלען צו פאָהרען וואו אַלע פאָהרען — אין אמעריקא... אפשר וועל איך שוין דאָרטען גליקליכער זיין...

קומענדיג אהער, קיין אמעריקא, האָב איך קיינעם ניט געהאט צו ווענדען זיך צו ווענדען. איך האָב געהאט ביי זיך א פּאָר דאלאר און איך האָב דערווייל געגעסען דערפון. מיט א פּאָר

וואָכען שפּעטער האָב איך געקראַנקען ארבייט ביי קלאָוקס און איך האָב אָנגעהויבען צו פארדינען גאנץ געשמאק. האָט מיר אָבער דער אונגליק ווידער אָפּגעטאָן א שפּיצעל... איך האָב שוין אפילו געהאט פעסט באשלאָסען קיינמאָל ניט צו הייראטען, האָב איך זיך אָבער באקענט מיט א יונגען מאַן אין שאָפּ, און — לאכט ניט פון מיר — דער יונגער מאַן איז געווען זעהר פריינדליך צו מיר, און איך, ווידער, דענקענדיג אז ניט אייביג האָט מען א שלעכ־טען מזל, האָב איך, נאָכדעם ווי ער האָט מיר געמאכט א „פּאָר־שלאג" באשלאָסען נאָך אמאָל צו פּרובירען מיין מזל, און היי־ראטען מיט איהם...

— וואָס זאָל איך אייך דאָ פיל ברייען... מיר האָבען חתונה געהאט, און מיר האָבען דאָ א פּאָר מאָנאטען צייט געלעבט גליק־ליך, זעהר גליקליך! מיר האָבען ביידע באשלאָסען צו ארבייטען אום צו מאכען עטליכע הונדערט דאָלאר, כדי שפּעטער צו קענען עפענען אַן אייגענעם שאָפּ... דאכט זיך גוט, הא?... איינמאָל זיצענדיג אזוי אין שאָפּ ביי דער ארבייט, זעה איך ווי א מאַן קומט אריין און שושקעט עפּעס מיין מאַן אריין אין אויער... איך האָב אפילו ניט געוואוסט וואָס דאָס זאָל הייסען, אין האר־צען אָבער האָט מיר גלייך דערלאנגט א קלאַפּ... איך האָב גע־וואוסט אז עפּעס איז דאָ ניט גלאַט... מיין מאַן האָט גלייך ארויפ־געכאַפּט זיין רעקעל און איז ארונטערגעלאָפען פון שאָפּ, ערקלע־רענדיג מיר אז ער קומט אין א האלבע שטונדע צוריק... איהר האָט איהם געזעהן? אזוי האָב איך איהם געזעהן פון דאַן אָן... נו, ווי געפעלט אייך מיין אונגליק?...

— הייסט עס, אז איהר ווילט אייער מאַנ'ס בילד ארייג־שטעלען אין די „גאלערי פון פארשוואונדענע מענער"? — האָב איך איהר געפרעגט.

— ניין, ניין! — האָט זי ווי ניט מיט איהר קול גע־שריען — איך וויל איהם ניט געפינען, ער איז א לומפּ, ער האָט מיט מיר חתונה געהאט ווען ער האָט געהאט א ווייב... זיין

ווייב האָט זיך דערוואוסט וואו ער געפינט זיך און זי איז דאָס געקומען איהם ארעסטירען, איז ער אנטלאָפען...

מיר זיינען ביידע געבליבען זיצען א ווײלע ווי שטומע. ענדליך האָב איך געפרעגט וואס איך קען טאָן פאר איהר.

זי האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און האָט מיט א דאנקבאר־קייט זיך צו מיר א נייג געטאָן.

— פארשטעהט איהר מיר — האָט זי געזאָגט שוין האל־טענדיג די אויגען אביסעל ארונטערגעלאָזען — איהר קענט זיך דאָך מיט לייטישע מענשען... עס איז זעהר ניט גוט צו לעבען אליין... אייביג ארבייטען... אייביג אין שאפּ... איך מיין אז איהר זאָלט מיר ריידען א שידוך מיט איינעם פון אייערע באַ־קאנטע, וועלכע גלייכען א פאמיליען לעבען... איהר קענט דער־ביי פארדינען א פופציגער... נאָר עפּעס אזוי א רעכטען שידוך...

# דער שכן

איך האָב איהם געטראָפען שטעהענדיג אנגעשפארט אן א שוהל, וועלכע איז ניט לאנג צוריק אליין געווען הילפלאָז; וועלכע האָט זיך אליין ניט געקענט ארויסראטעווען פון דעם שעריפ'ס הענט... ער איז געשטאנען דארטען מיט א פארקנייטשטען שטערען און מיט א קליינעם, כמעט צוריסענעם ביכעלע אין האנט, און האָט אין איהם, מיט גרויס זארגזאמקייט אריינגעבליקט.

אלע וויילע האָט ער די בלעטער פון ביכעלע א מיש געטאָן; מאנכע פון זיי האָט ער פארקנייטשט, מאנכע פון זיי האָט ער אויסגעגלייכט; אין איין בלעטעל האָט ער עפּעס אריינגעשריבען מיט א שלעכט פארשניטען בלייפעדער, און אין אנאנדערע האָט ער עפּעס אויסגעמעקט, און דאָס טוענדיג האָט ער אפטמאָל אונ־טער'ן נאָז צוגעזונגען, מיט די ליפּען זיך פאָססמאקעוועט, און מיט דעם קאָפּ א לייכטען שאָקעל געטאָן.

אזוי פארטיפט איז ער אין די סודות פון ביכעלע געווען, אז ער האָט אפילו ניט באמערקט, אז איך בין צוגעגאנגען צו איהם. און ער האָט זיין קאָפּ ניט אויפגעהויבען ביז וואנעט איך האָב מיין רעכטע האנט אויף זיין לינקען שולטער ארויפגעלייגט.

„אָה, אָה, אָה, דאָס זייט איהר" — האָט ער מיך דערזעהענ־דיג א זאג געטאָן — „איך האָב אייך גאר ניט באמערקט. דער קאָפּ איז זעהר פארדרעהט; דאגת היונה"...

„וואָס זייט איהר אזוי פארטיפט אין ביכעלע?" — האָב איך איהם געפרעגט — „איהר זוכט אין איהם א ירושה'לע?"

„סיידען פון מיין אלטע קאַץ" — „האָט ער באַמערקט מיט א שמייכעל.

„טאָ וואָס דען זוכט איהר אין איהם, די סודות פון דער נאַטור?"

„וואָס מיר סודות פון נאַטור?" — האָט ער געזאָגט, גע־בענדיג א הויב מיט די פּלייצעס — איך זוך אין איהם דעם סוד ווי אזוי א לעבע צו מאכען".

„און אין דיזען ביכעלע, דענקט איהר עס, דעם וויכטיגען סוד צו געפינען?"

„אהאָ, ווען איך קען דורכפיהרען די אַלע שידוכים וועלכע זיינען אין איהם פארשריבען!" — האָט ער אָנגעהויבען, שיער טאַנצענדיג פון באַגייסטערונג — „איך וואָלט אין גאלד געגאנגען; איך וואָלט אין אויטאָמאָבילס געפאהרען; גאָט און לייט וואָלטען זיך מיט מיר געפרעהט..."

„דארף מען אביסעלע שווער צו־ארבייטען" — ערקלעהר איך איהם מען דארף זיך זעהן מיט מעהר מענשען, און —"

„וואָס רעדט איהר" — האָט ער מיך אונטערבראָכען — מיט ווענציג מענשען זעה איך זיך? איך ארבייט ווי אן עזעל; איך לויף ארום גאנצע טעג און איך שלאָף ניט קיין נעכט, אָבער — אומזיסט; מיר געהט ניט און עס איז דאָ אן אנדער אומגליק. די היינטיגע בחורים און מיידלאך ווילען גאר חתונה האָבען אויס ליבע, און כאָטש שים זיי אין די קעפּ ווילען זיי ניט הייראטען דורך א שדכן! א נייע מגפה אין אמעריקא! ליבע, שמיבע!

„אמאָל איז געווען א פראגע וועגען נדן, וועגען יחוס; איצטער האָט מען עס אין דר'ערד... נאָר ליבע ווילען זיי, א רוח אין זייערעביינער אריין! ליבע ווילט זיך זיי גאָר. א נייע אָנשיקעניש אויף מיין קאָפּ!"

האָב איך איהם אָנגעהויבען צו ערקלערען, אז ווען צוויי מענ־שען הייראטען אויס ליבע איז דאָס לעבען א הייליגער, א גליקלי־כער, און —

„וואָס האקט איהר מיר א טשייניק מיט הייליגקייט, מיט גליקליכקייט" — איז ער אריינגעפאלען אין די רייד — „געהט אריין אין די קאָורטס וועט איהר אויסגעפינען ווי גליקליך זיי זיינען, און ווי הייליג זיי האָבען געלעבט!.... מיט שטעקענס

האָבען זיי זיך געשלאָגען. אלע טאָג האָבען זיי זיך געשאָלטען אין זייערע טאטענס אריין, און זיי האָבען פארשאָלטען די טעג אין וועלכע זיי האָבען חתונה געהאט... זיי דאנקען גאָט אז זיי קריגען גט'ן ארוים... אָט האָט איהר אייער הייליגע ליבע, שמיבע"...

„אָבער דאָך" —

„ניטאָ דאָך" — האָט ער מיר ווייטער ניט געלאָזט ריידען — „אָט האָב איך מיט 35 יאָהר צוריק אויך חתונה געהאט מיט מיין ווייב דורך א שדכן, און ביז דעם טאָג פון דער חתונה, האָב איך מיין כלה מעהר ווי איין מאָל ניט געזעהן, פון דעסטוועגען האָבען מיר אָפּגעלעבט אזוי פיל יאָהרען; מיינע צוויי ברידער האָבען אויך חתונה געהאט אָהן ליבע און זיי האָבען אויך פארפיהרט דורות; איך וועל אייך ווייזען א סך אזעלכע אידען, וועלכע האָבען חתונה געהאט אָהן ליבע, פון דעסטוועגען לעבען זיי צופרידען מיט זייערע ווייבער... איצטער איז גאר געווארען א מאָדע „ליבע"! א נייע ביזנעס אין אמעריקא... צו זייערע קעפּ, צו זייערע לייב און לעבענס..."

האָב איך דעם צוהיצטען שדכן געוואָלט אָפּשטעלען אביסעלע. עס איז געווען א זעהר הייסער טאָג און איך האָב פּשוט מורא געהאט, אז ער וועט זיך צופיל דערהיצען, ארבייטענדיג מיט'ן מויל און מיט די הענט.

„אָבער וואָס טויג אייך זיין אזוי אין כעס? — בארוהיגט אייך אביסעל" — האָב איך זיך געבעטען ביי איהם.

„בארוהיגט זיך היינט, בארוהיגט זיך מאָרגען" — האָט ער געזאָגט, זיך אָפּווישענדיג דעם שוויים פון פּנים, מיט א במעט נאַסע טאַשען־טוך. — „אז מען מאכט ניט קיין לעבען; מען לויפט ארום ווי א משוגענער פון איינעם צום צווייטען, און מען קען קיין לעבען ניט מאכען. טאָמער מאכט זיך שוין יאָ אז מען פיהרט אוים א שטיקעל שידוך, קריגט מען אויך ניט אין גאנצען באַצאָהלט...

איידער חתן־כלה זעהען זיך, זאָגט מען דעם שדכן צו גאנצע בערג; אזוי שנעל אָבער ווי זיי באַקענען זיך, הערט מען מיך ווי

די קאץ: מען פארגעסט זיך גאר אז איך לעב אויף דער וועלט... פון די בערג ווערען „קברים׳לאך", און געה מאך א לעבען..."

„אט אזוי געהט מיין ארבייט פארלאזען" — האט ער ווייטער פארטגעזעצט — „ניט לאנג צוריק, האב איך גערעדט א שידוך א יונגע אלמנה מיט אן עלטערען סטאר קיפער, וועלכער האט פינף קינדער. חתן כלה האבען זיך געזעהן, און זיי זיינען זיך געפעלען געווארען, איז דאך שוין גוט, הא? אט הערט א מעשה: לעז איך עטליכע וואכען שפעטער אין די צייטונגען, אז זי איז אנטלאפען מיט א טאטען פון קינדער... איך האב דעם סטאר קיפער דערצעהלט טויזענט גליקען וועגען איהר; איך האב איהם געזאגט, אז די ווייבעל איז גאר איינע אין א וועלט, און ער האט מיר צוגעזאגט א פופציגער... נעהמט זי אין מיטען דערינען און אנטלויפט מיט א פרעמען מאן... איז דאס נאך ווייניג, טא הערט נאך א צוגעטשעפעטע מעשה דערצו: דער סטאר קיפער האט א טאכטער וועמען איך האב גערעדט א שידוך... איצטער שעהם איך זיך דעם פנים צו ווייזען דארטען... א שעהנעם פנים קען איך דארטען האבען, ווי מיינט איהר, הא? אט אזוי מוטשע איך זיך יאהר איין און יאהר אויס, און מען קען קיין לעבען ניט מאכען..."

„אז מ׳קען קיין לעבען ניט מאכען פון איין זאך" — האב איך אנגעהויבע צו ערקלערען — „מאכט מען א פארזוך צו מאכען א לעבען פון עפעס אנדערש".

„פון עפעס אנדערש, זאגט איהר? איהר מיינט אז איך זאל אויפגעבען שדכנות, וואס? — האט ער מיר מיט פארוואונדערונג א פרעג געטאן — און וואס זאל איך טאן פאר א לעבען, געהן אין די הייזער?"

„איהר מאכט דאך פון שדכנות יעדענפאלס קיין לעבען ניט" — האב איך זיך אנגעהויבען צו פארטיידיגען פאר איהם — גיט מען עס אויף און מען נעהמט זיך צו עפעס אנדערש".

„צו עפעס אנדערש, זאגט איהר? ניט דערלעבען וועלען זיי! אזוי פיל יאהרען אפגעארבייט; אזוי פיל יאהרען געפלאגט זיך; אזוי פיל מיאוסקייטען פאר „פיקטשורס" געמאכט, גערעדט, גע׳טענה׳ט, געלאפען, ניט גערוהט, ניט געגעסען, ניט געשלאפען,

ניט געטרונקען. און איצטער ערשט אויפגעבען! א שעהנע עצה גיט איהר מיר, כ׳׳לעבען... מיין ביטערע פּראַצע האָט אייך הפּנים קיין סענט ניט געקאָסט... איך פרעג אייך: וואס וועט ווערען פון מיין ביכעלע? איהר ווילט אז איך זאָל איהם מאַכען פאר א מצבה נאָך מיינע יאָהרען שווערע, ביטערע ארבייט!... א שעהנע עצה גיט איהר... גלאט נעמען דעם ביכעלע און אוועקלייגען... אזוי פיל אָנגעציגענע שידוכים, פלוצלונג גאָר, מיר ניט, דיר ניט, פאר־לאָזען? ניט דערלעבען זאָלען זיי!"

און אזוי ריידענדיג האָט ער זיך ווידער פארטיפט אין זיין ביכעלע; האָט ווידער איהם געבלעטערט, געזוכט, געשריבען און געמעקט, און ער האָט אפילו קיין צייט ניט געהאט מיר א ריכטיגען גוד־באַי צו זאָגען.

# דער לייף אינשורענס אגענט

ער טרוימט ניט פון זילבער, ער טרוימט ניט פון גאָלד,
ער זוכט ניט די וועלט צו באַזיגען;
זיין היילינסטער שטרעבען פארוויירקליכט זיך דאַן
קוים קען ער אַ פּאָליסי קריגען.

און בעהמט נאָר זיין „פּראָספּעקט" די פעדער אין האנד
און לאָזט איהם אַראָפּ נור אין טינטער —
דאַן פיהלט ער זיך גליקליך, דאַן פיהלט ער זיך רייך,
דאַן פריהלינגט זיין הארץ אויך אין ווינטער...

דעם ערשטען מאָל האָב איך איהם געטראָפען ביי מיינעם
א לאַנדסמאַן, און נאָכהער — ביי מיר אין הויז...

מיין לאַנדסמאַן, ביי וועמען איך האָב איהם געטראָפען, איז
אַן אָרימער ארבייטער; ער האָט א גרויסע פאמיליע, און מאכט
קוים א לעבען. זעהר אָפט פעהלט איהם, ניט נאָר אויף רענט,
נאָר אויך אויף ברויט. זיין וואוינונג האָט געקענט דינען אלס
א מוסטער פון דלות; פון די ווענט האָט געגאָסען, און דער
בלאַסער שיין וואָס האָט זיך קוים דורכגעבראָכען דורך דער פאַר-
רויכערטער גלאָז פון קעראָסין לאָמפּ, וועלכער איז געשטאַנען
אויף א צובראָכענעם טיש, האָט נאָך דעם עלענד און טרויער פאַר-
שטאַרקט...

דער יונגערמאַן וועמען איך האָב ביי מיין לאַנדסמאַן גע-
טראָפען, האָט זיך גלייך געלאָזט דערקענען אלס א לייף אינשורענס
אגענט. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט פאַר מיר; ער האָט מיך גע-
פרעגט מיין נאָמען, און ארויסנעמענדיג א ביכעל פון זיין וועסט
פאקעט, האָט ער איהם דאָרטען איינגעשריבען און ווען ער איז
פאַרטיג געוואָרען דערמיט, האָט ער מיך געפרעגט מיין אדרעס.
מיר איז עס אפילו פארגעקומען קאָמיש, אָבער אוים העפליכקייט
האָב איך איהם געזאָגט.

„נעהמט איהר, הייסט עס, א פּאָליסי? שור, וואָס דען? ווער האָט עס היינטיגע צייטען ניט קיין פּאָליסי? .. וואָס דאַרפט איהר נאָך קלערען? ... נו, נאַט אייך א פען און שרייבט אונטער אייער נאָמען... אָט דאָ, איהר זעהט? אָט דאָ אויף דיזער ליין דאַרף מען דאָס אונטערשרייבען! נעווער מיינד, גאָט וועט העלפען... נו, נעהמט און שרייבט! ..

מיין לאַנדסמאַן האָט שטאַרק געשוויצט. איך האָב פאַרשטאַנען אז ער קען שוין, פון איהם דעם אָטעם ניט אָפּציהען...

„ניין מיסטער, איך קען קיין פּאָליסי ניט נעהמען — האָט מיין לאַנדסמאַן געענטפערט — איך האָב עס אייך פריהער געזאָגט. איהר ווייסט דאָך אז קיינער איז קיין גזלן ניט צו זיין פאַמיליע. איך וואָלט טאַקע געוואָלט נעהמען א פּאָליסי, איך קען אָבער ניט, גלויבט מיר, איך קען ניט.”

די ווערטער פון מיין לאַנדסמאַן האָבען אָבער, ווי עס שיינט, גאָר קיין ווירקונג ניט געמאַכט. אזוי שנעל ווי ער האָט געענדיגט, האָט דער אגענט גלייך ווי א מאַשין ווידער אָנגעהויבען:

„וואָס הייסט איהר קענט ניט נעהמען קיין פּאָליסי? עס קאָסט דען אזוי פיל געלט? נעווער מיינד, ווען איהר וואָלט נאָר געוואָלט, וואָלט איהר שוין געקענט.. נו, לאָמיר זעהן: א פּאָליסי וועט אייך קאָסטען 50 דאָלאַר א יאָהר, דאָס איז א קנאַפּער דאָלאַר א וואָך, אָדער 14 סענט א טאָג. נו, וואָס איז 14 סענט א טאָג? ... מען כאַפּט אראָפּ א 2-3 סענט פון ברעקפעסט; א 3-4 סענט פון דינער, און עטליכע סענט פון סאַפּער, האָט מען שוין אויף א פּאָליסי... נעווער מיינד, אז מען וויל נאָר קען מען שוין. נו, נעהמט א פּאָליסי.. איהר זעהט, אויף דיזע ליין שרייבט מען אונטער.. וואָס שרייבט איהר מיסטער: אידיש, רוסיש, דייטש אָדער ענגליש? נו, נעהמט די פען און שרייבט...”

און דאָס זאָגענדיג האָט ער איהם אונטערגערוקט דעם אַפּליקיישאָן, און וועהרענד ער האָט איהם מיט איין האַנט געשטופּט די פעדער, האָט ער מיט דער צווייטער האַנט געהאַלטען אויפ'ן אַפּליקיישאָן, איהם ווייזענדיג די ליין, אויף וועלכע מען שרייבט זיך אונטער.

„אי, זייט איהר א מענש! פארוואס ווילט איהר זיך ניט אונטערשרייבען? איך מיין דאך אייער טובה... א מענש דארף זיין אינשורט. נו, נעמט שוין אמאל די פעדער...

מיין לאנדסמאן האט פארדרעהט די הענט, עפעס אזוי ווי ער וואלט מורא געהאט, אז ער וועט איהם צווינגען זיך אונטערצושרייבען, און דרעהענדיג דעם קאפ הין און צוריק, האט ער געזאגט:

„ניין מיסטער, ניין, איך וועל ניט אונטערשרייבען, איהר מעגט מיך אפילו הרג'ענען. איך בין אן ארימאן א איד... איך טאר ניט... ניין, מיסטער, ניין!...

דער אינשורענס מאן, דערזעהענדיג אז ער קען מיט איהם גאר ניט מאכען, האט צוגענומען דעם אפליקיישאן, און איהם אריינלייגענדיג אין פאקעט, האט ער זיך צו מיר געווענדעט:

„נו, איהר דיינקט אויך, אז מען דארף ניט קיין פאליסי? פארוואס זאלט איהר טאקע ניט נעהמען קיין פאליסי פון מיר?... אט איז מיין קארט... איך ארבייט פאר דער בעסטער קאמפאניע. איך בין דער בעסטער אגענט... איך האב שוין דעם מאנאט געשריבען 85 פאליסים... וואו איך קום אריין נעהמט מען ביי מיר א פאליסי... זיי פרעהען זיך נאך אז איך קום אהין... וואס הייסט: ווער האט ניט קיין פאליסי היינטיגע צייטען?... הייסט עס אז איהר נעהמט א פאליסי... דאט'ס ראיט!.... איהר זעהט, מיסטער — האט ער זיך געווענדעט צו מיין לאנדסמאן — איהר זעהט, דאס איז דאס ערשטע מאל וואס איך האב דיזען העררען באגעגענט, און ער נעהמט שוין א פאליסי... און מיט אייך באדער איך זיך שוין מעהר ווי א האלב יאהר און איהר האט נאך אלץ קיין פאליסי ניט גענומען... דער מאן, פארשטעהט איהר, ווייסט אז א פאליסי איז א גליק פאר א מענשען... דערפאר נעהמט ער טאקע א פאליסי..."

„נו, שרייבט אונטער — האט ער געזאגט צו מיר, מיר שטופענדיג די פען אין האנט — דער דאקטאר וועט אייך זעהן מארגען אוועגט... נאר איך בעט אייך, אז איהר זאלט דעם דאקטאר ניט זאגען, אז אייער טאטע מאמע זיינען געשטארבען פון קאנסאמפשאן... אז זיי האבען געליטען פון א ראק... זאגט איהם

אז יעדער מיטגליד פון אייער פאמיליע האָט געלעבט לאנג, ווייל אז ניט גיט מען ניט קיין פּאָליסי... נו, שרייבט אונטער... איהר מעגט שרייבען אין אידיש, נעווער מיינד!... מיין קאָמפּאניע אנערקענט אידיש אויך... זי זאָגט אז אידען זיינען אמת פיינע מענשען — נו, שרייבט אונטער."

„ניין, מיסטער, איך האָב באשלאָסען ניט צו נעהמען קיין פּאָליסי איידער איך וועל האָבען גענוג געלט צו באצאָהלען פאר א גאנצען יאָהר — האָב איך צו איהם מיט א קאלטען טאָן געזאגט — צווייטענס, האָב איך נאָך צייט. איך בין, ווי איהר זעהט, נאָך א גאנץ יונגער מאן.

דער אגענט האָט זיך אָבער, ווי עס שיינט, גאר ניט געקי־מערט וועגען דעם וואָס איך האָב איהם געזאגט, און ער האָט ווייטער אָנגעהויבען:

„שור זייט איהר נאָך א יונגערמאן, און דערפאר דארפט איהר טאקע נעהמען א פּאָליסי... אז מען ווערט אלט, קאָסט ערשטענס טייערער, און צווייטענס, גיט מען ניט קיין אלטע מענשען קיין פּאָליסי... אלטע מענשען זיינען דאָס רוב קראנק, און דער קאָמ־פּאניעס דאָקטאָר וויל זיי ניט אריינגעהמען... וואָס דארפט איהר ריזיקירען?... פארשטעהט איהר... איהר זייט דאָך אין גאנצען ארום 30 יאָהר אלט. ווען איהר וועט איצטער נעהמען א פּאָליסי.... וועט איהר, ווען איהר וועט אלט זיין פופציג יאָהר, קענען אפּ־נעהמען 18 הונדערט דאָלאר... איהר פארשטעהט פארוואס איהר דארפט נעהמען א פּאָליסי?... נו, שרייבט אונטער... איהר מעגט שרייבען אין אידיש, דאָט'ס אָל ראיט! שרייבט!"

איך האָב פארשטאנען, אז ער איז א איד, פון וועמען מען קען זיך אזוי לייכט ניט אָפּטשעפּען, און איך האָב איהם צוגעזאגט, אז ער דארף זיך וועגען מיר פיל ניט באדערען. אזוי שנעל ווי איך וועל זיין פארטיג זיך צו אינשורען, וועל איך איהם שרייבען א פּאָסטעל קארד, אז ער זאָל קומען צו מיר. איידער אָבער איך האָב געענדיגט מיינע ווערטער האָט ער מיך שוין אונטערגעכאפּט זאגענדיג:

„ווייסט איהר, אז קיין מענש איז ניט זיכער מיט'ן לעבען? אָט וועל איך אייך דערצעהלען א פאקט: דאס איז געווען מיט א קורצע צייט צוריק.. האָב איך א מאן געוואלט אינשורען... האָט ער אלץ אָפּגעלייגט אויף שפּעטער... איך האָב זיך ביי איהם גע־בעטען... ער האָט אָבער ניט געוואלט... ער איז געווען א שטאר־קער מענש, א ריז, דארף זיך מאכען אז געהענדיג אין גאס האָט איהם א טריין דער'הרג'עט, און זיין פאמיליע איז געבליבען אָהן א סענט.. יעצט וואשט זיין פרוי וועש און די ארימע שעהנינקע קינדערלאך זיינע מוזען נעבאך פארקויפען פּייפּערס אין סטריט... עס איז א רחמנות, וואָס קען איך אָבער העלפען... ווען ער וואָלט זיך אָבער אינשורט אויף 10 טויזענט דאָלאר, ווי איך האָב איהם געהייסען, וואָלט ער דאָך איצט געווען אָלל־רייט... איהר מיינט, אז ער קען רוהען אין קבר, ווען זיי פרוי און קינדער דארפען ליי־דען הונגער? .. נו, זעהט איהר, אז א מענש דארף זיך אינשו־רען? ... מיר זיינען דאָך ניט מעהר ווי מענשען... מיר קאָנען שטארבען יעדע מינוט.... נו, נעהמט א פּאָליסי.. איהר וועט זעהן, אז איהר וועט מיר דאנקען... מען דארף ניט איינצאָהלען פאר'ן גאנצען יאָהר אויף אמאָל... פערטעל יעהרליך איז אויך גוט.. איהר דארפט מיר איצט בלויז געבען 3 דאָלאר פאר'ן דאָקטאָר, די אי־בעריגע 10 דאָלאר מיט 30 סענט וועט איהר מיר קענען געבען, ווען איך וועל אייך ברייננען די פּאָליסי... נו, שרייבט זשע אונטער..."

איך האָב פארשטאנען, אז דאָס איז א פארשלעפּטע קריינק, און איך האָב איהם ערקלערט, אז עס איז אומזיסט זיין ריידען. איך וועל איצט קיין פּאָליסי ניט נעהמען, און צווייטענס — האָב איך איהם געזאגט — בין איך יעצט קראנק.. דער דאָקטאָר וואָלט מיר זיכער ענטזאגט, ווען איך וואָלט איצט גענומען א פּאָליסי...

„דאָס איז גאר ניט — האָט ער מיר גלייך געענטפערט... אָט גראדע אין דעם געגענד, וואו איהר וואוינט, שיקט די קאָמ־פּאניע א דאָקטאָר, ביי וועמען איך האָב א פול.. ווען איך וועל איהם זאָגען, אז איהר זייט מיינער א שוועסטער־קינד, וועט ער

אייך שור דורכלאָזען... ער טוט פאר מיר אַלעס וואָס איך וויל... עס קאָסט אמאָל א הונדערטער... יו נאָו... אָבער עס איז אלעס ווערט... אָט האָב איך אנומעלט אינשורט א מאן פאר 20 טויזענט דאָלאר... קיין קאָמפּאניע האָט איהם ניט געוואָלט אריינגעהמען... וואס מיינט איהר, האָב איך געטאָן? געשיקט אהין „מיין" דאָקטאָר, און... אלעס איז געווען „אָ קעי"... נו, דארפט איהר מורא האָבען?.. נעהמט א פּאָליסי און איהר וועט זעהן, אז עס וועט זיין אָלל־רייט..."

איך בין שוין אביסעל ארויס פון געדולד. דער אַגענט איז מיר פארגעקומען ווי א מאשין, וואס ווערט געטריבען פון דער קראפט וואס רופט זיך „אינשורענס". אין דער צייט וואָס ער האָט גערעדט איז זיין גאנצער געדאנק, זיין גאנצער לעבען, זיין האָפנונג, זיין גליק און זיין שטרעבען געווען קאָנצענטרירט אויף איין פונקט, און דאָס איז: „א פּאָליסי".

ער האָט אויסגעקוקט צו זיין נאָך א גאנץ יונגער מאן, העכסטענס א יאָהר 30. ברענענדיגע אויגען, א פלינקע מויל. זיין יעדער ריהר און קעהר האָט אויסגעדריקט ווילענס קראפט, ענערגיע. און אין דעם זעלבען מאָמענט, ווען ער איז מיר געוואָרען איבערדריסיג, האָב איך דאָך געפיהלט, אז איך זעה פאר זיך אן אויסערגעוועהנליכען מענשען, א מענש וואס האָט א געוויסען ציל, און וועלכער ווענדעט אָן אלעס — זיין גאנצע קראפט, זיין גאנצע ענערגיע, און וועלכער מאכט זיך זאגאר ביז א געוויסען גראד לעבערליך, אום נאָר זיין ציל צו דערגרייכען.

עס איז שוין געווען שפּעטלאָך און איך האָב שוין געדארפט אוועקגעהן. זיך אויפהויבענדיג האָט מיר דער אַגענט ווידער אָנגעהויבען צו באַלעסטיגען מיט זיינע „פראגען". איך האָב איהם ערקלערט, אז יעצט איז זיין גאנצע ארבייט אומזיסט. שפּעטער וועל איך נעהמען א פּאָליסי און טאָקע נאָר ביי איהם...

איך האָב געזאגט „גוד נייט", און ווען איך בין שוין געווען ביים טיר, האָב איך באמערקט ווי דער אַגענט רוקט זיך ווידער צו מיין לאנדסמאן, וועלכער האָט שוין האלב געדרעמעלט...

# ספּרוזשינע מענשעלאך

איז געשטאַנען אַ איד אַרומגערינגעלט מיט פאַרשידענע שפּילצייג־אַרטיקלען פאַר קינדער. דער יונגע מאַן איז געווען „ביזי"; ער האָט „אָנגעצויגען" קליינע, בלעכענע מענשעלאך, און דיזע מענשעלאך האָבען גלייך אָנגעהויבען צו הויבען פיס און הענט, און זיי זיינען געגאַנגען ביז דער ספּרינג, די ספּרוזשינקע האָט אויפגעהערט צו „אַרבייטען". ער האָט זיי ווידער אָנגעצויגען, און זיי זיינע ווידער געגאַנגען, זיך ווידער אָפּגעשטעלט, א. ז. וו.

דער יונגערמאַן האָט, צווישען אַנדערע זאַכען, אויך געהאַט אַ בלעכענע מאַשינקע, וועלכע האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט, אַ מענשעלע וועלכער האָט געשטופּט אַ וועגעלע, אויף וועלכען עס האָט זיך געפונען אַ ליידיגע פעסעל. די גאַנצע „מאַכינאַציע" איז באַשטאַנען פון בלעך, און נאָר מיט דעם כח פון אַ ספּרוזשינקע האָט דער בלעכענער מענשעלע געשטופּט דעם בלעכענעם וועגעלע מיט דער בלעכענער פאַס. איז די ספּרוזשינקע „אויסגעגאַנגען", איז דאָס מענשעלע געבליבען שטעהן, ווייל קיין אייגענע כוחות האָט ער דאָך ניט געהאַט... ער איז בלויז געטריבען געוואָרען פון דער ספּרוזשינקע.

פילע מענשען האָבען זיך אָפּגעשטעלט קוקען אויף דעם, און איך בין אויך געווען איינער פון זיי. פילע מענשען האָבען געכאַפּט דאָס קינדערשע שפּיל־צייג, און זיי האָבען דאָס מיט זיך מיטגענומען אַלס ניי־יאָהר פּרעזענטען פאַר די קינדערלאך, אָדער אייניקלאך זייערע, און קויפענדיג דיזע אַרטיקלען האָבען זיי זיך געפרעהט; אויף זייערע פּנים'ער האָט זיך אַ גליקליכער שמייכעלע געשפּיגעלט.

* * *

איך האָב זיך צוגעקוקט צו דיזע בלעבענע מענשעלאך, און מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אז זיי זיינען לעבעדיגע מענשען מיט בלוט און פלייש; מיט קעפּ און מיט הערצער, ווייל פּונקט ווי אָט דיזע בלעבענע מענשעלאך, האָב איך געזעהן לעבעדיגע מענשעלאך, וועלכע באוועגען זיך נאָר דאן, ווען מען דרעהט זיי אָן... זיי זיינען ספּרוזשינע־מענשען; קיין אייגענע כוחות האָבען זיי ניט; זיי טוען נאָר דאָס וואָס אן אנדער מענש הייסט זיי טאָן... ווען די „אנדערע" ציהען אָן די „ספּרוזשינקעס" שלעפען זיי דאן; ווען די „אנדערע" ציהען די ספּרוזשינקעס אָן שטארק, דאן באוועגען זיי זיך האסטיג, שנעל, אָבער נאָר ביז וואַנען די ספּרוזשינקע טרייבט זיי... אזוי ווי די בלעבענע מענשעלאך, וועלען אויך אָט די לעבעדיגע־ספּרוזשינע מענשען געהן אין דער ריכטונג וואו מען שטעלט זיי אָן צו געהן. זיי געהען, אָדער לויפען מעכאניש. אָהן קאָפּ און אָהן שכל... אָפט מאָל שלאָגען זיי זיך אָן אָן א טעלעגראַף סלופּ, אָפט מאָל שלאָגען זיי זיך אָן אָן א שטיין, און זיי ווערען צושעדיגט, און אָפטמאָל פארקריכען זיי אין א בלאָטע און זיי קענען פון דאָרטען מיט זייערע אייגענע כוחות ניט ארויס־קריכען...

און זעהענדיג אָט די דאָזיגע לעבעדיגע מענשען, טוט מיר וועה מיין הארץ און איך האָב מיטלייד מיט זיי... איך פיהל, ווי צו זאָגען זיי: „ספּרוזשינע־מענשען, זיצט אין דערהיים, און לעבט ווי אייערע כוחות און אייער מיקראָסקאָפּישער שכל ערלויבען אייך צו לעבען, אָבער קריכט ניט אין קיינע בלאָטעס, ווייל קיינער וועט אייך פון דאָרטען ניט ארויסראטעווען... די, וועלכע האָבען אייך אין דער בלאָטע געטריבען, וועלען זיך פון אייך אפּטרייסלען ביי דער ערשטער און בעסטער „געלעגענהייט..."